

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע יידנטום

128

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פֿאַרלאַגס-לייטער:

אבֿרהם מישלבערג

די רשימה פון די דערשינענע ביכער — צום סוף פונעם בוך

יעקב גלאַטשטיין

# ווען יאַש איז
# געפֿאָרן



אַרויסגעגעבן דורכן

צענטראַל־פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע

בוענאָס־איירעס, 1957 — תשי״ז

הילע און שער־בלאַט:
מ. פייגענבלום

קאַפּיטלעך־צייכענונגען פון
פּ. מזל

דעם אָנדענק פון
מיין מאַמען

A jak poszedł Stach na boje,
Zaszumiały jasne zdroje,
Zaszumiało kłosów pole,
Na tęsknotę, na niedolę...

. . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . .

Stach śmiertelną dostał ranę,
Król na zamek wracał zdrowy...

**Marya Konopnicka.**

און אַז סטאַך איז צום קריג געגאַנגען,
האָבן גערוישט קלאָרע טייכן,
גערוישט האָבן זאַנגען אין די פעלדער,
אויף בענקשאַפט, אויף אומגליק...

. . . . . . . . . .
. . . . . . . . . .

אַ טויטלעכע וווּנד האָט סטאַך געקראָגן,
אַ געזונטער איז דער קיסר צו זיין שלאָס צוריקגעקומען...

מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ

# I

אַזוי גיך ווי די שיף האָט זיך אָפּגעריסן פון נאָפּל, האָב איך זיך גלייך דערפילט אין רשות פון די ספּעציעלע מאַרין־געזעצן. ערשט איצט האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס איך האָב נישט געקאָנט באַגרייפן ווי אַ סטודענט פון יוריספּרודענץ, פאַרוואָס מען דאַרף האָבן ספּעציעלע ים־געזעצן.

ווייל פּונקט אַזוי אומזיכטבאַר ווי עס איז דער איינפלוס פון דער לבנה אויפן וואַסער און, ווי אַ סך ווילן האָבן, אויף דער גאַנצער מענטש־לעכער פּסיכיק, אַזוי ווירקט אויך, אויף אַן אומפאַרשטענדלעכן אופן, דער ים אויף די פּאַסאַזשירן.

די טריט ווערן ווייכער, די מאַנירן ווערן זיידענער, די שטימען ווערן זינגעוודיקער. מען טוט זיך אַביסעלע ווייַ, כדי יענעם, דעם פרעמדן־אומבאַקאַנטן נישט ווי צו טון. די זשעסטן ווערן געטאַקטער, די מאָראַל און מאָראַל־באַגריפן ווערן געביטן — מען לעבט אונטער דעם מיסטישן מזל־ים און מען האַנדלט גאָר אַנדערש ווי אויף דער יבשה. טאַטע־מאַמעס שטרענגע רייד, וואָס זענען קינדוויַיז אין איין אויער אַריין און פון אַנ־דערן אַרויס, קומען דאָ גאָר גוט צונוץ — יעדער איינער דרייט זיך אַרום ווי אַ סטאַטעק, צווישן מענטש און מענטש און אַפילו צווישן מענטש און מענטשיכע וויגט זיך אַ פיינע זיידענע בריק. גוטמאָרגן־גוטיאָר און די בריק איז אַריבערגעשפּרייזט. כ׳האָב שוין איינוועגס אויך אָנגע־הויבן צו פאַרשטיין דעם צערטלעכן טייטש פון שיפברידער און שיפ־שוועסטער.

דאָ דאַרף מען זיך נישט זאָרגן וואָס מען ווערט אַליין אַנדערש, ווייל דער אַנדערער ווערט אויך אַנדערש. לגבי די אַלטער עגאָס פון דער

יבשה טרעפֿן זיך דאָ גאַנץ ווילד־פֿרעמדע מענטשן און פֿונדעסטוועגן, זוונדער איבער וווּנדער, ווערט יעדער איינער אַנדערש אַנדערש און אויף אַזאַ אופֿן ווערט אָנגעהאַלטן דער ליבער באַלאַנס פֿון גאָטס וועלטל און זיינע פֿאַרשיידענע ברואים אַפֿילו דאָ־אָ, ווו מען טרעט אויף ווייכע אָפּצאַסן און מען דערקענט קוים די אייגענע שטים.

איך האָב געזוכט אַ ווייט ווינקל ווו איך זאָל קאָנען, אָפּגעזונדערט פֿון אַלעמען, מיט אַלע ציין איינגאַנצן איינבייסן דעם צאַפּל אין מיר. די רויטע, געלע און גרינע פֿייערלעך פֿון שיפֿלעך, האָבן זיך ווי עקזאָטישע ים־פֿלאַנצן, געחנדלט מיט אונדזער שיף, וואָס האָט אָנגעהויבן שאָפֿן אַרום זיך אַלץ אַ גרעסערן און גרעסערן קרייז פֿון איינזאַמקייט. אַנטלויפֿן און שנעלער איבערלאָזן די סענטימענטאַלע דערמאָנענישן פֿון קרובים, צוגעבונדנקייט און טעראַ־פֿירמאַ. די „אָלימפּיק‟ האָט זיך אָפּגעריסן פֿון דער ערד און איז גלייך געוואָרן אַ פּלאַנעטל פֿאַר זיך, מיט אַן אייגענער באַפֿעלקערונג, אַן אייגן לעבן און אַפֿילו אַן אייגענעם אומגעזעענעם מנהיג, וואָס אַז דו ווילסט קאָנסטו פֿאַרלייקענען זיין עקזיסטענץ און זיך פֿילן פּונקט אַזוי גליקלעך און צופֿרידן.

איך שטיי אָנגעלענט אויף דער פּאַרענטש און האָב די חוצפּה צו ציטירן זיך אַליין. ערגעצווו האָב איך שוין געזאָגט, אַז די וועלט ווערט איינגעטיילט אויף צוויי פֿאַרשידענע ראַסן: מענטשן וואָס האָבן יאָ אַ מעגלעכקייט אַרומצופֿאָרן און מענטשן וואָס זענען פֿאַרשאָלטן צו פֿאַרבלייבן אויף אַן אָרט.

פֿינף יונגע בחורים שטייען אויך אָנגעלענט און קוקן צום אַהין ווו עס זעען זיך נאָך פֿייערלעך און ס'שמעקט נאָך מיט ברודיקן האַפֿן־זאַסער. זיי קוקן אַרונטער אין ים, וואָס ווערט אַלץ שוואַרצער און געדיכטער. מען הערט בלויז דאָס שטילע שפּילעוודיקע שעפּטשן פֿון קליינע שטראָמעלעך, וואָס פּלאַצן ווי זייפֿנבלאָזן אין באַריר מיט דער שיף.

די פֿינף שטאָלצע יונגען זענען דאָס דער אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט אַ מינאָר מעלאָדיעלע צום אָפּפֿאָרן.

פֿאַרוואָס שפּילן זיי נישט אַ פֿריילעכס האָבן געפֿרעגט אַ סך וואָס האָבן געפּאָכעט די פּאַטשיילעס מיט די לעצטע כוחות צו זייערע קרובים. עס איז זיי געווען גענוג טרויעריק אויפֿן האַרצן אָן דעם טרויעריקן

ניגונדל. כאָטש יעדער פון זיי האָט אַליין מיט דעם פרייען ווילן אונטער־געגומען די רייזע, האָבן זיי איצט ביים לעצטן ריס פון דער שיף גע־שפירט ווי מען וואָלט זיי מיט געוואַלט אָפּגעריסן פון זייערע נאָענטע. קיין פאַרגיטיקונג דערפאַר זעט זיך נאָך דערווייל אויך נישט, ווייל דאָ, אויף דער שיף, איז נאָך אַלץ אַזוי אָנגעוואָרפן, אומבאַשטימט און פרעמד.

פאַרוואָס שפּילן זיי נישט עפּעס אַ פריילעכס?

דער פּראָטעסט־אויסרוף איז אויפגעכאַפּט געוואָרן ווי אַ שלאַגוואָרט אין אַן אויפשטאַנד. דאָס אָרקעסטערל האָט דאָס זיכער געהערט און זיי, די יונגע בחורימלעך, מיט מאַמעס־מילך־ליפּן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם פאָלקס־צאָרן און זיי האָבן אין זייער פאַרלוירנקייט פאַרבלאָנדזשעט צו נאָך אַ לויהדיקערן מאָטיוו, וואָס האָט פאַרכאַפּט ביי דער זיבעטער ריפּ. דער עולם האָט שוין נישט געהאַט קיין ברירה און יעדער איינער האָט זיך איבערגעגעבן אין רשות פון דער טרויעריקן לידל.

ווען איך האָב זיי געזאָגט, אַז מיר איז געפעלן זייער אָרקעסטערל און אַז ביי מיר האָט גראָד אויסגענומען וואָס זיי האָבן דווקא געהאַט דעם מוט נישט צו שפּילן סקאַרבאָווע דזשאַז, האָב איך אין זיי אַריינגעזעצט נייע נשמות.

זיי זענען געווען אַ רעכט ביסל דערשלאָגן. זיי האָבן געפילט, אַז זיי זענען גלייך דורכגעפאַלן ביים סאַמע אָנהייב פון דער רייזע.

די 18—19 יעריקע בחורים קומען פון וועסט־ווירדזשיניע אוניווער־זיטעט ווו זיי האָבן געשפּילט אין דעם אוניווערסיטעט־אָרקעסטער. האָט זיי געטראָפן אַ גרויס גליק, וואָס דער דיען1) האָט זיי אויסגעקליבן און רעקאָמענדירט פאַר אַ קורצער רייזע — צוויי וואָכן הין־און־צוריק איבערן ים און אַ וואָך אין פּאַריז. פאַר די הוצאות דאַרפן זיי אָפּשפּילן.

פיר שיינע, שטאָלצע, הויך־געוויקסיקע יונגען און דער פּינפטער, אַ קורצער און אַ פּעסלדיקער, שפּילט דווקא נישט די פּויק נאָר דאָס פידעלע. אָבער אַלע זענען ווי ערשט אַרויס פון דער נאָדל. פיין באַנייט, באַשטעפּט און באַשוכט. אויף די קליידער זעט זיך נאָך דער לעצטער גלעט פון דער מאַמען און ביי איינעם האָב איך, דאַכט זיך, באַמערקט אַ טרער.

1) דיען — אוניווערזיטעט־פאָרשטייער.

דער זידלעכער ענגליש קייקלט זיך אַרויס פון מויל און ס׳קומט אַלע־מאָל דאָס ריכטיקע וואָרט אויפן ריכטיקן פּלאַץ. זיי דערפרייען זיך מיט מיר ווי מיט אַן אבן־טוב. איך בין דאָך דער ערשטער פרעמדער, מיט וועמען זיי האָבן זיך באַקענט. איך ווער איבערגעגעבן גאַלאַנט פון איינעם צום אַנדערן.

ס׳גלוסט זיך זיי נישט שלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט וועלן זיי אויף זיין, ביז עס וועט פאַרשווינרן דער לעצטער ערד־פלעק. זיי זענען פול מיט אַן אי־נערלעך ציטערניש. זיי וועלן זען פּאַריז מיט די אייגענע אויגן. זיי וועלן עס זען יונגערהייט, אין די בעסטע בליִענדיקע יאָרן, ווען מען קאָן נאָך הנאה האָבן.

איך זאָג, אַז איך בין זיי אַזש מקנא מיט דעם גרויסן גליק און זיי צעלאַכן זיך, ווען זיי געפינען אויס אַז איך וועל אויך זיין אין פּאַריז.

איך זוך אין זיי כאָטש אַ סימן פון דעם לייכטזיניקן אַמעריקאַנער קאַלעדזש־באָי 1) און איך געפין נישט קיין שפּור. זיי שפּילן שיין און איידל זייער נייע ראָל אויף דער שיף.

און פּלוצים הייב איך אָן הערן ווי ביי מיר אַליין ווערט דער אַקצענט אַ סך יענקיוואַטער 2) ווי אויף דער יבשה. די צונג מאַכט אַקראָבאַטישע שטיק. איך הייב אָן געבן שוויגנדיקע ענטפערס אויף אַ סך פראַגן און אַ סך ענטפערס מיינע שטימען נישט אינגאַנצן מיט דער פּינקטלעכקייט.

איך צייכן לאַנגזאַם אָן אַן אַנדער מענטש. כ׳דערקען זיך כמעט נישט. ס׳וואַקסן מיר אָן פליגל און עס געשען מיט מיר שנעלע פאַסירונגען, ווי ביי עליס אין וואונדערלאַנד 3). אָט, זאָלן פינף יונגע קאַלעדזש־סטודענטן נישט מיינען, אַז זיי האָבן אויף זייער ערשטער ים־רייזע געטראָפן אַ ליאַדע וועמען פאַר זייער ערשטן באַקאַנטן.

און איך שפּיל אויך מיין נייע ראָלע מיט עלעגאַנץ און פיינע מאַנירן.

די בחורים האָבן געפּלאַפּלט וועגן זייער קאַלעדזש־לעבן, וועגן זייערע מיידלעך, וועגן זייערע עלטערן, וועגן פּאַריז ווו מען קען זיך אינגאַנצן אויסליידיקן און מ׳זאָל דאָך צוריקקומען אָפּגעפרישט, פאַר זייערע צוקונפ־

---

1) קאַלעדזש באָי — אוניווערזיטעט סטודענט.
2) יענקיוואַטער — אַמעריקאַנישער.
3) עליס אין וואונדערלאַנד — קלאַסיש ענגליש ווערק וועגן אַ כישוף־חלום.

טיקע פּראָפּעסיעס און פֿליכטן צו דער געזעלשאַפֿט. זיי האָבן געשטעלט פּראַגנאָזעס וועגן ניו־יאָרק, וועגן קאָמוניזם און גערעדט מיט גרויס באַגייס־טערונג פֿון רוזוועלטן.

אויפֿן אַנדערן טאָג איז מיר געווען אַ ווייטיק און אַ שאָד. בעת אַלע זענען געשלאָפֿן האָט אַ פֿעסטע האַנט גענומען און אונדז אַלעמען איינגע־טיילט אין קלאַסן. אויס יום־טוב און צוריק צו האַרטע גורלדיקע פֿאַקטן. דער וועג צום ערשטן קלאַס איז פֿאַרצאַמט און דער וועג פֿון דריטן צו אונדזער קלאַס איז פֿאַרשלאָסן.

די אויסגעפּוצטע מוזיקאַנטן קוקן אַרויף צו מיר און שעמען זיך מיט זייער נידעריקן שטאַנד און איך קוק אַרונטער צו זיי און שעם זיך פֿאַר זיי מיט מיין בורזשואַזקייט.

און מיר האָבן ערשט נעכטן זיך געזעגנט ביז מאָרגן.

II

די וואָס זענען גלייך געקומען אויף דער שיף געפֿאָרט זענען די אומאינטערעסאַנטסטע און דאַכט זיך די איבעריקסטע. עפּעס ווי זיי וואָלטן פֿאַרגעזעצט אָן איבעררייס דעם אָנגעצייכנטן שלאָפֿצימער פֿון זייער לעבן.

גייען זיי טאַקע אַרום געאָרעמט, כלומרשט שטאָלץ און האָפֿערדיק. זיי האָבן שוין דאָס וואָס אַנדערע זוכן ערשט מיט די אויגן און האָפֿן צו געפֿינען. אָבער וואָס אַ שעה ווערן די געפֿאָרטע געפֿאַלענער ביי זיך. ביי אַלע אַנדערע איז די גאַנצע שיף איין גרויסער, פֿרייער אויסוואַל און זיי זענען נעבעך פֿאַראורטיילט איינער צום אַנדערן.

די ערשטע נאַכט מאַכן די שוין־געפֿאָרטע גאָר אַ פֿריקרען איינדרוק. זיי גייען אַרום און שעפּטשען איינער צום אַנדערן, קלאַמערן זיך איינער אין אַנדערן, צערטלען זיך, שפּילן אָפּ דעם פֿולן ערב פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער שיף. געוויינלעך איז זי אים שטאַרק דאַנקבאַר פֿאַר דער צו־זאַמענדיקער רייזע אויפֿן ים און זי קוקט אים אין די אויגן, און ווי הויך זי זאָל נישט זיין, טוליעט זי זיך צו אים אַזוי, אַז זי קוקט אַרויף צו אים.

און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז פֿאַרשווינדן זיי רווישלאָז און ס׳בלייבן די איינזאַמע, די נישט־געפֿאָרטע. די ערס וואַרפֿן זיך דורך מיט ווערטער,

וואָס קעגן נאַכט זענען זיי טרוקן ווי ביין. די איינזאַמע זיס ווערן באַשמעקט ווי פון הינט און עס גייט אָן אַ שטילע, מוראדיקע קאָנקורענץ ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין.

איך בין אַנטלאָפן אין דעם מענערשן גן־עדן, אין דעם שענקל אַריין, און בין אַריינגעפאַלן אין אַ געבעטן שטול. אונטער מיר האָט זיך דער דיל געצירט, און איך האָב זיך געפילט ווי אויף אַ וויג־שטול.

די קעלנערס זענען גרייט. זייערע איידעלע, שטילע באַנעמונגען האָבן מיך נאָך שלעפערדיקער געמאַכט און אַ געפיל האָב איך געהאַט, ווי כ׳וואָלט געזעסן ביים שערער אויפן שטול און זיך איבערגעגעבן זיינע ווייכע, מאַסאַזשירנדיקע הענט.

כ׳באַשטעל אַ טרונק און וואַרף אַ מטבע אַזוי אַקטיאָריש־קונציק אויפן טיש, אַז איך ווער איבעראַשט — ס׳שלאָגט פון מיר מיט גענימקייט. דער קעלנער פאַרנייגט זיך און גייט שנעל אָפּ מיט כינעזישע טריטעלעך צו אַן אַנדערן. כ׳בין צופרידן, וואָס מיר איז געלונגען צו צאַמען מיין יאָלדיש־קייט, כ׳בין גליקלעך וואָס מען קאָן נישט אַרונטערשרייען פון מיין פנים אַז — רבותי דאָס איז מיין ערשטע רייזע אויפן ים אין 20 יאָר (און וויפל רייזעס משטיינס־געזאָגט מאַכט אַ נאַש־בראַט אין זיין לעבן?).

קיינער זעט עס נישט אויף מיר, כאָטש אין מיר וואַקסט אַ מאָדנער געפיל, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס כ׳האָב שוין אין מיין לעבן געטון אַ סך מצוות און עבירות פון אַ דערוואַקסענעם, בין איך ערשט איצט געוואָרן אַ לייט און אַ דערוואַקסענער מענטש. אָקאָרשט־איצט, ווען דער דיל וויגט זיך אונטער מיר און איך פיל זיך געשליידערט אויפן אייגענעם באַראָט אין אַ שיף.

ביי אַ זייטיק טישל, האַרט ביי דער וואַנט, זיצן צוויי שיינע יונגע מיידלעך. דער קעלנער איז שוין פינף־זעקס מאָל געווען ביי זיי, אַוועק־גענומען ליידיקע גלעזלעך און צוריקגעבראַכט פולע. זיי רייכערן און לאָזן אַרויס פיפיק דעם רויך מעשה דערוואַקסענע, מיט אַלע פליטערלעך, און צווישן איין צי און אַנדערן גיבן זיי אַ זופּ. זיי האַלטן זיך די הענט און קוקן זיך ווי געליבטע אין די אויגן.

די אויגן ביי זיי זענען רויט אין דערשראָקן. זיי קוקן אויס ווי איצט־אָ אין דער ערשטער נאַכט פון דער רייזע האָבן זיי שוין פאַרשיכורט זייער

צניעות. זיי רוקן זיך נענטער איינע צו דער אַנדערער. זיי זענען שיין און פֿיין־געפֿורעמט, כאָטש זיי האָבן אַביסל צופֿיל קערפּער פֿאַר דעם דורכ־שניטלעכן אַמעריקאַנער מיידל. זיי שוויגן און ווען עס פֿאַלט פֿון זיי אַ וואָרט, גליטשט זיך עס אַרונטער ווי אַ שעפּטש און עס ווערט אַביסל אומהיימלעך צו קוקן אויף זיי און אויף זייערע פֿולע קערפּערס, וואָס זענען איצט ווי איין ברענענדיקער סיאַמער צווילינג.

די קעלנערס קוקן אַוועק. די עטלעכע פֿאַסאַזשירן מאַכן זיך נישט זעענדיק. בלויז איינער, אַ טויט־שיכורער (וואָס עס איז אַ וווּנדער, ווי ער האָט באַוויזן שוין, אין אַזאַ קורצער צייט פֿון אָנהייב רייזע, אַזוי צו פֿאַר־טרינקען דעם קאָפּ), לאַכט הויך אויפֿן קול און האָט גרויס הנאה, קוקנדיק אויף די צוויי יונגע מיידלעך. ער לאַכט אַזוי לאַנג, ביז ער פֿאַרטרייבט זיי. זיי וואַקלען זיך ביידע אַרויס געאָרעמט פֿון באַר און ער וואַרפֿט זיי נאָך אַ לופֿט־קוש.

דער שיכור און איך זענען פֿאַרבליבן די איינציקע אין באַר. ער רופֿט מיך צו און צווינגט מיך דווקא אויסצוטרינקען אויף זיין חשבון, כאָטש ער דערקלערט זיך פֿאַר מיר גאַנץ אָפֿן אין שנאה. דער טייוול ווייסט פֿאַר־וואָס ער האָט זיך אַריינגענומען אין זיין שיכורן מוח אַז איך בין אַ דייטש און דייטשן האָט ער, דער שאָטלענדער, פֿיינט. עס העלפֿן נישט אַלע מיינע פֿאַרזיכערונגען. ער וויל בלויז וויסן איינס —

האָב איך פֿאַרלוירן דעם קריג אָדער נישט? גיב איך צו אַז איך, דייטש, האָב געכאַפּט אַ מפּלה אָדער איך בין נאָך אַלץ פֿאַרריסן־שטאָלץ ביי זיך?

ער שלעפּט אַ פֿאַרשמאָלצענעם ענגלישן פּאַספּאָרט פֿון בוזעם־קע־שענע און ער קלאַפּט זיך אין ברוסטקאַסטן און שווערט, אַז אויב איך וועל נישט צוגעבן, וועל איך טייער באַצאָלן אין דער קומענדיקער גרויסער וועלט־מלחמה, ווייל ער וועט דאָרט זיין צו העלפֿן דערלאַנגען דעם לעצטן קלאַפּ. ער זאָגט וויצלאָזע וויצן אויף מיין „דייטשן" חשבון און ער הירזשעט.

ער איז הויך, פֿעסט, זומער־געשפּרענקלט, ער האָט אַ שטאַרקן קאָפּ און שטאַרקע האָריקע הענט. דער קאָפּ זיינער לאָזט מיט יעדן טרונק אַרונטער פֿון דער אייגענער ווירדע, און די צונג קאָן שוין נישט פֿאַר־

קניפּן קיין וואָרט מיט אַ וואָרט. אָבער ער באַשטעלט אַ נייעם טרונק און ווערט אַנטשלאָפן אויף זיין ענגלישן פּאַספּאָרט.

איך ליג אין מיין מולטער ביי זיך אין דער קאַבינע און ס׳וויגט מיך אַהין און אַהער. שלעפעריקערהייט דערמאָן איך זיך אין פישל־דוד מלמד וואָס פאָרט אַהיים אויף יום־טוב אין אַ מולטער.

און איך פאָר אויך אַהיים, אַהיים, אַהיים, אַהיים, צום טאַקט פון וויגן ביז כ׳האָב שוין נישט קיין כוח צו האַלטן די אויגן אָפן.

## III

אויפן צווייטן טאָג איז דערשינען דאָס באַרימטע פּאָרל הימל־און־וואַסער. אויף דער שיף האָט געהערשט אַ פעסטע איינגעשטעלטע רוטינע, ווי מיר וואָלטן שוין געפאָרן חדשים. אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק, מאַשי נאָווע און מעטאָדיש.

איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסער מאַדים אויף אָריענטירן זיך — אינדערפרי האָב איך בשום־אופן נישט געקאָנט באַשטימען, ווו איך בין נעכטן ביינאַכט געשטאַנען און געגאַנגען. די זון־דעק האָט לכתחילה אויסגעזען אַזוי ווי אַ צוגעטיילטער קאָרגער טורמע־שפּאַציר. אָבער ביס־לעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צו גיין אַרום און אַרום נאָכן עסן און צו שפּירן דעם טעם, ווי מען וואָלט זיך טאַקע דורכגעגאַנגען. אָבער אַזוי ווי יעדער מאָל האָבן אויפגעשמייכלט די זעלבע פּנימער ביים אַהין און צוריק, און אַזוי ווי די שיף האָט זיך קוים־קוים געהוידעט און אַזוי ווי די זון האָט געגלעט מיט אַ קעצלדיקער ווארעמקייט, האָט דער שפּאַציר אויפן דעק גענומען אויסזען ווי אַ פיינער איינגעשטודירטער טאַנץ. אַפילו די וואָס זענען געזעסן אויף די דעק־שטולן און אַריינגעזשליאָקעט גאַנצע שטיקער עולם־הזה, האָבן אויך אויסגעזען ווי אַ טייל פון דער טאַנץ־טרופּע.

אָבער דאָס וואָס די שיף האָט זיך קוים־קוים באַוועגט האָט געגעבן אַ געפיל פון אַ ריזיקער יאַכט, וואָס האָט אונדז אַלעמען אַרויסגענומען אויפן מיטן ים און האָט זיך פאַראַנקערט אויף עטלעכע טעג. קיין שענערן און רויקערן שטיק ים האָט די יאַכט אונדזערע נישט געקאָנט אויסזוכן

קיין בלויערן הימל אויך נישט און קיין צירלעך־מאַנירלעכערע געזעל־שאַפֿט אוודאי נישט.

דאָס איז אַ חלום און נישט קיין רייזע. פֿאַרן קיין אייראָפּע זאָל מען נאָר סוף יוני — אָנהייב יולי. אַמאָל איז ער געפֿאָרן אָקטאָבער. אָהאָ — אָהאָ — האָט ער געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. ער איז געווען קראַנק ווי אַ הונט. ער האָט געווערזעט דעם גאַנצן וועג, ווייל די שיף איז גע־גאַנגען אָט־אַזוי־אַ — ער ווייזט מיט דער האַנט ווי די שיף האָט זיך שיעור נישט איבערגעקערט.

מיין שכן אויף דער וואַרעמער באַנק רעדט אַ פֿאָרזיכטיקן ענגליש, נאָר מיט סין, ווו מען דאַרף אַ שין, ווי אַ געבראָטענער ליטוואַק. אָבער דער סיבוילעס האָט שווערע הענט, ברייטע פּלייצעס, אַ גרויסן שווערן קאָפּ, וואָס ליגט אויף אים פֿאַרמלאָז, ווי אַ הייפּט קרויט, שאַרפֿע קינבאַקן, בלוי־וואַסערדיקע ערלעכע אויגן און שווערע צעפּאַטלטע ברעמען. איך בין געווען זיכער אַז ער קומט נישט פֿון דער ליטע.

ער קוקט אויס האָרעפּאַשנע און רעדט אינטעליגענטיש. ער קלייבט די ווערטער ווי אַרבעס און בראַקירט די ערגערע. ער געפֿינט שטענדיק אויס אַן אָפּגעפּוצט וואָרט, וואָס ער באַפֿלעכט מיט סטענגעלעך אַרום און אַרום — מיט אַן עקזאַקטן אַדיעקטיוו און מיט אַ פֿיינעם ווערב. ער האָט אַביסל אַ הייזעריקע שטים, אָבער דאָס קול קומט נישט פֿון האַלדז, נאָר פֿון האַרץ.

ער ווייזט מיר אָן אויף אַ וואָלקנדל, אַ דיניטשקן וואָלקנדל, וואָס ליגט נאָך אין די וויקעלעך און ער ווייסט שוין צו וואָס פֿאַר אַ קאַטעגאָריע עס געהערט, ווייל, פֿאַרטרויט ער מיר, ער איז אַ לערער.

פֿון וואָלקנס?

ניין! — צעלאַכט ער זיך מיט אַ געזונטן פֿויערשן געלעכטער — פֿון פֿיזישער געאָגראַפֿיע אין אַ מיטלשול אין סקענעקטעדי 1).

כ׳האָב אַלע מאָל ליב געהאַט דעם קלאַנג פֿון סקענעקטעדי. סקענעק־טעדי! ווי מען צעקנאַקט אַ האַרטע טערקישע נוס. און כדי אים צו ווייזן, אַז ערגעצוווּ אין מיין מוח איז פֿאַראַן אַ שטיקל סדר, האָב איך אים צו־געוואָרפֿן דעם נאָמען שטיינמעץ.

1) סקענעקטעדי — שטאָט אין ניו־יאָרק שטאַט.

אַ פראַגע צי ער האָט געקאָנט דעם עלעקטרישן מכשף. אָט־דאָס איז אַ מענטש. אָט־דאָס איז געווען אַ סאָציאַליסט! אָט־דאָס איז געווען אַ גייסט! ער איז געווען אַ שטילער, בנעימותדיקער און צוגעלאָזענער און אַזוי אַן אָנשטעל האָט ער געקאָנט רעדן צום מינדסטן מענטשן ווי צו אַ ברודער.

דאָס וואָרט סאָשעליסט האָט מיין שכן אויף דער באַנק אַרויסגערעדט מיט אַ נאָסטאַלגישן פּייערל אין די בלויע אויגן. די הייזעריקע שטים זיינע האָט דאָס טרוקן־וויסנשאַפטלעך וואָרט אַזוי פאַרצערטלט, אַז עס איז אַרויסגעקומען מיט אַ צאַפּל. מיט די שווערע הענט ווי פון אַ סטאָליער־מייסטער האָט ער זשעסטיקולירט און זשעסטיקולירט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אַ האַנט אַרונטערגעלאָזט אויף מיין פּלייצע, ווי אַן אַלטער גוטער ברודער, און ער האָט נאָך אַמאָל באַשטעטיקט:

יעס סער! ער איז געווען אַ סאָשעליסט!

פּלוצים האָט ער אַרויסגעכאַפּט דעם זייגער און זיך גיך אויפגעהויבן פון באַנק.

עס איז אים געווען זייער אָנגענעם און ער וועט גלייך קומען פאַרזעצן דעם געשפּרעך, אָבער איצט איז ביי אים, זאָל איך אים טויזנט מאָל אַנטשולדיקן, שטולגאַנג־צייט. העי! העי! האָט ער מיר ווידער גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ־געטון איבער דער פּלייצע, אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מענטש. ער האָט זיך צוגעוווינט צו אַ באַשטימטער שעה און אַ באַשטימטער מינוט ווען ס׳מאַכט זיך אַמאָל אַ פאַרהאַלט, מוז ער גלייך עפּעס איינגעמען, אַבי צו זיין אין צייט, ווייל דאָס איז זייער וויכטיק. אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מאַשין.

לייענט עפּעס דערווייל ביז איך וועל צוריקקומען — גיט ער מיר אַ שליידער אַ בינטל בראָשורן און פונוויטנס שטייט ער נאָך אַ ביסל און וערט שיעור צעקנאַקט פון געלעכטער, ווען ער זעט אַז איך בין געפּלעפט פון דער פרעמדער שפּראַך.

שוועדיש? שריי איך צו אים.

ניין, דעניש!

איך בלעטער די בראָשורן. שווערע, האַרטע סקאַנדינאַווישע ווערטער ווי טשוועקעס זענען אונטערגעשטראָכן מיט בלייפעדער און אַרויסגעפירט מיט פּשטלדיקע באַמערקונגען אויף ענגליש ווי מאַרגינאַליאַ.

איך בלעטער אַהין און אַהער ביז ווערטער הייבן זיך אָן באַקענען מיט מיר און זיך פֿאַרנייגן. כ'הייב אָן דערזען די אַלטע טעווטאָנישע וואָרצלען אונטער די פֿאַרשטעלטע דענישע קליידלעך.

אויף אַ צווייטער ברייטער באַנק לעבן מיר ליגט אַ יונגערמאַן מיט דעם גאַנצן בויך צו דער זון. זיין פּנים איז באַשמירט מיט פֿעטס ווי אַ סגולה קעגן אָן אָנברען. דאָס פֿעטס גלאַנצט און שמעלצט זיך.

לעבן אים ליגט אַ צווייטער. ער ליגט אויף אַ זייט און אַלעמאָל עפֿנט ער אַ נערוועז אייגל, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן אויב מען ליגט נאָך לעבן אים.

דער יונגערמאַן וואָס האָט אונטערגעטראָגן דער זון זיין גאַנצן בויך מיט דעם גאַנצן ברייטן ברוסטקאַסטן אונטער דעם סוועטער, וואָס איז אַזוי פֿאַרקאָלנערט, אַז דער האַלדז זעט אויס ווי צוגעוואָרגן, וואַרעמט זיך און מעלה־גירהט טשואינג־גאָם 1) פּלעגמאַטיש. ער דרימלט אונטער, כאַפּט זיך אויף און גיט אַ קיי.

ער ענטפֿערט נישט גערן ווען איך רעד צו אים, און וואָס ער ענטפֿערט יאָ קומט אַרויס שלעפּעריק; און יעדער מאָל ווען ער רעדט מער ווי דריי־פֿיר ווערטער, עפֿנט דער שכן זיינער אויף דאָס נערוועזע אייגל, האַלב מיט געבעט און האַלב מיט צאָרן, ווי איינער רעדט, אַז ס'איז שוין צייט צוצומאַכן — האַקט ער אָפּ אינמיטן און ווערט אינגאַנצן פֿאַרשוויגן.

ער האָט אַביסל פֿאַראיבל אויף מיר. די צעפּלעטשטע נאָז, אָן איינגעפֿאַלענע הילצערנע חורבה, אָטעמט ווי אַ לאָקאָמאָטיוו. ס'פֿאַרדריסט אים אויף מיר, וואָס איך ווייס נישט ווער ער איז בעת אַלע קאָנען אים דאָ — אַלע. דער שכן זיינער עפֿנט דאָס אייגל מיט תּחנונים, און גיט מיט מימיק צו פֿאַרשטיין, אַז מיט יעדער וואָרט גייט מען איבער זיין ברויט, ווערט ער אָנטשוויגן.

און פּלוצים גיט ער זיך אַ זעץ אויף מיט אַ קוראַזש, ווי ער וואָלט געמאַכט אַ רעוואָלוציע קעגן זיין „מאַן־פֿרייטיק" און ער ביוזערט זיך אָן אויף מיר, דאָסמאָל שוין נישט מיט קיין קאַרגע ווערטער. הלמאי קאָן איך אים נישט? גיי איך גאָרנישט צו קיין פֿייטס 2)? (זיין פֿרייטאָג האָט זיך

1) טשואינג גאָם — קײַ־גומי.
2) פֿײַטס — באָקס, פֿויסט־קאַמף.

מיישב געווען, אַז ער קאָן נישט באַהויפּטן צו ליגן ווען זיין ברויט האָט געעפּנט דאָס מויל, האָט ער זיך אויך אויפגעזעצט צו האַלטן אַן אויג.

באַרני ראָס, ווייס איך ווער עס איז? האָט ער געקאָנט איצט זיין באַרני, ווען דער נעגער, אַ פינצטער יאָר אויף אים (דאָס וואַרפט ער מיר אַריין גראַטיס אויף יידיש) וואָלט אים נישט געווען געסטאַפּט 1). אַ שוואַרצער חלום אויף דעם שוואַרצנס קאָפּ. אַלעמען איז געווען לייכט צו באַזיגן, אָבער ווען ס'איז געקומען צום נעגער האָט גאָרנישט געהאָלפן. האָט ער איינגעפּאַקט און איז אַרויס פון גאַנצן עסק. געעפנט אַ סטאָרקע 2), אָפּגע־מוטשעט זיך, אָבער די סטאָרקע איז נישט געגאַנגען. זיין מאַמע אַלעוואַ־שאָלן איז געשטאָרבן און איצט האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן אַ צוריקקום. יעס, סער, ער קומט צוריק! (זיין שכן וואַרפט אַ בייז אויג אויף זיין הער־קולעס. ס'פנים קנייטשט זיך אים, ווי ער וואָלט געהאַט בויך־קרעמפּן). די פּרעסע טאָר נאָך נישט געוואָר ווערן וועגן דעם. פריער פאָרט ער קיין פאַריז, שפּעטער קיין לאָנדאָן און נאָך עטלעכע פּייטס אין אייראָפּע וועט ער צוריקקומען זיך אָפּצורעכענען מיט דעם נעגער. אַ שוואַרצע חגא אויף אים! אַלעמען באַזיגט, דאַרף אַ שוואַרצער אים סטאָפּן.

אַ שאלה אַביסל צי ער קאָן יידיש? וואָס איז ער אַ טערק? ער איז געקומען פון פּוילן, ווען ער איז שוין געווען אַ יונג פון צוועלף יאָר. זיין מאַמע אַלעוואַשאָלן איז געווען פאַרקאָכט אין פרומקייט. דאַווענען, נישט! אָבער ציצות — יעס סער!

פון דער מאָרדע און פון דער איינגעפּאַלענער נאָז גיסט זיך שמאַלץ. ער פאַלט צוריק אויף דער באַנק און דער שכן זיינער, וואָס האָט נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט, לייגט זיך צוריק און ווידער אויף אַ זייט.

פּלוצים גיט דער פּייטער אַביסל אַ הייב־אויף דעם קאָפּ מיט אַ שטיקל פלייצע און ער גיט אַ שאָס אַרויס, דאָס מאָל שוין אינגאַנצן אויף יידיש.

סער, וואָס פאַר אַ יידישע בעסטעדס 3) דרייען זיך דאָ אַרום. קיינער וויל זיך דאָ נישט אַרויסגעבן פאַר אַ יידל, כאָטש גיב זיי דרעק צו קייען. איין היטלער איז פאַר זיי ווייניק, פאַר די בעסטעדס.

1) געסטאָפּט — אָפּגעשטעלט, געמאַכט אַ סוף צו דער קאַריערע.
2) סטאָרקע — געוועלבל.
3) בעסטעדס — ממזרים.

דער פֿרייטאָג זיינער גיט אַן עפֿן־אויף אַן אייגל און דער פּרייז־פֿייטער גיט זיך איינגאַנצן אונטער. ער פֿאַלט צוריק אויף דער באַנק און הייבט־אָן צו מעלה־גירהן שנעל דעם טשואינג־גאַם.

# IV

אויף דער שיף דערשפּירט מען אַביסל דעם ווערט פֿון מענטש. אין אימפּעט פֿון דער טאָג־טעגלעכקייט ווערט פֿאַרלוירן דאָס געפֿיל פֿאַר דראַ־מע, טראַגעדיע און קאָמעדיע, וואָס איז פֿאַרקערפּערט אין יעדער פּיצל לעבן. ס׳ווערן פֿאַרלייגט און פֿאַרבעלמעט די ספּאָנטאַנע קינדישע אויערן און אויגן וואָס הערן און זעען מיט ווונדער.

אַפֿילו אייגענע נאָענטע נאָענטע חברים זעט מען אויך נישט. דער צענטער פֿון אַלע צענטערן איז דער אייגענער אימפּעט; די נאָענטסטע זענען בלויז מיטטענצער, מיטשפּרינגער און מיטלויפֿער. אַלע זענען סטאַטיסטן אין דער גרויסער איך־דראַמע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין מיליאָנען בודנע סצענקעס און איז (פֿאַר דעם הויפּט־ראָליסט אַליין) גוואַלטיק פֿאַרכאַפּנדיק אין יעדן מאָמענט פֿון שפּיל, טאָג און נאַכט. אַז די נאָענטע זענען מענטשן וואָס שפּילן אייגענע (מיט דעם גאַנצן טראָפּ אויף דעם וואָרט) דראַמעלעך און קאָמעדיע־לעך, דערשפּירט מען ערשט, ווען דער טויט האַקט אונטער עמעצן ווי אַ בוים אין וואַלד. ערשט דעמאָלט גייט מען צו נאָענט צום אָפּגעליידיקטן שטיק אָרט און מען רעסטאַווורירט אַ לעבן, מען דערזעט אַז ס׳איז אונ־טערגעצייכנט אַ גרויסער שטריך אונטער אַ קאָנטע, מען הייבט אָן דער־ציילן אַנעקדאָטן וועגן פֿאַרשטאָרבענעם און מען דערזעט ערשט אַז אין זיין לעבן איז ער, פֿאַר זיך אַליין, געווען אַ סאָליסט. וויפֿל מאָל פֿאַרטראַכט מען זיך וועגן דעם, אַז ס׳ווייב האָט אירע אייגענע חלומות און אייגענע טראַכטונגען, אַז די קינדער זעען אייגענע זאַכן, ווען זיי זיצן פֿאַרבענקטע ביים פֿענצטער? אָט־די וועלטן און וועלטעלעך ווערן געוויינלעך אָנגענומען ווי טיילן פֿון זיך, דאָס זענען בלויז די סאַטעליטן צו דער אייגענער אויס־געשטערנטקייט.

אויף דער שיף איז יעדער מענטש אַ געפֿינס, יעדער נײַ פּנים בליצט אויף. דו הייבסט זיך אָן צוגעווינען צום געדאַנק, אַז דו אַליין מעגסט טאָקע

זיין משה־גרויס, אָבער אַלע אַנדערע פּרעמדע, אומבאַקאַנטע האָבן אויך וואָס צו דערציילן. דורך דער גאַנצער צייט, וואָס דו האָסט זיי נישט געזען, האָבן זיי געלעבט און זיי ווילן געוויינלעך דאָס דורכגעלעבטע אַרויסלייגן אויפן פּאַלומיסיק.

דער דענישער פריינט מיינער איז גאָר יונג געבליבן אַ קיילעכדיקער יתום. ער האָט נישט געקאָנט נישט דעם טאַטן און נישט דער מאַמען. אַליין האָט ער אַרומגעבלאָנקעט ווי אַן איבעריקער און גאָר פרי האָט ער איינגעשפּאַנט די קינדישע הענטלעך צו פּאַרדינען אויף עסן, ווייל ביי די אַלע גוטע און נאָענטע מענטשן איז דאָס שטיקל ברויט אַליין געווען מיט גאָלד צוגלייך.

ער האָט אַזויפיל צו דערציילן, אַז ער וואָלט אַלץ געוואָלט דערציילן מיט אַמאָל. אָבער ער וועט אָנהייבן פון דעם ערשטן באַוווּסטזיניקן פּינטל אין זיין לעבן, פון דעם מאָמענט, ווען ער האָט פּאַרלוירן זיין גלויבן, וואָס איז ביי אים געווען אַ הייס געפיל ווי הונדערטער שמעלצנדיקע ליכט אין אַ קירכע. ייִנגלווייז איז ביי אים יעדער צלם געווען אַ ברענענדיקער דאָרן און ס׳האַרץ איז אים אויסגעגאַנגען פּאַר אים וואָס איז געשטאָרבן מיט טשוועקעס אין לייב און פאַר דער יונגפרוי, וואָס האָט פון איר הייליקער טראַכט געגעבן דער וועלט אַ מאַרטירער־גאָט.

ביז דאָס פישער־שטעטל זיינס איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ שרעקלעכער טראַגעדיע. אַ פישער־שיף איז אונטערגעגאַנגען און אַלע 18 פישערלייט זענען דערטרונקען געוואָרן.

יללות פון מאַמעס, טאַטעס, כלות, קינדער, ווייבער. דער טרויעריקער גלאָק אינמיטן שטאָט, וואָס קלינגט אויס דאָס אומגליק. דערזעלבער היגטערגרונט ווי אין אַלע פישער־באַלאַדן. איר געדענקט דאָך טשאַרלס קינגסליס „דריי פישער“ — „ווייל מענער מוזן אַרבעטן און ווייבער מוזן וויינען און פּאַראַן קנאַפּ צו פּאַרדינען און אַ פאַמיליע צו שפּייזן“. קיין גרויס נייעס איז דאָס נישט אין שטעטל, אָבער ווען עס געשעט גייט דורך אַ סקרוך דורכן לייב און יונגע קינדער קוקן מיט דערשראָקענע אויגן אויף דעם וואַסער, וואָס וואַשט דעם ברעג, ווי אַ קאַלטבלוטיקער מערדער.

אָבער 18 מענטשן איז געווען אַ היבשער פּאַנג אַפילו פּאַר דעם פּיראַטישן נאָרד־ים און גאַנץ דענמאַרק איז געגאַנגען כאָדאָראָם. מען האָט

געשיקט פון קאָפּענהאַגן אַ גרויסן פּראָמינענטן גלח, וואָס זאָל מספּיד זיין די אומגליקלעכע פישער־לייט.

דער באַרימטער גלח איז געקומען און ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז די אומגעקומענע זענען נישט פון זיין קאַליבער קריסטן, אַז זיי געהערן נישט צו זיין קירכע, האָט ער אין אַ פלאַמענדיקן הספּד זיי אַלעמען פאַר־אורטיילט צו שאול־תחתיה, אויף אייביק און אַלע אייביקייטן, אמן, און אַלץ דערפאַר וואָס זיי האָבן נישט געהאַט דעם פאַרנונפט צו זיין די בלודנע שאָף פון זיין דענאָמינאַציע.

דעם גלחס הספּד האָט דאַן פאַראורזאַכט אַ שרעקלעכן סקאַנדאַל. אַלע דענישע צייטונגען האָבן געקאָכט מיט דער דרשה פון דעם באַרימטן גייסט־לעכן. ביי די פישער־ווייבער איז דעם גלחס רעדע גאָר געווען זאַלץ אויף די ווונדן. זיי האָבן געיאָמערט ווי קעץ אויס מורא, אַז זייערע מענער, טאַטעס, ברידער, וועלן זיך פּרעגלען אַ גאַנצן טויט אויף די טייוולשע סקאָוואָראָדעס.

און ער, דער סקאַנדינאַווישער יונגערמאַן, האָט דעמאָלט אַ שפּיי־געטון אויף גלויבן און איז אַוועק קיין אַמעריקע.

מיין נייער דענישער באַקאַנטער האָט גערעדט מיט האַרץ. ער איז געווען פון די אינטראָספּעקטיווע טיפּן, מיט אַ צושמעלץ פון דאָסטאָיעווס־קישקייט (אָבער נישט קיין חולה־נופלדיקע, נאָר אַ פיזיש־געזונטע). רעלי־גיע, גאָט, פרוי, לעבנסציל, יענע וועלט — אַלץ איז אויף אים געלעגן אַ שווערע מאַסע פון פּלאָנטערדיקע געדאַנקען. וועגן דעם פאַרלוסט פון זיין גלויבן האָט ער גערעדט מיט אַ שווער געפיל. ער האָט געמאַכט די געהע־ריקע פּאָזע ווי ער וואָלט אָפּגעשלאָסן אַ וויכטיק קאַפּיטל. פאַראַן מענטשן פאַר וועמען גלויבן אין גאָט איז אַ וויכטיקע פונקציע, פּונקט ווי אָטעמען, עסן און שלאָפן. אַזעלכע מענטשן האָט די מאַדאַם עדי וויזואַלירט מיט איר „קרישטשען סייענס" 1). איר טעאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריע איז באַשטאַ־נען פון דעם טיפ מענטש, וואָס פאַרגלייזט די אויגן אַרויף צום הימל און מוז האָבן גאָט ווי לופט.

ער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. ער האָט זיין גאַנצן רעליגיעזן פלאַ־

1) „קריסטשען סאַיענס" — אַ קריסטלעכע סעקטע וואָס גלייבט אין כוח פון תפילה און אַז גוף איז בלויז אַן אילוזיע.

קער אַריינגעלייגט אין דעם גלויבן פון מענטש־ברידערלעכקייט, ספּעציעל די אַרבעטער־מענטשהייט. דער טרוקענער אויסגעמוחטער מאַרקס, מיט די כמעט ציפּערדיקע וואָרקייטן, איז פאַר אים געוואָרן אַ ים מיט פּאַנ־טאַזיע. זיין האַרץ האָט געבענקט נאָך דעם אוטאָפּיסטישן רויטן הימל. ביז די ענגלישע סאָציאַליסטן און ענדלעך די דייטשע סאָציאַליסטן האָבן זיך (פאַרדאָן) באַמאַכט און ס'איז אים פאַרבליבן בלויז אַן אינטערעס אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און אַ האָפענונג אויף רוזוועלטן.

אָבער דאָס איז אַ היבש ביסל פאַרכאַפּט דעם וועג. פריִער האָט ער געאַרבעט ווי אַן אייזל אין פאַבריקן און דאַן איז געקומען די מיאוסע מלחמה און ער אינמיטן פייער — ווי אַ מאַטראָז. ענדלעך, נאָך דעם קריג, האָט ער זיך אַרויסגעראַטעוועט פון פינצטערן שאַפּ און איז געוואָרן אַ שטיקל אינטעלעקטואַל מיט אַן איידעלער פּראָפעסיע, כאָטש די ביינער ברעכן נאָך איצט פון די שווערע טעג און נעכט וואָס מען האָט אַוועק־געגעבן פאַר פיזישער אַרבעט און ס'איז שוין באַלד נישט געבליבן קיין כוח הנאה צו האָבן פון דעם איידעלן פאַך.

לערערייִ נאָך סוועט־שאַפּ־אַרבעט איז פאָרט מילעניום און עולם־הבא אויף דער וועלט. אַז מען איז אַ לערער אין אַ מיטלשולע, שטאָט אַ פערד אין אַ פעקטאָרי, קומט מען אַהיים און מען האָט צייט אַריינצוקוקן אין אַ בוך און טראַכטן, דער טייוול זאָל עס נעמען, וועגן דער מיסטעריע פון דער וועלט. ווי האָט דעהמעל געזונגען: „נור צייט, צייט, צייט!“.

און אַז מען איז שוין אַן איידעלער בעל־מלאכה, קריגט מען, לאָמיר זיך נישט נאַרן, בעסערע חברים אויך. ער וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַ טייערן פריינט, אַ גלח, ער איז שוין איצט טויט. ער איז געווען אַ ווילער מענטש, אַ דימענט, כאָטש נישט קיין מאַרקסיסט, אָבער דאָך מיט אַן איינגעוואָרצלטן יושר־געפיל. אַן אמתער אַמעריקאַנער, וואָס האָט גע־האַט די בוכשטעבלעכע פאַרערונג פאַרן קאָנסטיטוציאָנעלן פסוק, אַז אַלע מענטשן זענען געבוירן גלייך.

און אַ מאָדנע שוואַכקייט האָט ער, דער גלח, געהאַט צו גלאָבוסן. די שענסטע אויסגעשניצטע, פּרעכטיקסטע קונסט־גלאָבוסן, האָט ער גע־האַט ביי זיך אין הויז. ער איז געווען אַ געאָגראַף און ער האָט ליב געהאַט

צו דרייען די וועלט פאַר די אויגן און טראַכטן וועגן לענדער און מענטשן און וועגן גאָטס בענטשונג אויף אַלעמען.

און איינמאָל איז ער געקומען צום גלח און דערזען אַ נייעם וווּנדערבאַרן גלאָבוס, וואָס איז געווען פון שטאַנדפּונקט פון מלאכה, אַ קינסטלערישע פּראַכט.

דאָס איז דאָך דער גלאָבוס וואָס איר האָט געזוכט אַלע אייערע יאָרן, דאָס איז דאָך קונסט אויפן העכסטן שטאַפּל. ווער האָט דאָס געמאַכט?

דער גלח האָט געענטפערט מיט אַ גזלנישער גלייכגילטיקייט.

— קיינער נישט! ס׳האָט זיך אַליין געמאַכט!

איך האָב געמיינט, דערלאַנגט דער סקאַנדינאַווער אַ געזונטן לאַך, אַז דער גלח איז משוגע געוואָרן. אָבער ער איז געבליבן פאַרעקשנט, אַז דער גלאָבוס האָט זיך פאָרט אַליין געמאַכט.

ביז דער געאָגראַף האָט ענדלעך רחמנות געקראָגן אויף זיין אַטעיִס־טישן פריינט און ער האָט אים געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

— אויף דעם דאָזיקן הילצערנעם גלאָבוס, וואָס איז בלויז אַ מאַפּישע באַצייכענונג פון דער וועלט, קאָנסטו בשום־אופן נישט גלייבן, אַז ס׳האָט זיך אַליין געמאַכט און אויף דער גרויסער, שיינער, וווּנדערבאַרער וועלט מיט די מיליאָסן שטערן און פּלאַנעטן, ביסטו גרייט צו שווערן ביי דאַרווינען און קאַרל מאַרקסן, אַז ס׳איז אַנטשטאַנען פון זיך, פון דער העלער הויט.

איז דאָס נישט געווען אַ וווּנדערבאַרע לעקציע אין רעליגיע? — פרעגט מיין דענישער פריינט פאַרטרויליך — אַביסל פּרימיטיוו, אָבער רירנד מיט איר קינדישער לאָגיק. אַזאַ איז געווען דער גלח, אַ מענטש וואָס האָט געגלויבט ביזן לעצטן מאָמענט, ווען ער איז אַוועק פון דער וועלט.

מ׳איז שוין געווען איבער פערציק, ווען מען האָט חתונה געהאַט. דאָס ווייב, אַ שטילע, דאַנקבאַרע הויזפרוי איז שוין אויך געווען נאָענט צו פערציק. זי האָט אים אַביסל אָנגעוואַרעמט די אָוונטן אין שטוב. ענדלעך איז געקומען אַ צווילינג — אַ יינגל מיט אַ מיידל. אַ וווּנדערלעך, בלויאויגיק פּאָרל. דאַרף ער דערציילן, ווי ער איז משוגע געוואָרן פון גליק? ער האָט דערזען אַ האַפט אין לעבן. אַ משוגע לעבן, מען גייט אַרום און

מען פּיקט ווי אַ הינדל, פּיק־פּיק! אַ הינדל וואָס ווייסט, אַז אָט־אָט וועט מען עס אַ פּאַק־טון ביים העלדזל. אָבער אין דעם נאַרישן לעבן, ווײַל מען זיין טאַטע, מאַן, זיידע און נאָך דערצו אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט — פּיק־פּיק, ווי אַ הינדל. זאָג, גלעדי, מיין פריינט, פּאַרציט ער מיין נאָמען מיט אַ פּלוצימדיקער באַענטקייט, פאַראַן אַ יענע וועלט, צי ס׳איז אַלץ פּוסטע חלומות און דאָס נאַרישע הינדל וועט גיין שלאָפן אויף אייביק?

הכלל, דאָס צווילינג האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן, בלויז דריי טעג געלעבט און זיי זענען ביידע אויסגעגאַנגען, כמעט אין איין און דער זעלבער מינוט. איר ווייסט דאָך, דער תירוץ איז — טאַטע־מאַמע איבער די פּערציק, אָבער מיט ביאָלאָגיע קאָן מען פּאָרט נישט פּאַרלאָטען קיין װוּנד.

איך שטיי אַזוי, דערציילט ער, און קוק אויף די צוויי טויטע פּנימ־לעך און איך טראַכט וועגן דעם גרויסן אומגליק מיינעם, ביז אַ לעצטע שטראַל פון דער פאַרגייענדיקער זון איז געפאַלן אויף די וואַקסענע פּי־גורלעך און איך האָב דערזען אַ גרויס ליכט. די קינדערלעך — דאָס ייִנ־געלע מיט דעם מיידעלע — זענען דאָך אַ ווייבעלע מיט אַ מאַנעלע, מיינע אייגענע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן מיך איבערגעלאָזט אַליין אויף דער וועלט יונגערהייט. איצט האָבן זיי זיך ווידעראַמאָל באַוויזן צו מיר, כדי מיר צוריקצוגעבן מיין פאַרלוירענעם גלויבן. די ליאַלקע־פּנימלעך האָבן רויִק געשמייכלט און איך האָב טיף געבויגן דעם קאָפּ פאַר דער אַנטפּלע־קונג. איך האָב דאָס דערציילט מיין פרוי, אָבער זי האָט געשוויגן. אַזוי איז זי געבליבן פאַרגליווערט אין איר מעלאַנכאָלישן שווייגן עטלעכע חדשים, אָבער איך האָב געליטן רויִק, ווייל איך האָב צוריק געגלויבט, מיט אַ נייער דערלייטערונג.

נאָך אַ קינד איז געקומען — דאָסמאָל אַ לעבעדיקס, אָבער דאָס ווייב איז ערנסט קראַנק געוואָרן. דאָקטוירים האָבן באַפוילן אַז זי מוז צוריק־פאָרן און בלייבן וווינען אין איר אייגן געבורט־שטעטל אין דענמאַרק. זי איז אַוועקגעפאָרן מיט דעם קינד און אָט איז שוין דאָס זעקסטע יאָר, וואָס ער פאָרט יעדן זומער צו ווייב און קינד.

אַוודאי איז דאָס אַ שווער לעבן! דאָס ווייב איז נישט קיין געזונטע. זי איז גוט, צאַרט, איבערגעגעבן. דורכן זומער קאָן ער בלויז שלאָפן מיט

איר אַ פינף־זעקס מאָל. די איינציקע 5—6 מאָל אין יאָר, ווייל קיין יינגעלע איז מען שוין נישט, מען קאָן נישט אַרונטער פון וועג. ווען ער זאָל זיך נאָר לאָזן און זיך אונטערגעבן יעדער מאָל, ווען די פלאַטערדיקע מיטל־שול־מיידלעך טראָגן אים אונטער די יונגע בריסטלעך גלייך צו דער נאָז און דער קאָפּ הייבט אים אָן צו גיין אויף רעדער! ער ווייסט, ער ווייסט גאַנץ גוט, פון די אַלע מעשים און אָרגיעס וואָס קומען פאָר אין שולעס צווישן לערער און שילערינס, אָבער ער איז אַ זעלבסט־דיסציפּלינירטער מענטש, (דער סקאַנדינאַווער אין אים!) מען דאַרף זיך גוט היטן כדי זיך נישט אויסצוגליטשן. ער גייט אַהיים צו זיין צימער, צו זיין אַלטער דינסט, וואָס קאָכט אים אָפּ אַביסל וואַרעמס, צו זיין הונט, ראַדיאָ און ביכער אי־בער די קאָאָפּעראַטיוון.

ניין, ער טרינקט נישט — אַמאָל דערלויבט ער זיך אַ גלאָז ביר, ער רייכערט אַ פיר־פינף פּאַפּיראָסן און ווען זינדיקע געדאַנקען קומען זיך מיט אים רייצן און דאָקוטשען אים גאָר שטאַרק, טראַכט ער, אַז אפשר ווער ווייס, ווען ער וואָלט געווען אַביסל יינגער, וואָלט ער זיך אַנטשלאָסן און געשריבן זיין פּרוי קלאָר און דייטלעך. זי וואָלט פאַרשטאַנען און פאַרגעבן. אָבער, גלעדי מיין פריינט, נישטאָ שוין קיין האָר, קיין ציין און עפּעס אַנדערש אַרבעט שוין אויך נישט ווי אין דער יוגנט — מוז דאָס זיין מיין לעבן. די פראַגע איז נאָר צי מיר מאַכן זיך אַלע נאַריש, איז פאַראַן אַ דערנאָך, אָדער דער וויץ איז אויף אונדז און אויף אונ־דזערע אויסגעטראַכטע טוגנטן און געוויסנס.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געטראַכט פון צווילינגל, פון דעם ווידער־געבורט פון טאַטע־מאַמע וואָס פאַראורטיילן זיך צו ניין חדשים ליידן און צו אַ נייעם טויט, אַבי צו קאָנען קומען צום יתום־זון און אים געבן אַביסל דערמונטערונג — כמעט אַ חסידיש מעשהלע מיט אַ סקאַנדינאַווישער באַ־פאַרבונג, מיט אַ זאַלציקייט פון ים, און מיט אַ פוגע פון טויט וואָס כוואַ־ליעט ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל אַרויף און אַראָפּ.

כ׳האָב אַפילו געמאַכט אַ פאַרזוך צו שרייבן אַ ליד וועגן דעם, אָבער ס׳איז אַרויסגעקומען צו ניט־יידיש און מייספּילדמעסיק.

# 1

ערשט אַנדערטהאַלבן מעת־לעת אויפן ים און ס׳זענען שוין אַרונ־טערגעפאַלן פון מיר אַלע פליכטן־פּענטעס — פליכטן צו דער היים, פליכטן צו דער געזעלשאַפט און אַפילו די פליכטן צו פּאָליטישע קרע־דאָס, וואָס זענען אויסגעמוטשט געוואָרן בלויז אויף צו באַרעכטיקן דאָס ביסל זויערשטאָף, וואָס איך גנבע פאַר מיינע לונגען און דאָס ביסל וואַ־סער אויף צו באַנעצן די קישקעס. פאַר דעם־אָ „לוקסוס" פון לעבן (אַחוץ אפשר דעם דאַך איבערן קאָפּ, אַ מלבוש, אַביסל וואַרעמס און אַ ווייב) האָב איך זיך אַליין אַרומגערייפט מיט פאַרסמטע שאלות־ותשובות.

אָבער בעת מיט יאָרן צוריק איז אינטעראָספּעקציע פאַר דעם רעזאָן ד׳עטר געווען אַביסל פילוסופיה און דאָס דענקען איז אַליין געוואָרן אַ תענוג פאַר זיך, ווי דאָס מעלה־גירהן פון אַ פאַרטראַכטער און זאַטער קו, אונטער דער זון אויפן גראָז, איז דאָס נאָכטראַכטן אין די לעצטע עטלעכע יאָר נישט מער ווי בלוטיקע פּאָליטיקאַנסטווע. קאגיטא ערגאָ סום 1) אין נישט גענוג, מען דאַרף נאָך זאָגן סום וואָס? — אַ ליבעראַל, פאַשיסט, סאָציאַליסט, סאָציאַל־פאַשיסט, קאָמוניסט, טראָצקיסט, לאָוועסטאָניסט, ציוניסט און דעסגלייכן. מען מוז זיך פּאָליטיש לעגיטימיזירן. אויף דער גאַליאָרקע שטייען עטלעכע שרייערס און ווילן מען זאָל זיי שוין זאָגן: „מיט אונדז אָדער מיט אונדזערע פיינט?" און אין שנעלן טעמפּאָ פון געשעע־נישן בייטן זיך קאַליידאָסקאָפּיש די אונדז מיט די פיינט אַזוי שנעל, אַז מען קאָן דעם אָטעם נישט אָפּכאַפּן — נעכטיקע אונדז ווערן היינטיקע פיינט.

1) קאָגיטאָ ערגאָ סום — דעקאַרטס פילאָזאָפיע — כ׳טראַכט, איז אַ סימן איך עקזיסטיר.

ערגער איז וואָס די גאַליאָרקע־שרייערס ווערן אָנגענומען פֿאַר דעם קול פֿון אייגענעם געוויסן. מען ענטפֿערט כלומרשט דעם אייגענעם געוויסן, ווען מען האָט זיך מורא צוצורירן אינדערפֿרי צום ביסל מאַראַנצן־זאַפֿט, איידער מען באַרעכטיקט עס און זיך אַליין פּאָליטיש. און ווי יאָלדיש מיר פּאָליטיקירן! אין דעם מאָמענט ווען מיר געפֿינען דעם פּאָליטישן אַבסאָלוט פֿאַר זיך, קומען די פּראַקטישע פֿירער פֿון דער וועלט און באַזאָלצן און באַפּעפּערן אונדזער אידעאַל מיט רשעות, מאָרדן, שחיטות און געמיינהייטן. בלייבן מיר שטיין געפּלעפֿט. מיטשרייען הוראַ מיט די גליקלעכע, מיט די רעגימענטירטע, אָדער זיך נעמען צו אַ נייעם פּאָליטישן קרעדאָ?

אַזוי האָט זיך מסתּמא געפֿילט יונה אין ערשטן מאָמענט, ווען אים האָט זיך געדאַכט אַז ער איז אַנטלאָפֿן פֿון גאָטס צאָרן. כ׳האָב אָפּגעאָטעמט טיפֿער און פֿרייער, ווייל ענדלעך האָב איך זיך געראַטעוועט פֿון דער גאַנצער אַבראַקאַדאַבראַ 1) פֿון מיין עקזיסטענץ און אפֿשר, האָב איך געטראַכט, וועט מיר געלונגען אָפּצורייניקן דעם פֿאַרך וואָס איז אָנגעוואַקסן אויף מיר ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכע חיה, ווי אַ טאָג־טעגלעכער לוין־שרייבער, ווי אַ ייִד אין אַזאַ בלוטיקער וועלט, וואָס (אויפֿמערקזאַם — באַרד פֿון סטראַטפֿאָרד!) 2) פֿאָדערט גאָר מיין פֿונטל פֿלייש.

איצט איז מיר גוט און די זון אויפֿן דעק איז אַזוי מחיהדיק, אַז כ׳לאָז נישט צו זיך צו אַ געדאַנק וואָס פֿלירטעוועט מיט מיר און וויל מיך דווקא פֿאַנגען, ווייל וואָס איז דען אַ געדאַנק אויב נישט קיין קאָמענטאַר; און איך וויל איצט נישט קיין קאָמענטאַרן, כ׳וויל בלויז זען און הערן אָן שום אויספֿירן און פּאַראַלעלן.

מענטשן גייען מיך פֿאַרביי מיט דער זעלבער פֿלעגמאַטיק, מיט וועלכער איך באַטראַכט זיי. איך בין נישט פֿאַרפֿליכטעט מיט זיי צו רעדן, איך קאָן אויף זיי קוקן מיט האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע אויגן און זיי הערן מיט האַלב־פֿאַרמאַכטע אויערן. אַז איך וויל קאָן איך שענקען דעם מינדעסטן שטויבל אויף דער שיף מער אויפֿמערקזאַמקייט, ווי אַ קרענצל מענטשן. עס איז מיר וואַרעם און גוט, כ׳האָב אַוועקגעוואָרפֿן אַלע מיינע גיטער מיט

1) אַבראַקאַדאַבראַ — ס׳קלעפּט זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.
2) באַרד פֿון סטראַטפֿאָרד — שעקספּיר.

אָרעמקייט און כ׳האָב זיך צוריקגעצויגן פון אַלץ. כ׳בין אַן אָרעמאַן, וואָס האָט אָנגעזאַמלט אַזויפיל דלות, אַז איך קאָן באַהויפּטן זיך צוריקצוציִען פון — מיין אָפּגעשפּאָרט וויסן, פון מיינע אָפּגעשפּאָרטע געפילן און פון דעם גאַנצן ביסל כאַפּ־לאַפּ וואָס איז מיין וועלטל.

און אַז ס׳טויכן אויף אין מיר פנימער און פנימלעך, זענען זיי פאַר־טושט ווי אין אַ וואַסער און איך זיץ נאָך איבער דעם און וואַרף שטיינד־לעך, כדי די באַקאַנטע פנימער זאָלן זיך פאַנאַנדערבלעזלען און אינגאַנצן פאַרשווינדן.

דער ים וואָס איז ביז איצט געווען באַוועגלאָז און ווי פאַרפרוירן (אַ געמאַליעוועטע שיף אויף אַ געמאַליעוועטן ים) האָט זיך פלוצים צע־שפּילט און נאָענט צו דער שיף האָבן גענומען פליִען די שפּרינגענדיקע פאָרפּוסן 1). ווער עס האָט נאָר איינמאָל געזען די טאַנצנדיקע חזיר־פיש, וועט זייער גראַציע קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זיי שפּרינגען אַרויס פון וואַסער פאָרוויז און טאַנצן מיט די קעפּ אַרונטער אין די כוואַליעס. צענדליקער, הונדערטער פון זיי, אָבער אַלעמאָל אין פּאָרלעך זעען זיי אויס ווי צווי עלעגאַנטע, וווּנדערלעכע הענט. שוועבנדיק באַווייזן זיי זיך צו שפּיגלען אין דער זון און יעדער שפּרונג פון אַזאַ פּאָרל איז אַ פּרעכ־טיקער שפּיל פון אַלערליי קאָלירן אויף שיפּן. עס איז געווען אַ וווּנדער־לעכער ספּעקטאַקל און ס׳האָט אויסגעזען ווי דער ים האָט געעפנט אַ קליין פענצטערל, אָדער אַרונטערגעהויבן דעם אויבערשטן שיכט אויף צו באַווייזן וואָס פאַר אַן אייגנאַרטיק לעבן עס ווימלט גלייך אונטער דער אויבערפלאַך.

די פאָרפּוסן האָבן אַזוי געמאַכט קאָזשעלקעס אַ היבשע צייט, באַ־גלייטנדיק די שיף און שפּילנדיק זיך אין דער זון. ס׳איז געווען אַ געוועט־טאַנץ — ווער עס וועט קאָנען כאַפּן אַ שענערן מולטי־קאָלירנדיקן בליאַסק אויף די נאַסע גלאַדענע שיפּן.

דער געדאַנק וואָס האָט מיט מיר די גאַנצע צייט געפלירטעוועט, האָט מיך פּאָרט באַהערשט איינרוימענדיק מיר אַ סוד אַז מיר איז יִוויל און גוט, וואָס איצט אין זומער, אין סעזאָן פון ייִדישער פּירערשאַפט, אייגנטלעך אין סאַמע היץ און ברען פון סעזאָן, ווען דאָס ייִדישע פאָלק

1) פאָרפּוסן — גרויסע ים־פיש.

ווערט אינטענסיוו געפירט פון די פירער — געפירט מיט ענערגיע, קלאַפּ־טאַראַראַם און ברען — פאַר איך גאַר אַן אַ באַשטימטער מיסיע, אַפילו אָן דער סאַמע מינימאַלסטער מיסיע פון אַ רעפּאָרטער.

די יאַזדע מיינע האָט מיך געבראַכט פּנים אל פּנים מיט מיין באַלעבאָס. גראָד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איך האָב געוויינלעך אַלעמאָל געאַרבעט פאַר קאָלעקטיוון. דאָס ביסל ברויט, מיט אָדער אָן, פּוטער, וואָס איך האָב געקראָגן, איז געפאַלן ווי מן פון הימל. כ׳האָב קיינמאָל נישט געזען דעם ברויטגעבער, כ׳האָב קיינמאָל נישט געפילט וויטיקדיק גענוג דעם תחום צווישן מיר דעם „פּראָדוצירער" און אים, — דעם אַבסאָלוטן געוועלטיקער איבער מיין שטיקל פּרנסה.

אַז איך האָב געאַרבעט פאַר דעם אַמעריקען שורטי 1) קאָמפּאַני, אַ גרויסע קאָרפּאָראַציע, וואָס האָט באַשעפטיקט הונדערטער מענטשן, האָב איך געזען די סיסטעם פון קליינע אויבערס, אונטערגעוואָרפן אונטער גרעסערע אויבערס, סופּעראינטענדענטן 2), אינספּעקטאָרן — אַ גאַנצע קייט פון אונטערס מיט אויבערס, אָבער דאָס ליכטיקע פּנים פון אים אַליין, דעם אַלמעכטיקן הערשער, האָב איך קיינמאָל נישט געזען. עפּעס איינמאָל איז יאָ אַריינגעקומען איינער, מיט אַן אַריסטאָקראַטישן געמיש פון פליך און גרויע האָר. ער האָט געקוקט אויף אונדז אַלעמען און געמאַכט מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט געציילט שעפּסן. ער האָט אויסגעזען ווירדיק גענוג צו זיין ווער ווייסט ווער, אָבער מיין אַנטוישונג איז געווען גרויס, ווען איך האָב שפּעטער אויסגעפונען אַז ער איז געווען נישט מער ווי איינער פון די עטלעכע צענדליק וויצע־פּרעזידענטן.

צוזאַמען מיט מיר האָבן געאַרבעט ווייס־קאָלנערדיקע, אונטערטעניקע מענער און אַ סך אויסערלעך־פּאַרפּוצטע מיידלעך, די מערסטע פון זיי פון אָרעמע שטעטלעך אין דזשוירזי, ווו עס איז שווער צו קריגן אַ וואַנע. זיי זענען געקומען מיט אַ שיפּל צו דער אַרבעט. (נישט אַזוי צו דער אַרבעט, ווי צו דער שטאָט פון גאָלדענע געלעגנהייטן, ווו מען קען גלייך אַריינפאַלן ווי צינדערעלאַ אין אַ גלעזערן שיכל, אָדער כאָטש אין אַ

---

1) שורטי קאָמפּאַניע — אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט.
2) סופּעראינטענדענטן — אויפזעערס.

פֿוטערמאַנטל, וואָס דער באַלעבאָס גיט פֿאַר קליינע געפֿעליקייטן). אין די הייסע זומערדיקע טעג האָבן די מיידלעך געשמעקט מיט פֿאַרשידנגערו־כיקע שווייסן, אַז ס'האָט פֿאַרקלעמט ביים האַרצן, וואָס אָט די שיינע פּנימלעך און טאַנצנדיקע פּיסלעך קאָנען פּראָדוצירן אַזויפֿיל גיפֿט, ווי זיי וואָלטן געווען שיינע חיהלעך, וואָס באַשיצן זיך מיט די גערוכן ווי אַ באַוואָרעניש קעגן מענערשע אַטאַקעס.

דער טאָג איז געקומען, ווען די זון האָט אינדרויסן געשיינט גאָר פֿאַרפֿירעריש, האָב איך געזוכט אַ גוטע געלעגנהייט פּטור צו ווערן פֿון די פֿאַרשטויבטע דאָקומענטן. די געלעגנהייט איז שנעל געקומען אין דער פֿאָרעם פֿון אַ „פֿאָטערלעכן" בריוו, וואָס דער סופּעראינטענדענט האָט מיר צוגעשיקט, דערמאָנענדיק מיר אַלע מיינע פֿאַרנאַכלעסיקטע פֿליכטן. ער האָט צערטלעך באַטאָנט, אַז אָן די פֿליכטן וועל איך נישט האָבן קיין טרעפּ אויף וועלכע צו קלעטערן צו אַלץ העכערע און העכערע דערגרייכונגען. האָב איך אָפּגעענטפֿערט מיט אַ זידל־בריוו צום סופּעראינטענדענט — אין דער פֿירמע האָט זיך געפֿירט גרויסשטייגעריש, אַז די אונטערס מיט די אויבערס און פֿאַרקערט האָבן גערעדט איינע מיט די אַנדערע דורך בריוו. דער סופּעראינטענדענט האָט נישט פֿאַרלוירן קיין מינוט און ער האָט מיך געשיקט רופֿן (דווקא פּערזענלעך) און געפֿאָדערט מיין רעזיגנאַ־ציע. מיט די ווערטער טאַקע — ער האָט „געפֿאָדערט מיין רעזיגנאַציע"! און פֿאַר די 75 דאָלאַר אַ חודש וואָס איך האָב געקראָגן (מיט דעם אַמע־ריקאַנער „שאַנס זיך אַרויפֿצואַרבעטן"), האָט דאָס פֿאָדערן פֿון דער רע־זיגנאַציע געקלונגען מיניסטעריש, אַזוי אַז איך בין מיט אַ געהויבענעם קאָפּ אַרויס אַ רעזיגנירטער פֿון זיין קאַבינעט.

די ווייס־קעלנערדיקע חברים האָבן גוטע נעז און זיי האָבן גלייך דערשמעקט מיין רעוואָלוציע, און זיי, וואָס זענען ערשט געווען מיינע בעסטע פֿריינד, האָבן נאָך טיפֿער באַגראָבן די קעפּ אין די פּאַפּירן, כּדי זיי זאָלן זיך מיט מיר נישט דאַרפֿן געזעגענען — ווייל דאָס וואָלט נאָך חס וחלילה אָנגענומען געוואָרן, אַז זיי אידענטיפֿיצירן זיך מיט מיין רע־וואָלט. בלויז איינער, אַ שאָטלענדער, האָט געהאַט דעם מוט מיט מיר זיך צו געזעגענען. ער האָט פֿאַרמאָגט בלויז איין וואָרט אין זיין וואָקאַבולאַר און דאָס וואָרט איז געווען פֿערדסדרעק. סיי וועגן גוט און סיי וועגן שלעכט

האָט ער אַלץ געמאַכט אַ געברויך פון דעם דאָזיקן פּילטײַטשדיקן וואָרט, מיט דעמזעלביקן וואָרט האָט דער שאָטלענדער אָפּגעפּטרט די פּאַרשטונ־קענע אייער וואָס מיר פלעגן קריגן אין טשיילדס רעסטאָראַן און דער אייגענער אויסדרוק, אָבער מיט אַן אַנדער אינטאָנאַציע, האָט אויך גע־גילט ווי באַוווּנדערונג פאַר דער שיינער און צוגעלאָזענער קעלנערקע. ס'האָט זיך בלויז געווענדט אין דער שטים זיינער, וואָס האָט געלאָזט וויסן צי ער איז באַגייסטערט אָדער געערגערט. ער איז מיר נאָכגעלאָפן, געדריקט וואַרעם מיין האַנט און געזאָגט פּערדסדרעק מיט אַזויפיל צאָרן און צעבראָכנקייט, אַז אין פרייער איבערזעצונג האָט עס געהייסן: נעם זיך נישט צום האַרצן, פריינט מיינער, ווייל ס'איז אַלץ הבל הבלים. וואַניטאַס וואַניטאַטיס, 1) און וועסט זיכער קריגן אַ צווייטע שטעלע. אָט־דאָס אַלץ אינאיינעם און נאָך אַ סך וואָס קאָן מיט ווערטער נישט אויסגעדריקט ווערן, האָט דאָס מאַגישע וואָרט פון דעם ליבן שאָטלענדער געמיינט.

עס איז געווען מיטזומער. ביז צו דער טיר האָב איך געמוזט פאַרביי־גיין די גאַנצע שרענגע פון דער מיידלשער אָפּטיילונג. די קאָסמעטיקעס זייערע האָבן זיך געפּרעגלט אין שווייס און איך בין געווען איבערגליק־לעך ווען איך בין ענדלעך געווען אינדרויסן.

און האָב איך געאַרבעט פאַר אַ יוניאָן־לאָקאַל, האָב איך אויך קיינ־מאָל נישט געזען דעם סאַמאַראַדנע. אמת, איך האָב געהאַט איבער זיך אַן אויפזעער, אָבער איך האָב פאָרט געשפּירט, אַז איך אַרבעט פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. קיין האַניק האָב איך פון אַרבעטער־קלאַס נישט געלעקט ווען ס'פלעגט אים זיין גוט אָנגעזאָלצן אויף דער נשמה פון דער וואָך אַרבעט און פון דעם וואָס ער מוז נאָך שטיין אין דער ריי כדי צו צאָלן מעשר דער יוניאָן, האָט דער שטייערצאָלנדיקער אַרבעטער אויסגעלאָזט דעם כעס צו מיר און גאַנץ אָפט געשריִען אויף יענער זייט גראַטעס, צו מיר אויף דער זייט גראַטעס פון פענצטערל, אַז איך צאַפּ זיין בלוט, פרעס זיין פראַצע און לעב מאַרך אויף דעם פון זיינעביינער.

און איך האָב דעמאָלט געקראָגן גאַנצע צען דאָלאַר אַ וואָך.

אָבער דעם באַלעבאָס האָב איך פאָרט נישט געהאַט די זכיה צו זען. געענדיקט האָט עס זיך דערמיט, וואָס מיין אויפזעער האָט מיך געשיקט

1) וואַניטאַס וואַניטאַטיס — הבל הבלים.

נאָך עטלעכע פלעשער שנאַפּס, וואָס מען האָט געזאָלט צוגרייטן פאַר אַ הוליאַנקע פון אַרבעטער־פירער, וואָס האָבן זיך אַליין געמאַכט אַ באַנ־קעטל ווי אַן אָנערקענונג פאַר זייער אַרבעט. אַזוי ווי קיין געלט האָט מען מיר נישט מיטגעגעבן, נאָר בלויז אַן אָנווייזונג צו אַ באַקאַנט שענקל אַז דאָס גייט על חשבון פון דער יוניאָן, האָב איך זיך אויפן וועג גע־נומען איינרעדן, אַז מען האָט געטראָטן די ווירדע מיינע מיט די פיס, ווען מען האָט מיך, אַן אוניווערזיטעט־סטודענט געמאַכט פאַר אַ שנאַפּס שיק־יינגל. דאָס איז געווען אַ גוטער אויסרייד פאַר זיך אַליין אַז איך זאָל מער נישט צוריקקומען צו דער יוניאָן־אַרבעט.

ווי אַ לערער פון אַ יידישער שול, האָב איך אַוודאי געאַרבעט פאַר אַ קאָלעקטיוו. אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין די קעטסקילס האָב איך באַ־דאַרפט צעקייען גייסטיקע שפייז סיי פאַר די קינדער און סיי פאַר די דערוואַקסענע, מערסטע פון זיי לונגענקראַנקע, וואָס פלעגן אָפּזיצן דעם גאַנצן ווינטערדיקן טאָג אָן אַ סענט לייזעכץ אין די געשעפטן און געוואַרט אויף מחיה פון זומערדיקן פדיון. אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט האָבן זיי גע־מעלקט דעם לערער, אַז ער זאָל זיי געבן ליטעראַטור, געשיכטע, יידישקייט, קולטור און בכלל פון פויגלמילך. דערפאַר פלעגן זיי קומען זונטיק אָוונט, אויסגעפּוצטע און פריש־ראַזירטע, צום מיטינג, מיט די גראָטעסק־פעטע אָדער גראָטעסק־מאָגערע ווייבער זייערע. דער זונטיק אָוונט איז געווען זייערער. זיי האָבן געהאַלטן לאַנגע רעדעס און האָבן געמאַכט פאַרשידענע „פאַרלאַמענטאַרישע" פאָרשלאַגן, זיי האָבן זיך געקריגט און זיך געזידלט און זיך אויסגעוויזן פאַרשידענע רכילותן. די ווייבער האָבן זיך לעבעדיק באַטייליקט אין דער דיסקוסיע, ברעכנדיק אַלע פאַרלאַמענ־טאַרישע געזעצן און צו מיר האָט מען זיך געווענדט כמעט ווי מיט אַ פּיסטויל, אַז איך זאָל שוין דערקלערן בפרהסיא מיט וועמען איך האַלט. מען האָט באַדאַרפט זיין אַ ד'איזראַעלי זיך אַרויסצודרייען דיפּלאָמאַטיש פון דער דאָזיקער פאַרלעגנהייט. מיין יעדער שמייכל איז געווויגן, גע־מאָסטן און פאַרטייטשט געוואָרן אויף פאַרשידענע אופנים: צו וועמען און פאַרוואָס האָט דער לערער געשמייכלט.

נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעמאַכט דאָס גליטשיקע שטיקל וועג, אַרויסקומענדיק נייטראַל אין קאַמף צווישן בלוטיקע געשעפטס־קאָנקו־

# קאַפּיטל צוויי

רענטן, האָבן די שול־עלטערן מיך גענומען באַלוינען. פאַר דעם לערער אין די אויגן האָט מען צוזאַמענגעשנאָרעט די וועכנטלעכע שכירות. גע־ווינלעך פלעגט פעלן אַ צוויי־דריי דאָלאַר און דאָס האָט אַלעמאָל געפירט צו אַ לאַנגער, שווערער, דריקנדיקער פויזע. די ווייבער האָבן געקוקט אויף מיר מיט רחמנות־אויגן און געזיפצט איבער מיין שווער שטיקל פּרנסה. אָבער די פויזע איז שטענדיק הערא־יש איבערגעשלאָגן געוואָרן. אַ דערלייזער, אַ לאָהענגרין, שטעלט זיך אויף און מיט אַן ערנסט־געשעפט־פּנים און דעם שטאָלץ פון אַ פילאַנטראָפּ, וואַרפט ער צו די עטלעכע דאָ־לאַר מיט אַ מינע, אַז מער וועט ער אַזאַ נאַבלקייט נישט באַגיין און וואָס וועט מען טון קומענדיקע וואָך? דונער פון אַפּלאָדיסמענטן. די פּאַרפעצטע דאָלאַרן — פון קצב, שוסטער, בלעכער, שמיד, גאַזאָלין־הענדלער, סוחר, שניידער, שפּייז־פּאַרקויפער, מעל־הענדלער, האָטעל־אייגנטימער, מעבל־הענדלער, בוטלעגער, און אַן עקרה וואָס איז פאַרהייראַט צו אַ גוי און גיט על פּי טעות אַ דאָלאַר פאַר יידישער ראַדיקאַלער דערציִונג, מיינענ־דיק, אַז דאָס פאַרזיכערט איר מיט אַ שטול אין גן־עדן — ווערן אין אַ זשמעניע איבערגעגעבן טריאומפאַל צום לערער.

אָבער כ'האָב פאַרט געהאַט אַ סך באַלעבאַטים און איך אַליין, דעם איינציקן, מיט דער בייטש אין האַנט, וואָס פאַרט אין די וואַרעמבעדער און וואַרפט מיר צו קרישקעס האָב איך אַלץ נישט געהאַט דאָס גליק צו זען.

אַכט לאַנגע יאָר אָפּגעאַרבעט אין מיין צייטונג און דאָך נישט געזען מיין פאַטום, ביז ס'האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג פון מיין יאַזדע און כ'האָב געמוזט גיין צו אים כלאָפּאָטשען.

ער, אַ געשעפטלעכער מענטש, וואָס ווייסט גענוי, אַז קיין רעוואָלו־ציעס וועל איך נישט מאַכן, האָט מיך אָפּגעפּטרט איינס־צוויי־דריי. איך בין געזעסן איינגעפּלאַטשט אין דעם שטול אַנטקעגנאיבער און ס'איז גע־ווען קלאָר, אַז ער וויל פון מיר וואָס גיכער פּטור ווערן און איך וואָלט שוין אויך געוואָלט, אַז דאָס זאָל אַריבער.

פון גרויס פאַרלעגנהייט, וואָס איך זע ענדלעך דעם איינציקן, דעם מעכטיקן, וואָס האַלט דעם לאָבן ברויט איבער מיר, ווי גאָט די תורה איבער די יידן, — ווערסטו אָננעמען איז גוט, אַז נישט ווערסטו דאָ באַ־

גראָבן, — בין איך געזעסן אָן ווירדע. איך האָב מסתמא באַדאַרפט אויסזען ווי אַ ייִנגל. מיין אויסגעגלייכטקייט, מיין טאַלאַנט, מיינע דריי אָרעמע לי־דער־ביכער, מיין איינגערעדטקייט — אַלץ איז געפּגרט, ווייל ביי דער טיר פון קאַבינעט, האָב איך געהערט קלאָר, ווי ס׳האָט געיאָמערט מיין ווייב און ס׳האָבן געבעטן מיינע דריי קינדער, אַז איך זאָל חלילה נישט מאַכן קיין פאַלשן שריט, נישט זאָגן קיין שלעכט וואָרט. אמת, אינדרויסן שיינט טאַקע די זון, אָבער איצט קאָן שוין קיין רייד נישט זיין פון רעזיג־נירן און זיך וואַרפן מיט ברויט. בייג זיך נידעריקער פאַטער פאַמיליאַס!

— איך וועל זען!

— אַ דאַנק! אַ גוטן טאָג!

קיין ענטפער. אָבער איך האָב ענדלעך געזען מיין ברויטגעבער, גע־זען אַז ער באַטראַכט מיך בלויז ווי אַ דעביט, אַ שטיקל טינטפלעק אין זיינע געשעפטסביכער.

אַרויסקומענדיק אָן אויסגעפּאַטשטער מיט אַ ברענענדיקן לינקן אויער און אַ פלאַמענדיקער באַק, האָב איך אָנגעטראָפן מיין אויפזעער. זיין ערש־טער בליק איז געווען סימפּאַטיע צו מיר. ער ווייסט אַליין צו גוט דעם טעם פון אַזעלכע באַזוכן, אָבער ער האָט זיך באַלד אויסגעגלייכט, כדי איך זאָל אים חלילה אין מיין הילפלאָזיקייט נישט באַטראַכטן פאַר אַ חבר.

דאָס ביסעלע פאַרגעניגן פון מיין ערשטער יאַזדע, אין צוואַנציק יאָר, איז מיר אויסגעפאַלן באָקאָם, און ס׳האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ מאָד־נער, אַן אָוונטיקער שרעק.

פון גרויס שרעק בין איך גלייך אַנטלאָפן צו דער שיף.

## II

ווען דאָס ים־צייטונגל האָט אונדז אינדערפרי אונטערגעטראָגן די נייס, אַז היטלער האָט אויסגעשאָכטן זיינע נאָענטע פריינט, נעמענדיק פאַר גוט געלט מוסאָליניס ראַדיקאַלע עצה, אַז מיט די זעלביקע מענטשן מיט וועלכע מען מאַכט די רעוואָלוציע, טאָר מען נישט פירן די מלוכה (אפנים, איידער אויסצוצאָלן די חובות, וואָס מען איז שולדיק אַזעלכע

פריינט איז שוין לייכטער (זיי אויסצוקוילען), האָבן איך מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו זוכן יידישע אויגן און יידישע אויערן.

דאָס ים־צייטונגל, א מיניאַטורס און אַן אויסגעפּוצטס, האָט די נייעס וועגן היטלערן דערלאַנגט עלעגאַנט, שטיל און אָן קאָמענטאַרן, ווי עס וואָלט געווען נישט מער ווי אַ „טהריל״ 1) פאַר די הונדערטער פּאַסאַזשירן. נאָכן רייכן און פאַרשידנאַויסוואַליקן פרישטיק, סערווירט מען אויף אַ זילבערנער טאַץ די קעפּ פון אַ טוץ היטלערס פעדעראַסטן — אַ טייל פון דער שיינער פּראָגראַם אויף דער שיף כדי די רייזע זאָל זיך נישט צועסן.

אָבער ס׳איז געווען אַרויסגעוואָרפן די אַרבעט. דער „טהריל״, וואָס די קריסטלעכע פּאַסאַזשירן האָבן געקראָגן פון דער נייעס איז געווען בול — אַבסאָלוט גאָרנישט מיט גאָרנישט. זיי האָבן געבלעטערט דאָס צייטונגל, געלייענט די וויצן, געלייענט ספּאָרט, געלייענט די פּראָגראַם פאַר דער נאָכמיטאָג־אונטערהאַלטונג און זיך קנאַפּ אָפּגעשטעלט אויף היטלערס „בלוט־רייניקונג״.

און אַז איך האָב פּרובירט אַרויסצוקריגן אַ באַמערקונג פון אַ קריסטלעכן פּאַסאַזשיר וועגן די דאָזיקע וועלט־נייעס, וואָס איז געקומען פון דער יבשה, איז די באַמערקונג געווען אַ פלעגמאַטישע. אַ סך פּאַסאַזשירן האָבן צוגעגעבן אַז זיי האָבן די נייעס נישט געזען און ווען זיי זענען עס שוין יאָ דורכגעלאָפן מיט די אויגן איז די באַמערקונג געוויינלעך געווען —

„היטלער איז אַ פאַרדאַמטער נאַר!״ אָדער „הם... זאָלן זיי זיך פאַרדרייען זייערע קעפּ״ אָדער „דאָס איז בלויז אַן אָנהייב!״ אָדער נאָך אַזעלכע אומעמאָציאָנעלע ענטפערס. דער סקאַנדינאַווישער פריינט מיינער האָט מיר געגעבן אַ שאַרפע מאַרקסיסטישע דרשה און געשריגן, אַז — ביי גאָט! די דענער האָבן פיינט דייטשן און ס׳איז שוין צייט רוזוועלט זאָל זאָגן אַ וואָרט.

אָט די אַלע ענטפערס האָבן אָבער נישט געהאַט קיין יידישן טעם און האָבן מיך נישט באַפרידיקט. איך האָב ענדלעך איינגעזען, אַז היטלער פאַר מיר מיינט גאָר עפּעס אַנדערש ווי היטלער פאַר זיי. היטלער איז

1) טהריל — אינערלעכער ציטער.

פאַר זיי (מיט אָדער אָן כעס) דער דיקטאַטאָר פון דייטשלאַנד, און פאַר מיר מיינט היטלער — 600 טויזנט דייטש־ייִדישע ברידער — מיינע 17 מיליאָן ברידער און אונדזער באַרעכטיקטע מורא פאַר פאַשיזם; היטלער—המן—טאָרקוועמאַדע—כמעלניצקי—קרושעוואַן—יאָזעף האַלער — הכלל היטלער איז אַ לאַפּע, וואָס שרייבט מיט געוואַלט קאַפּיטלעך ייִדישע געשיכטע און דערפאַר מוז ער מיך בלוטיק אָנגיין.

אין דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַלן גן־עדן אויף דער שיף איז די היטלער־נייעס געווען דאָס ערשטע וואָס האָט מיר דערלאַנגט דעם פּאַטש איבער מיין ייִדישקייט.

איך האָב זיך דערפילט איינזאַם. איך האָב זיך געפילט באַליידיקט פאַר די ערשטקלאַסיקע נייעס, וואָס גייט אין ניזוועץ און וואָס ווערט אויפגענומען אַזוי קאַלט און גלייכגילטיק. איך האָב געזוכט אַ „וואָרעם ייִדיש האַרץ" וואָס זאָל מיר העלפן לאַכן, וויינען, אָבער אַלץ מיט דעם ייִדישן טראַפּ.

און כאָטש דער באָקסער האָט זיך באַקלאָגט אויף די ייִדישע בעסטעדס, וואָס באַהאַלטן זייער ייִדישקייט, האָב איך, אפשר אונטער דעם דרוק פון די היטלער־נייעס, אָנגעהויבן זען עטלעכע ייִדן. עס קאָן זיין, אַז זיי האָבן צוליב דער זעלביקער סיבה גענומען אַרויסקריכן פון באַהעלטענישן און זוכן קאָמפּאַניע.

קודם, דער ייִד אין די שטעקשטיך, מיט דעם געשוירענעם בערדל. אַ באַלעבאַטישער ייִד, וואָס איז געזעסן אויף אַ באַנק און אַריינגעקוקט אין אַ ספר. זיין קול האָט זיך נישט געהערט, אָבער דאָס מויל האָט געקייט די הייליקע ווערטער. אַ שיינער ייִד, ציכטיק, אָפּגעפּוצט און ייִדיש־אַריסטאָקראַטיש. שיינע אויסגעאיידלטע הענט, וואָס האָבן געמישט יעדעס בלעטל מיט איבערגעטראַכטער צוריקגעהאַלטנקייט, ווי עס וואָלט אים אַ שאָד געווען איבערצומישן און גיין ווייטער, ווען דאָס אָפּגעלערנטע בלעטל איז נאָך אַזוי פול מיט חכמה אַז עס איז אין לשער.

ער זוכט אויס דאָס ווייטסטע ווינקעלע. ער וויל קענטיק נישט, אַז אַפילו זיינע רוישלאָזע לאַטשן זאָלן זיך דערטראָגן צו די אויערן פון אַ פיינטלעכער און פרעמדער וועלט און נישט חלילה אויס מורא, נאָר דערפאַר ווייל אַלע האָבן אונדז פיינט.

אַזוי דערקלערט ער מיר, ווען איך פּאַרטשעפּע אים וועגן די נייעס. אים גייט נישט אָן די שחיטה. מיט גוטן יידישלעכן הומאָר פּאַרטייטשט ער מיר, אַז דאָס איז אַ פאַמיליען־אַנגעלעגנהייט און אַ היימישע חתונה. מיר זענען דאָ אינגאַנצן נישט קיין מחותנים, דער מוסר־השכל פון דער געשיכטע איז אַז אַלע האָבן אונדז פיינט.

ווי אַזוי די דאָזיקע מאָראַל קומט ווי אַ לאָגישער אויספיר פון די לעצטע נאַצי־געשעענישן, איז אַפילו שווער צו זען, אָבער ער פאַרזיכערט מיך, אַז מען קאָן אַלע שונאי־ישראל מבטל זיין, ווען מען קוקט אַריין אין אַ הייליקן ספר.

דער ייִד האָט אויסגעזען צו זיין אַ זיבעציקער, אויף דער גרענעץ פון די געשענקטע יאָרן, און פון אים האָט געשלאָגן מיט אַ רו, וואָס מען קען עס נישט קויפן מיט דעם קייסערס גיטער. נישט געווען אין אים קיין שפור פון דעם גייִעג אַריינצוכאַפּן וואָס שנעלער אַפילו אַביסל עולם־הבא אַז „דער טאָג איז קורץ און די אַרבעט איז פיל״ איז אים נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט געלערנט צוליבן פאַרגעניגן און הנאה פון אַ טיפן רעיון, ווייל עולם־הבא איז אַ בייזאַך, ווייל ביז עולם־הבא איז נאָך אַ ווייטער מהלך.

עס איז געווען אַ מחיה צו באַגעגענען אַ ייִד מיט דעם געמיט פון לאַאָ טזע'ס אַפאָריזמישער חכמה — אַ שטאַרקער קאָנטראַסט צום גע־ווייִנלעכן אַמעריקאַנער ייִדן, וואָס האָט מקבל געווען אויף זיך דעם דורכ־שניט־טרויִזם פון אַסעקוראַציע־טאַבעלן, אַז צו עטלעכע און פופציק יאָר פאַלט מען ווי אַ פערד. דערפאַר דאַרף מען וואָס גיכער אָוועקפּרעפּלען דאָס לעבן, שנעלער אָפּזיפּן די פליכטן, אַריינזיפּן דאָס ביסל גרויע פאַר־געניגן. דערפאַר דאַרף מען זיך אַפילו צו אייגענע קינדער באַציִען אָן צוגעוואָרצלטקייט און מיט אַ כאַפּ־לאַפּ, ווייל צו וואָס מאַכן נאָענטע באַ־קאַנטשאַפט? ווי לאַנג איז מען משטיינס־געזאָגט אַ טאַטע — בלויז וואָ־סערע צוואַנציק יאָר.

ס'האָט געשלאָגן פון אים מיט דער שבתדיקער מנוחה, וואָס האָט געהאַנגען ווי אַ סוד ביי אונדז אין הויז, ווען טאַטע־מאַמע האָבן פאַר־מאַכט די טיר און זענען זיך געגאַנגען צולייגן אַביסל נאָכן טשאָלנט; אַ רו וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן, ערשט ווען דער טאַטע האָט אַרונטערגע־

נומען די שטאַבעס און אייזערנע פּרענטעס פון געשעפט. דער געריך פון אייזן־זשאַווער, דער געפּרוירענער געקלימפּער פון קאַלטע שליסלען און דער ערשטער קונה אויף דער פּולער־וואָך, זענען געווען די סיגנאַלן, אַז גאָט פון אברהם האָט אָנגעצונדן אַלע בליצלאָמפּן און ס׳איז אַוועק שבת־קודש און געקומען די וואָך מיט זאָרגן.

און ס׳האָט דער ייִד אין די לאַטשן פּלוצים פּאַרקניפּט מיינע ערשטע זיבעצן־אַכצן יאָר אינדערהיים מיט מיין איצטיקער רייזע צוריק אַהיים צו זען דער מאַמען. אירע אויערן זענען געל ווי וואַקס, שרייבט מיר מיין מומע, זאָלסט תיכף אַלץ איינפּאַקן און פאָרן און השם־יתברך זאָל העלפן דו זאָלסט זי נאָך טרעפן.

פּאָרט איצטער די שיף צוריק צו מיינע יונגע יאָרן, ווי זי וואָלט געשווימען צוריקצוועגס. די צוויי צענדליק יאָר אין אַמעריקע זענען פּלו־ים צעריבן געוואָרן אונטער די הענט. דער עיקר זענען עס איצט די ערשטע יאָרן וואָס זוכן זיך אָנצוקניפּן אין אַלץ וואָס איז מיר ווידער באַשערט אינדערהיים, ווי צוויי אויסגעהוילטע העלפטן פון אַ שפּילצייג וואָס ווילן ווערן גאַנץ.

אַ מבול פון אויטאָביאָגראַפישע ברעקלעך האָט גענומען פאַלן אויף מיר פון אַלע זייטן. כ׳האָב שטאַרק געקעמפט קעגן דעם נסיון, אַז כ׳זאָל שוין איצט, און נישט מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר שפּעטער, נעמען אונטער דעם לאַנצעט מיינע ערשטע יאָרן. וואָס וועל איך טון צו זעכציק, ווען די ליטעראַטור, אונטער דעם דרוק פון עקאָנאָמישן „דרייסיק יעריקן קריג״, וועט מסתמא אינגאַנצן האָבן אָנגעוואָרן האַפט, און ס׳וועט בלויז בלייבן דער נייגיר פון אַלטע רכילותניצעס אַריינצוקוקן איינער צום אַנ־דערן אין „ספר החיים״? אָבער כ׳האָב אָנגעהויבן רעסטאַווירן זיך, ווי כ׳האָב עס קיינמאָל נישט געטון אין די צוואַנציק יאָר, וואָס כ׳בין געווען אַוועק פון דער היים.

נישט קיין פּיפּערנאָטערס און נישט קיין עקדישן, נישט קיין בופל־אָקסן און נישט קיין ווילזלטירס, נישט קיין לייבן און נישט קיין לעמפּערטן, אַפילו נישט קיין ווידערס און קיין הירשן — ווער קען פאַרשטיין דעם צער פון אַ קינד וואָס די אַלע חיות זענען נישט אַרומגעלאָפן אין לובלין! ערגעצוווּ זענען ווייטע לענדער געבענטשט מיט אַלדאָסגוטס, אָבער לוב־

לין פאַרמאָגט נישט קיין טשיקאַוועקייטן — אַ חוץ אַ שטאָט־זייגער און אַ פייערלעשער וואָס טראָמפּייטערט אויס ביינאַכט די פערטל שעהן, האַלבע שעהן און גאַנצע שעהן ביז חצות, ווען אַלץ שלאָפט אַחוץ די רירעווודיקע מתים אַרום דער שול.

אויף די קליינע מאַפּעס איז מיין לובלין אַפילו נישט געווען אָנגע־צייכנט, בלויז אויף גרעסערע לאַנדקאַרטעס האָב איך געזען אַ דין־דין שטריכל מיט קוים באַמערקלעכע אותיות — ליובלין, און אויף גאָר־גאָר גרויסע מאַפּעס האָט מען אַפילו געקענט זען די ביסטריצאַ, דאָס איז אונ־דזער ביסטשיצע, דאָס טייכל וואָס קערט זיך אָן אַ שטיקל שני־בשלישי מיט דער ווייסל פון מיין שטאָלצער און גרויסשטעטישער וואַרשעווער משפחה.

העט פאַרן עמבריאָ — אַן עלטערזיידע פון טאַטנס צד מיט דעם דייטשמערישן נאָמען ענזל און אַ זיידע יאָסל ענזלס. (כ׳האָב זיי ביידן נישט געקענט). ענזל איז פאַר מיר געווען נישט מער ווי אַ נאָמען, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ צונאָמען. די פאַמיליע־אַרכיוון, דאָס הייסט די על־טערע פעטערס און מומעס, האָבן אים געהאַט פאַרצייכנט פאַר אַ ייִד, וואָס האָט פאַרדינט זיין וואַסער אויף קאַשע פון שמשות. אַ שטילער ייִד, וואָס האָט נישט אויסגערעדט קיין הויך וואָרט און וואָס האָט מיט זיין גאַנצער הנהגה אַרויסגערופן דעם פאַרדאַכט, אַז ער איז אפשר גאָר אַ למד־וואָווניק. דער זיידע יאָסל ענזלס איז שוין מער פלייש און בלוט אַ ווייכהאַרציקער עקספּלאָטאַטאָר וואָס האָט געהאַט אַ וואַרשטאַט, ווו מ׳האָט גענייט וויפּראַוועס פאַר פריצישע קינדער, פאַר דעם גובערנאַטאָרס טעכטער און גלאַט פאַר גרויסע נגידותטעס. פאַר אים האָבן געאַרבעט אַ דרייסיק מיידן, וואָס האָבן געגעסן און זענען געשלאָפן אויף טאַפּטשאַנעס, אין דעם זיידנס קאַמעניצע. דאָרט האָבן זיי געטרילערט זייערע ליבע־לידער, דאָרט האָבן זיי געקראָגן נדן און פון דאָרט האָבן זיי חתונה געהאַט.

מיין זיידע אַליין איז קיין גרויסער למדן נישט געווען, אָבער ער האָט פרום אָפּגעהיט יעדן טאָג דעם חוק לישראל און דאָס דאַווענען בציבור. בעת די פאַעטאָנען זענען געשטאַנען אַרום הויז און געוואַרט אַז יאָסל ענזלס זאָל קומען און מיט זיינע אייגענע הענט מעסטן דאָס חתונה־קלייד. האָט ער געשמאַק געדאַוונט און געוווסט אַז מעט וואַרטן. און געווען איז

ער, דערציילן מבינים, סך־הכל אַ קאַליקע אַ שניידער, אָבער ער האָט גע־האַט פּערזענלעכן חן און מזל צו מענטשן. זיבן זין ווי די סאָסנעס האָט יאָסל ענזלס איבערגעלאָזט און אַ גרויס אָרעמקייט פֿאַר אַ ירושה פֿון אַלע זיינע גליקן. ווען ער איז געשטאָרבן פֿון אַ בלוט־שטורץ איז געבליבן אַן אַלטע קאַמעניצע, אָבער גיי גריזשע שטיינער, ווען מען איז הונגעריק און די געדערים מאַכן אַ טומל.

געשטאָרבן איז יאָסל ענזלס פֿון עגמת־נפֿש, וואָס מיין טאַטע, זיין זעקסטער זון, איז אַוועק דינען פּאַניען.

פֿון דער מאַמעס צד — קליינשטעטלדיקע פּוילישע רבילעך און אַז עלטערבאָבע דרעזל, וואָס איז געבליבן אַ יונגע אלמנה. ווען איר מאַן איז געשטאָרבן איז די באָבע דרעזל געווען פֿאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפֿט אַ זעקס וואָכן. און ווייל דאָס האָט געקענט פֿירן צו מיאוסע רכילות האָט זי פֿאַרכאַפּט דעם וועג אַלע אומריינע מיילער און זי האָט אויסגערופֿן אויפֿן בית־עולם פֿאַר קבורה, אַז זי שוואַנגערט און אַז מען זאָל חס־ושלום נישט מוציא־שם־רע זיין אויף איר. אַזוי האָט די באָבע דרעזל נישט גע־וואָלט ריזיקירן מיט מאַלע וואָס מענטשן קענען זאָגן. און טאָמער איז דאָס ווייניק, האָט זי זיך טאָפּלט פֿאַרזיכערט און אַ נאָמען געגעבן די טאָכטער בינע, נאָך איר מאַן בנימין.

אַזוי ווי איר מאַן איז געווען אַ קדוש וטהור, האָט די עלטערבאָבע געקראָגן אַ וויכטיקע קהלשע קאָנצעסיע — זי איז געוואָרן די טיקערין. די עלטערבאָבע האָב איך געקענט און איך געדענק זי זייער אַקוראַט ביים אויספֿירן פּינקטלעך און שטרענג אירע פֿליכטן. ווייזט אויס, אַז די מאַמע האָט מיך נאָך דעמאָלט געהאַלטן פֿאַר אַ קנאַפּן מאַנספּאַרשוין ווען זי האָט מיך מיטגענומען אין מקוה. מיך האָט מען אַוועקגעזעצט אויף אַ באַסער באַנק, בעת די ווייבער און יידענעס האָבן זיך גוט־יידישלעך גע־פּלעסקעט אין וואַסער לויט אַלע דינים, אונטער דער שטרענגער און קאָמפּעטענטער אויפֿזיכט פֿון מיין עלטערבאָבען.

און אַז די עלטערבאָבע האָט זיך געקענט אָפּרייסן פֿון דער אַרבעט, האָט זי מיר אונטערגערוקט אַ דרייער און מיר אָנגעווונטשן אַז מיין כשר הערצעלע זאָל זיין אָפֿן פֿאַר תורה, ווי גאָטס היכל.

## יעקב גלאַטשטיין

איר זון איז נעבעך געבליבן אַ ווײַסטער יתום צו זיבעציק יאָר, ווען די מאַמע איז אים אַוועקגעשטאָרבן צו הונדערט. דער זיידע אברהם איז געווען אַן אַלמן און זינט איך געדענק אים האָט ער געוווינט מיט אונדז. דער זיידע איז געווען אַ טייל פון הויזגעזינד ווי דער טאַטע, די מאַמע און די ברידער.

דער זיידע אברהם האָט געהאַט אַ ווײַסע באָרד, וואָס איז אַ ביסל איבערגעפּירט געוואָרן און איז געוואָרן גרינלעך פון שמעק־טאַבאַק. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך טאַבאַק־שקעטעלעך, אָבער אַלע זענען געווען פּראָלעטאַרישע — ביינערנע, הילצערנע, און קיין איין זילבערן שקעטעלע, אָפּגערעדט פון אַ גילדנס.

דעם זיידנס טואַלעט האָט געדויערט אַ סך לענגער ווי פון אַ פּריימאַדאָנע. איידער ער האָט געמאַכט זײַן אויפטריט אין גאַס האָט ער זיך געפּוצט די שטיוועלעך, געקעמט די באָרד און זיך געשפּיגלט. ווען ער איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר, פלעגט ער מיך צורופן פאַר דער לעצטער, שטרענגער אינספּעקציע, אויב ס'פאַרוואַלגערט זיך חלילה נישט קיין פעדער'ל אויף אים. אַלע פרייטיק איז ער געגאַנגען אין מרחץ און ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער נאָך געהאַט צייט פאַר אַ דרעמל, איידער ער' איז געגאַנגען אין רבינס בית־מדרש מקבל שבת זײַן. און ביי אונדז איי' הויז האָט זיך געפירט, אַז קיינער האָט זיך נישט צוגערירט צום קוילעטש, ביז דער זיידע האָט נישט קידוש געמאַכט.

געווען איז ער אַ גאָלדשמיד און ער האָט געהאַט מאָדנע מכשירים און דער מאָדנעסטער פון אַלע איז געווען אַ פייער־בלאָזער צו שמעלצן גאָלד, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ קאָפּעטש איבערן גאַנצן הויז. ער האָט גערייניקט פינגערלעך, אויריננגלעך און ציטערשפּילקעס. אָבער דאָס איז געווען אַלץ אומזיסט, פאַר דער גאַנצער משפחה, אַחוץ פאַר דער מאַמען, וואָס האָט זיך באַדאַרפט קריגן מיט אים שיינע עטלעכע וואָכן, ביז ער האָט זיך צוגערירט צו איר גאָלדוואַרג.

ער פלעגט זיך אַמאָל אַרויסלאָזן מיט זײַן פּעקל געצייג איבער די קליינע שטעטלעך און איז אַלעמאָל צוריקגעקומען מיט אַ פיינעם דעפּיציט, וואָס ער האָט געמוזט דעקן מיט עטלעכע היבשע טרינק־בראָנפן און אַ געשמאַקן מאָלצייט.

דער זיידע פּלעגט נאָך אַזאַ דערלובאַכץ ווערן רויט ווי צוויק און די בלויע זאַרגלאָזע און קינדישע אויגן האָבן זיך אים גענומען קלעפּן. באַלד האָט מען אים שוין געזען ליגן אויסגעצויגן אויף זיין בעט און מען האָט אים געהערט אַריינשנאַרכן אין דער אונטערשטער ליפּ און אין דער באָרד אַריין, וואָס האָט זיך געהויבן רעגלמעסיק אַראָפּ און אַרויף ווי אַ האַרץ.

מיר, די קינדער אין הויז, האָבן געמוזט גיין אויף די שפּיצפינגער, ווייל די מאַמע האָט מיט אַ האַלבן שטאָך און האַלבן באַפעל אָנגעשריגן, אַז דער זיידע, דער גרויסער פאַרדינער, איז צוריקגעקומען פון מרחקים און ער כאַפּט אַ דרימל.

די שיף האָט זיך קוים־קוים געהוידעט. דער ייד אין די לאַטשן האָט פאַרמאַכט די אויגן און געכאַפּט אַ דזשים. די לופט איז געוואָרן אַביסל שאַרפער און פון ים איז געקומען דער ווונדערלעכער קילער אַראָמאַט פון וואַסער, וואָס איז שוין־לאַנג אָנגעוואַרעמט געוואָרן פון דער זון.

III

דער צווייטער ייד האָט זיך אַזוי גיך נישט געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענטקע. ער איז געגאַנגען געאָרעמט מיט אַ דיפּלאָמאַט פון האַיטי, וואָס האָט גערעדט אַ האַרצרייסנדיק־שיינעם פראַנצויזיש. דער דיפּלאָמאַט פון האַיטי איז געווען אַ מולאַט, אָבער אין אים איז נישט געלעגן קיין שפלות. ער האָט זיך געהאַלטן העפלעך אָבער שטאָלץ. אפשר איז ער גאָר געווען אַן אוראייניקל פון טוסען ל׳אואווערטיור, דער נעגער־שקלאַף וואָס האָט אויסגעקעמפט די אומאָפּהענגיקייט פון האַיטי און האָט עלעקטריזירט די גאַנצע וועלט מיט זיין מיליטערישער געוואַגטקייט, אַז איראָפּע האָט אים אַזש געקרוינט מיט דעם נאָמען „שוואַרצער נאַפּאָלעאָן״.

דער דיפּלאָמאַט האָט גערעדט הויך און קאָקעטיש אַז אַלע זאָלן הערן ווי שיין און פּערלדיק פראַנצויזיש קען קלינגען. ער האָט גערעדט מיט אַלע חושים און אַרויסגעבראַכט אַלע באַהאַלטענע אַקצענטירונגען. זיין באַגלייטער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט און ער איז געווען אין זיבעטן הימל, ווען ער האָט געקענט אַריינשטעקן אַן אייגענעם פראַנצויזישן זאַץ,

וואָס האָט ווידער אַרויסגערופֿן ביים מולאַט אַ גאַנצן שטראָם מיט נייע עלעגאַנצן פֿון שפּראַך. ער האָט איינגעשנורעוועט דאָס מויל מיט די דיקלעכע ליפּן, אַז עס איז אויסגעקומען ווי אַ דאַמסקע מײַלעכל און מיט דעם פּיסקל פֿון אַ שלײַען האָט ער יעדעס וואָרט דערלאַנגט אַ קוש און עס אָפּגעלאָזט ווי אַ פֿייגעלע.

דער דיפּלאָמאַט פֿון האַיטי איז געווען שלאַנק. די שטריכן פֿון זײַן מולאַטיש פּנים זענען געווען געטאָקטע. די נאָז אַ לאַנגע, כמעט אַ יידיש־לעכע און באַהויקערטע. ער האָט פֿאַרמאָגט כיטרע אויגן און אַקטיאָרישע זשעסטן. ער האָט לאַנגזאַם און גאַלאַנט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, ווען ער האָט זיך פֿאַר עמעצן פֿאַרדאַנירט פֿאַר דעם מינדסטן באַריר, וואָס האָט געקענט ווײַטלעך אויסגעטײַטשט ווערן ווי אַ שאָטן פֿון אַ שטויס. קורץ, ער האָט פֿאַרמאָגט אַלע שמד־שטיק פֿון אַ דיפּלאָמאַט, כאָטש ער איז געווען שוואַרץ און כאָטש ער קומט פֿון אַזאַ אומדיפּלאָמאַטישער רע־פּובליק ווי האַיטי.

זײַן באַגלייטער איז געווען אַ סך נידעריקער און דער שלאַנקער דיפּלאָמאַט האָט זיך אַלעמאָל אָנגעבויגן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויס־גלײַכן מיט דעם קורץ־געוואַקסענעם מיטשמועסער — דאָס איז אויך גע־ווען אַ זשעסט פֿון גרויס איידלקייט, כדי זײַן הייך זאָל נישט צו־שטאַרק אונטערגעשטראָכן ווערן. ווען איך האָב דעם נידעריקן מיר־ניט־דיר־ניט פֿאַרטשעפּעט מיט היטלערן, איז ער געבליבן שטיין ווי אַ פֿאַרהיפּנאָטי־זירטער האָן. אַ ווײַל האָט ער זיך נישט גערירט פֿון אָרט. פּלוצים האָט ער אויטאָמאַטיש אָפּגעלאָזט דעם דיפּלאָמאַטס אָרעם און דער שלאַנקער מולאַט, ווי גאַרנישט וואָלט געשען, האָט מיט דער זעלבער גראַציע און מאַנירלעכקייט אַ כאַפּ־געטון אַ דאַמע ווי צו אַ טאַנץ, און ער האָט מיט איר פֿאַרגעזעצט זײַן שפּאַציר אויף דעם זונדעק.

דער קורץ־געוויקסיקער איז געבליבן שטיין מיט מיר און ער האָט דעם העלד זײַנעם נאָכגעקוקט מיט אַ פֿאַריתומטן בליק

פֿונוואַנען איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַז ער איז אַ ייִד? פֿרעגט ער, ווי ס׳וואָלט אים געטראָפֿן אַ גרויס אומגליק, אַז סך־הכל איז ער נישט קיין געוויינלעכער פּוילישער ייִד, נאָר ער איז גאָר אַ האָלענדער.

ער איז שיקלדיק אויף אַן אויג, וואָס האַלט אין איין פאַרשווינדן און קומט גלייך אַרויס פון באַהעלטעניש. ער איז אַ פלעגמאַטיקער און דער פאַרזיכטיקער, ערשט פון דער נאָדל אויסגעשטודירטער, ענגליש זיינער פּאַסט זיך צו זיין גאַנצער נישט־רירעוודיקייט. די הענט רירן זיך נישט, די פיס זענען שווער און די געדאַנקען, וואָס ער זעצט איבער פון האָ־לענדיש אויף זיין ענגליש, קומען אַרויס נאָך שווערער. ער באַטראַכט דעם געשפּרעך מיט מיר ווי אַ סאָרט געפעכטש און ער רעדט צו מיר מיט ביטערקייט און וואַרט די גאַנצע צייט, אַז איך זאָל נעמען די אָפּענסיווע.

איך בין דווקא און גראָד אַ פּוילישער ייִד, גיב איך אים אַ וואָרף אַריין.

ער מאַכט מיר דעם גויישקן קאָמפּלימענט, אַז איך זע עס נישט אויס. אַז איך גיב אים אַ פרעג וועגן זיין אָפּשטאַמונג, וויל ער באין־אופן זיך נישט לאָזן דערקענען צו מיר, אַפילו נישט דורך זיין עלטער־זיידן, וואָס מיר שפּאַנישע ייִדן, וואָס מיר צוגעוואַנדערטע פּוילישע ייִדן, וואָס מיר ברוך שפּינאָזאַ — ער שטאַמט פון דור־דורות האָלענדישע ייִדן און אַ סוף אַן עק.

איך וויל אים פאַרקערעוועןְ אויף פילאָלאָגיע און פרעג אים אויב ער האָט נאָך ביי זיך אין דער משפחה געהערט רעדן דעם אַלטפּרענקישן האָלענדישן ייִדיש, אָדער ערגעץ צופעליק אין דער ייִדישער אַמסטערדאַ־מער געטאָ, אָבער ער טרייסלט זיך אָפּ פון אַלץ, ווי ער וואָלט מורא געהאַט ס׳זאָל זיך צו אים צוקלעפּן אַ פאַרדאַכט, אַז ער האָט צו טון מיט עפּעס וואָס איז נישט האָלענדיש. ער גיט מיר די קאַרגע אינפאָרמאַציע, אַז ער שטאַמט פון רייכע סוחרים, אַז ער האָט געמאַכט אַ קורצן וויזיט קיין אַמעריקע, ווו ער האָט פאַרבראַכט בלויז דריי וואָכן און איצט פאָרט ער צוריק אַהיים צום טאַטן אין געשעפט אַריין.

די ייִדן אין האָלאַנד? ער וויל אינגאַנצן נישט רעדן וועגן דעם, איידער ער דערלאַנגט מיר די נוצלעכע לעקציע, אַז די האָלענדישע ייִדן זענען פריִער פון אַלץ גוטע האָלענדער און ערשט דערנאָך ייִדן. זיי האָבן אַ שטאַרקן אינטערעס צו פּאָליטיק. זיי זענען פּאַטריאָטן און ערשט ווען זיי שעפּן אינגאַנצן אויס אַלע זייערע פליכטן צום לאַנד ביז צום דנאָ, אַז מען קען צו זיין קיין פּרעטענזיעס נישט האָבן, זענען זיי ייִדן אויך,

אָבער דאָס ייִדישקייט זייערס זעט זיך קוים אָן אויפֿן שפּיץ גאָפּל.

מיט וואָס זענען זיי צוגעבונדן — פֿרעג איך אים, — צום ייִדישן כּלל?

מיט גאָרנישט — שטרייכט ער אונטער מיט האַרץ, צופֿרידן וואָס איך האָב אים געגעבן אַ געלעגנהייט צו איזאָלירן דעם האָלענדישן ייִדן — די אמתע האָלענדישע ייִדן זענען עפּעס אַ דערשיינונג פֿאַר זיך. אַ מין דרייצנטער ייִדישער שבט אָן געשיכטע און אָן טראַדיציע. אפֿשר זענען ערגעץ באַגראָבן אַפּאָקריפֿן, וואָס וואַרפֿן אַ ליכט אויף זייער אָפּשטאַם (ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש, אָבער עס איז קענטיק, אַז ער וויל זיך שפּילן באַדיי מיט נאַיִוויטעטן, איידער אַרויסצוקומען מיט אומווילקיקע אמתן).

לאַנגזאַם אָבער קומט ער פֿאָרט אַרויס מיט לשון. די האָלענדישע ייִדן האָבן פֿיינט פּוילישע ייִדן, נישט ווייניקער פֿון די קריסטן. ווען די פּוילישע ייִדן שלומפּערן זיך אַרום אויף די אַמסטערדאַמער גאַסן מיט זייער לעכערלעכן פּויליש־ייִדישן טראַכט און מיט זייערע לאַנגע קאָלטע־נעוואַטע בערד, איז עס אַ שאַנדע פֿאַר די קריסטן, וועלכע זענען טאָלע־ראַנט און געדולדיק. די פּוילישע ייִדן טוען די ייִדן אין האָלאַנד אַ סך שאָדן. זיי פֿאַרפֿאַטשן זיי דאָס פּנים. די האָלענדישע ייִדן זוכן זיך מיט זייער גאַנץ וועזן אָפּצוגרענעצן פֿון די דאָזיקע לייט, אָבער עס איז שווער־לעך צו איבערצייגן די קריסטן. ס׳פֿאַלט פֿאָרט אַ שטיקל אחריות אויף די האָלענדישע ייִדן.

פֿאַרוואָס קומען זיי שטערן די גוט־איינגעאָרדנטע רו פֿון אונדזערע עלטער־עלטער זיידעס? איך אַליין, שווערט ער מיר, ווער רויט, ווען איך זע אַ פּוילישן ייִדן. פֿאַרוואָס מוזן זיי אויפֿרייסן די אויגן מיט זייער פֿאַר־עקשנטער אַנדערשקייט?

פֿאַרוואָס, מאַך איך זיך טאַמעוואַטע, דאַרף דאָס אייך אַרן? אַרט אייך אַ כינעזער? אַ הינדוס? אַ נעגער? כ׳הייב אָן צו פֿאַרדעכטיקן, נעם איך אים אַביסל די לעבער, אַז איר זענט גאָרנישט אַזאַ באַפֿרייטער האָלענדער ווי איר ווילט זיך איינרעדן, ווייל אויף אייערע פּלייצעס מוזט איר טראָגן ווי אַ געלע לאַטע די בושה פֿאַר דעם פּוילישן ייִדן, וואָס איז נישט אייער פּעטער און אַפֿילו נישט אייער געשוועסטערקינד.

אָבער ער לאָזט מיין שטאָך אומבאַמערקט און ער מאָלט פאַר מיר, ווי די ייִדן אין האָלאַנד האָבן זיך געפילט אייזן־שטאַרק אין זייער איינ־געפונדעוועטקייט, ביז דער היטלער האָט גענומען בושעווען.

ביי אונדז איז אָבער דערוויל קיין אַנטיסעמיטיזם נישט קענטיק, אַלע זענען גלייך. ביי אונדז זענען דאָ ייִדישע מיניסטאָרן, ריכטער, פּראָ־מינענטע געשעפטסלייט און אַלץ וואָלט געווען רויִק, אָבער מיט היטלערן נישט ווייט — האָלענדער האָבן אַפילו נישט שטאַרק ליב די דייטשן, אָבער ווער קען וויסן? ביז היטלערן האָט מען געלעבט זייער באַקוועם.

איר שרעקט זיך, הייסט עס, פאַר היטלערן.

ער גיט צו, אַז ער פילט זיך נישט גאָר זיכער.

און אָט־דער היטלער־שרעק פאַרברידערט אייך נישט־ווילנדיק מיט די אַנדערע צוועלף ייִדישע שבטים, וויל איך מיין האָלענדישן שיף־ברודער אָנכאַפּן ביי אַ לאַץ און אים האַלטן.

ניין! בשום אופן נישט פאַרברידערט! מיר זענען פריִער פון אַלץ, ווי איך האָב שוין באַמערקט, גוטע האָלענדער.

איך בין היבש מיד געוואָרן פון דעם שטרויענעם דועל. מיין יונגער צוויי־הונדערט פּראָצענטיקער האָלענדער האָט אוודאי געמיינט, אַז ער רעדט מיט זיין אייגענער שטים, אָבער איך האָב געהערט דאָס וויל־באַקאַנטע פאַרזשאַווערטע קול פון אַ טייל ברידער מיינע, אין זייער פאַר־שידנלענדערדיקער און פילשפּראַכיקער צוגעפּאַסטקייט.

אָבער ווי סעפּאַראַט־האָלענדיש איר זאָלט נישט זיין — וואַרף איך אים צו אַ גרויזאַמען שמייכל — זענט איר אָבער לויט דער סאַמע לעצטער וויסנשאַפט אַ נישט־אַריער. די גוט־באַגרינדעטע ראַסן־לערע וועט אויף אייך אַרויפלייגן די לאַפּע און אייך דערטאַפּן, ווי האָלענדיש איר זאָלט נישט זיין. און ניט־אַריער, מיין ליבער פריינט, זענען איצט גאַנצע זיבעצן מיליאָן ייִדן, נישט נאָר וואָסערע 600 טויזנט דייטשע ייִדן. איר און איך, דער אַמעריקאַניש־פּויליִשער ייִד, ווען מיר קוקן זיך אָן אין דעם נייעם טעווטאָנישן שפּיגל, זענען מיר גלייכע ניט־אַריער.

און איך וויל אים אָפּלאָזן, אָבער ער לאָזט שוין מיך נישט אָפּ. ער וויל רעדן וועגן ייִדן און ייִדישקייט, ווי אַ מענטש וויל אַמאָל קראַצן אַ

ווּנד. רעדוציר איך שוין ווידער דעם געשפּרעך צו דרדקי־פּראַגעס און איך שטעל אים אַזאַ קלאָץ־קשיא:

ווען איר הערט, אַז אין כינע ווערן אויסגעשאָכטן כינעזער און אין דײַטשלאַנד יידן — וואָס גייט אייך אָן מער?

איך קעמף מיט זיך. ווי אַ ציוויליזירטער מענטש, וויל איך, אַז ביידע זאָלן מיך גלייך אָנגיין, אָדער גלייך נישט אָנרירן. אָבער מען מוז פּאָרט צוגעבן, אַז די נייעס וועגן יידן טרעט צו אַביסל נענטער צו מיר.

פּאַרוואָס ?

פּאַרוואָס ?

איך כאַפּ זיך, אַז מיר האָבן ביידע געפרעגט די זעלביקע פראַגע אין דער זעלביקער צייט.

אפשר, באַמערקט ער, איז עס פּערזענלעכער שרעק, אַז יידישע צרות פון אַלגעמיינע יידן וועלן אויך דערשווימען צו די האָלענדישע יידן. און דאָס וואָלט געווען אַן עוולה, רעדט ער מיט אַ רירנדיקער נאַיווער אָפּנ־האַרציקייט, ווייל האָלענדישע יידן זענען אַזוי אַנדערש. זיי זענען, ווי איך האָב שוין פריער פעסטגעשטעלט, פריער האָלענדער און ערשט שפּעטער יידן.

און אַזוי איז ער צוריקגעקומען צו זיין איינגעשטודירטן מאָנאָטאָן. ער איז געוואָרן באַרעדעוודיק. זיין שטים האָט נישט פאַרמאָגט קיין מוזיק. אַטאָנאַלע ווערטער אָן עכאָס. ער האָט געמאָלן און געמאָלן. ער האָט זיך געוואָרפן מיט דעם ביסל בילדונג זיינעם, ער האָט מושטירט נעמען פון פילאָזאָפן, שרייבער, מוזיקער און איך האָב גאָר געטראַכט פון קיך־בילדער — אַ האָלענדישע מיל, שווערע הילצערנע שיך מיט אַרויפגע־בויגענע נאָסקעס, נאַרישע פלאַקסענע האָר און פאַרטראַכטע פינגער, וואָס מעלקן אַ קו. און פון קאַניטפאַרשטאַן, אַ העלד פון מיינע כרעסטאָמאַ־טיע־יאָרן, וואָס לעבט און לאַכט און שטאַרבט אין איין טאָג. אַ קולטור־רעלע אַ שיינס, אַ פיינס, אַ ריינס, אָבער פאָרט אַ קולטורעלע; און מיט דעם מוז זיך אונדזערס אַ „דרייצנטער שבט״ צוזאַמענוואַקסן ווי אַ ראַק, ביז צום נישט דערקענען, ביז צום נישט געדענקען — אַפילו די ברייטע, פעטע, פאַטריאַרכאַלישע יידן פון רעמבראַנדט; אַפילו נישט דעם טערפקע

יידיש־קריסטלעכן טעם פון דעם טראַקטאַטוס טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטיקוס פון בענעדיקטוס —

לעצטנס, מאָלט ער און מאָלט, ליידן די האָלענדישע יידן פון דעם ציוניזם, וואָס האָט ווי אַן עפּידעמיע אַרומגעכאַפּט די יוגנט. איר פאַר־שטייט, צו זיצן אין האָלאַנד און חלומען פון פּאַלעסטינע! זיינער אַ קוזין, אַ העכסט־געבילדעטער יונגערמאַן, אַ זון פון אַ רייכער פאַמיליע, האָט אַלץ אויפגעגעבן און איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, ווו ער אַרבעט שווער און ביטער. זיינע עלטערן ווילן אים נישט קענען און ער שרייבט זיי נאָך בריוו און רייצט זיך מיט זיי, אַז ער איז גליקלעך, ער האָט גע־פונען אַן ערד אונטער זיינע פיס. פאַרוואָס זאָל אַזאַ יונגערמאַן, וואָס האָט שוין געהאַלט ביי שמדן זיך, פּלוצים ווערן אַ ציוניסט? ווער ווייסט? דער טייוול זאָל עס נעמען! אַ צאָל יידן וואָס זענען געווען מער קריסטן ווי יידן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אידענטיפיצירן אַקטיוו מיטן ציוניזם. דווקא די סאַמע דערוויטערטסטע און סאַמע האָלענדישסטע יידן. דאָס איז אפשר היטלער־פּאַניק, טרייסט ער מיך, אָבער נאָך מערער זיך אַליין. די גוטע האָלענדישע יידן קוקן קרום אויף אַזעלכע ציוניסטישן פלירטן. עס איז שעדלעך! עס קען נאָך איבערפירן דעם גאַנצן רעספּעקט פון די קריסט־לעכע שכנים, אַ רעספּעקט וואָס די יידן האָבן מיט אַזויפיל מי און באַ־זאָרגטקייט, קולטיווירט און אָנגעזאַמלט אין משך פון דורות. ציוניזם איז אַ גרויס געפאַר פאַר אונדז. ווען דער האָלענדער זאָל זיך דערוויסן, אַז אונדזער האַרץ ליגט אויסער די גרענעצן פון האָלאַנד —

פאַרוואָס שמדט איר זיך נישט? — פרעג איך אים פּלוצים.

ער באַליידיקט זיך גאָרנישט אויף מיר. זיינע נישט געפאָרטע אויגן גיבן צום ערשטן מאָל אַ בליץ מיט בענקשאַפט. ער פאַרטרויט מיר, אַז אים ציט זייער שטאַרק צו דער ראָמאַנטיק פון דער קאַטוילישער קירכע. ער האָט זיך שוין אַ סך מאָל באַראַטן מיט זיין פאָטער, אָבער דער אַלטער האָט אים אָפּגערעדט, כאָטש קיין גוטע פעסט־פּרינציפּירטע מאָטיוון האָט ער אים נישט געקענט געבן. ער וועט די פראַגע מיט אים ווען עס איז נאָכאַמאָל באַהאַנדלען. ער האָט ליב וויירעך און די טעאַטראַלישקייט פון קאַטאָליציזם. אָדער אפשר וועט ער גאָר כאַפּן און פאָרן קיין ארץ־ישראל, כדי אויפן פּלאַץ צו זען וואָס פאַר משוגעת דאָס איז. אפשר, לאַכט ער אומ־

הימלעך, וועט זיין האַרץ דאָרט אַנהייבן קלאַפּן ביבליש און ער וועט אויך האַקן שטיינער אויף אייגענער ערד. אפשר וועט ער דאָרט ווערן דער קאָ־לומבוס פון זיין יידיש לאַנד. אפשר וועט ער דאָרט דערהערן דעם גאַנצן דיאַפּאַזאָן פון דער יידישער שטימע ווי זי רופט צוזאַמען אירע אַלע קינדער פון דיאַספּאָראַ.

דיאַספּאָראַ! דיאַפּאַזאָן!

ווי שענער, לייכטער און האַרציקער ער וואָלט עס געמאַכט מיט קול ברמה נשמע, נהי ובכי תמרורים רחל מבכה על בניה.

צום סוף האָט ער מיך אָפּגערעדט פון באַזוכן האָלאַנד, אויב עס זאָל מיר איינפאַלן אַזאַ געדאַנק. עס איז נישטאָ וואָס צו זען, זאָגט ער, אַרויס־רופנדיק זיין שיקלדיק אויגל פאַר אַן עדות.

אָבער איך פאַרדעכטיק, אַז דאָס רעדט ער מיך אָפּ, ווייל ער וויל נישט אַז נאָך אַ פּוילישער ייד זאָל זיך אַריינכאַפּן קיין האָלאַנד. ווער ווייס, וויפל איין פּוילישער ייד קען נאָך חלילה קאַליע מאַכן.

## IV

איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך בין אייך מקנא, וואָס איר קענט זיך אַוועקזעצן און רעדן מיט אַזאַ נפש, מיט אַזאַ שמענדריק. ווען איך כאַפּ אַזאַ יידל אין מיין שטאָט, ווען איך קריג אַזאַ יידל אַריין צו מיר אין די הענט, וואָלט איך אים גוט אויסגעפּראַסקעט און אים נאָך דערלאַנגט צוויי פּעטש פאַר אַ צוגאָב.

אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער און מיט אַ ברייט מויל געזונטע ציין, וואָס קענען צעמאָלן אַ גאַנץ ברויט, מיט לאַנגע שווערע הענט און לאַכע־דיקע קעצענע אויגן, האָב איך פונדעסטוועגן נישט באַמערקט די גאַנצע צייט, ווי ער האָט זיך אונטערגעהערט צום געשפּרעך מיט דעם האָלענדישן יידן.

איך קען אויך אַביסל דרעפּטשען ענגליש. אַזאַ ענגאַליש ווי דער וועוריק האָט אַוועקגעלייגט קען איך נאָך פאַרשטיין. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אַקוראַט אַזאַ יידל וואָלט באַדאַרפט אַריינפאַלן צו אונדזערע יינגלעך.

זיי וואָלטן אים שוין געמאַכט פאַר אַ לייט. זיי וואָלטן איר אַריינגעשלאָגן אַ ביסל שכל, אָדער מען וואָלט אים אינגאַנצן געמאַכט פאַר אַ הרוג. ווער? ווו?

ער האָט זיך פאַרשעמט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פון מיטן און מיר נאָך נישט געהאַט צייט צו זאָגן, אַז ער קומט פון קאָלאָמביאַ, פון איר הויפּטשטאָט באָגאָטאַ, מיט דעם אַקצענט אויף דער „אַ״.

זעט איר, איך קום פון יענער זייט סמבטיון און אַז איך דערהער דעם נאָמען היטלער, בלוטיקט מיר דאָס האַרץ. און דאָ שטייט אַ לעקישבער און רעדט, ווי דאָס גאַנצע ייִדישקייט וואָלט אים געלעגן אין דער לינקער פּיאַטע. אָט־די קאַלטע פּעטרישקע איז מאחינו בני ישראל. דער ווילנער גאון אַ ייִד און דער־אָ אויך אַ ייִד. אַ שיינער משא־ומתן!

איר האָט דען אַ באַגריף ווי איך ווין? אַז מען גיט א יי ד אַ זאָג קאָלאָמביאַ, באָגאָטאַ — (מיט דעם אַקצענט אויף דער „אַ״) הערט איר נע־מען. אויב איר קענט געאָגראַפיע איז אייך גוט און וויל, אָבער איר ווייסט נישט דעם טעם דערפון סיי ווי סיי. בלויז דאָס וואָרט סמבטיון קען אייך געבן אַ שטיקל אָנונג.

און אַז איך וועל אייך שוין אויסזאָגן אַז איך ווין אין זיד־אַמעריקע, מיינט איר, אַז דאָס וועט אייך זיין לייכטער? זיד־אַמעריקע צו זיד־אַמעריקע איז נישט גלייך. אַזוי ווי איר פאָרט פון ניו־יאָרק, וועל איך אייך פּרובירן געבן אַ שטיקל פאָרשטעלונג ווו איר ווינט, און ווו איך ווין. שטעלט אייך פאָר ס׳איז אייך באַפאַלן אַ מאַנקאָליע, אַ משוגעת רחמנה ליצלן, און איר ווילט דווקא פאָרן קיין באָגאָטאַ. זעצט איר זיך אַרויף אויף אַ שיף אין ניו־יאָרק און איר פאָרט זיבן טעג אויפן ים, ביז איר קומט אָן אין אַ קליין שטעטל קאַרטאַגענאַ אין קאָלאָמביאַ. האָט אייך שוין, הייסט עס, אַ גליק געטראָפן און איר זענט אין קאָלאָמביאַ, אָבער טפּרו, זייט נאָך נישט געזונט, איר זענט נאָך נישט געקומען, ווייל אייערע צרות האָבן זיך ערשט אָנ־געהויבן. איר נעמט ערשט אַ צוג און איר פאָרט צו ביז צום טייך מאַגדאַ־לענאַ. מאַגדאַלענאַ איז דער אמתער סמבטיון און די פּאַסקודנע רויטע ייִדעלעך, וואָס ווינען אויף יענער זייט, דאָס זענען מיר די מאַלפּעס, אָדער ווי מען רופט עס ביי אייך, די פּעדלער, וואָס שמייען און ברייען, אַבי עס זאָל זיין וואָס צו קייען.

האַלטן מיר ביי דער מאַגדאַלענאַ. איר פאָרט מיט אַ שיף, אַלץ הייסט אַ שיף, אַ חורבה, אַ שטיקל געהילץ, וואָס שלעפּט זיך פּאַמעלעך — אַ טאָג, צוויי, דריי, פיר, פינף און איר פאַלט פּלוצים אַריין אין אַ צוג. וואָס איז געשען? די מאַגדאַלענאַ ליידט פון אַ שטיקל מיחוש. גראָד דאָרט פאַרווילט זיך איר צו האָבן וואַסערפאַלן און וואַסערפאַלן זענען נישט געזונט, נישט פאַר אַ שיף און נישט פאַר פּאַסאַזשירן; מוז מען דאָס שלעכטע שטיקל וואַסער־שאָסיי אַרומפאָרן מיט אַ צוג. ביז איר פאַלט צוריק אַריין אין דער מאַגדאַלענאַ און איר פאָרט. דאָ קומט איר שוין צו אַ קליין שטעטל און פון דאַנען, מאָלט אייך, פירט אייך שוין ווידער אַ צוג, אָבער דאָסמאָל שוין קיין באָגאָטאַ (מיט דעם אַקצענט אויף דער „אַ״).

דער צוג שלעפּט אייך באַרג־אַרויף. איר זענט 4 טויזנט פוס איבערן ים־פלאַך. איר פאָרט פאַרביי זעלטן־קולטיווירטע קאַווע־וועלדער. איר זעט די שיינע פּלאַנטאַציעס און ווי מען טריקנט קאַווע אויף דער זון.

דער קאַווע־בוים האָט ליב די קאַלטע באַרגלופט. אַ קאַווע־ביימל, וואָס איז געוויינלעך נישט העכער פון אַ דערוואַקסענעם מענטש, האָט שטאַרק ליב, אַז מען זאָל אַרום אים שקלאַפּן און שקלאַפּן. קאַווע איז אַ גאַנצער מיוחס און ס'איז פּיסום ורעמסס, ביז איר קריגט דאָס ביסל קאַווע צו זיך אין שטוב אַריין. אַ קאַווע־בוים מוז ווערן גוט געפּילעוועט, געכאָליעט און געהאָדעוועט, ביז ס'ווערט פון אים אַ לייט.

די קאַווע־בערעס זעען אויס ווי רויטע קאַרשן. זיי ווערן אַרונטערגע־ריסן מיט נאַקעטע מענטשלעכע הענט און דווקא דאָס ווייכע, דאָס פליי־שיקע פון דער בערע ווערט אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן; בלייבן, בלייבט די האַרטע יאָדרע, וואָס איז דאָס קאַווע־קערנדל.

האָט איר שוין געקראָגן אַן אומזיסטיקע לעקציע אויך און אַלץ דער־פאַר ווייל איר פאָרט קיין באָגאָטאַ. — אַ מצווה אויף אייך! איר פאָרט אַזוי שעהן און שעהן מיט אַ צוג פאַרביי די אַלע שיינע דערפלעך, ביז איר קומט ענדלעך קיין באָגאָטאַ.

היינט זייט אַן עקשן און זאָגט אַז איך וווין נישט אויף יענער זייט סמבטיון. נאַט אייך די באַק מיינע, און דערלאַנגט מיר אַ פּראַסק, אָבער אַ קלינגענדיקן, נישקשה איך קען פאַרטראָגן אַ פּלעם, און איך האָב עס כשר פאַרדינט אויך, ווייל איך האָב דאָרט באַגראָבן אַלע מיינע בעסטע יאָרן.

און אפשר וועט איר חלילה מיינען אַז איך האָב עפּעס דערלייגט צום געשעפט? איך פאַרמאָג אַ היבשע פּויטיקע, אָבער ס'איז ביי מיר נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק. מיין מאַמעס בענקשאַפט נאָך מיר און מיין בענקשאַפט אַהיים קיין בעסאַראַביע איז ווערט אַ סך מער ווי די אַכציק טויזנט דאָלאַר, אָדער, שוין, די גאַנצע קיילעכדיקע הונדערט טויזנט וואָס איך האָב צוזאַמענגעזשעברעוועט. וואָס איז דער מענטש משטיינס־געזאָגט? איז אַ בן־אדם בלויז אַ חזיר, אַ געלט־זאַמלער, אָדער דאַרף אַ מענטש נאָך צום געלט שפּירן, אַז ער שפּילט עפּעס אויך אַ שטיקל ראָלע אין לעבן?

דער גרויסער, געזונטער בעסאַראַבער האָט געעפנט אַ צאַפּן און ער האָט גענומען דערציילן, ווי ער איז אַ צוואַנציקיעריקער בחור געקומען אין 1922 קיין עקוואַדאָר און פון דאָרט קיין פּערו און ווי ס'איז אים אַוועק, דאָס ערשטע יאָר האָט ער גלייך געמאַכט צען טויזנט דאָלאַר פון פּעדלען.

וואָס עפּעס עקוואַדאָר, ווי קומט אַ ייִד קיין פּערו? זאָלט איר נישט פרעגן ביים לעבן קיין קשיות, אַ חבר האָט אים פאַרשלעפּט אין יענע מקומות און דעם חבר האָט ער צו פאַרדאַנקען זיינע גאָלדענע גליקן, וואָס שטייען אים ווי אַ ביין אין האַלדז.

אין פּערו האָבן זיך שוין געפונען אַ טויזנט ייִדישע יונגעלייט, וואָס האָבן געפּעדלט. און אַזוי ווי ער איז אַלעמאָל געווען אַ קאָמבינאַטאָר, אַן אונטערנעמער און אַ גאַנצער מנחם־מענדל, איז ער גלייך געוואָרן זייער פאַרוואַלטער. ער האָט זיי אויסגעבאָרגט געלט און סחורה און געמאַכט זיינע דרייסיק פּראָצענט פּראָפיט.

דאַרף זיך מאַכן, אַז אין 1925 זאָל פּערו פּלוצים בייטן איר גאַנצן קלימאַט צו ייִדן און אַלע ייִדישע פּעדלערס זאָלן זיך צעלויפן. צעלאָפן און, פאַרשטייט זיך, פאַרגעסן צו באַצאָלן די חובות, האָט ער אַליין אויך נישט געהאַט קיין ברירה און ער איז געגאַנגען באַנקראָט.

טשילי איז אויך אַ מדינה. וואַקסט ער אויס אין טשילי, האַנדלט מיט פּוטערוואַרג און מאַכט 25 טויזנט דאָלאַר. ווי איר זעט איז דער אייבערשטער אַ פּאָטער אין אַ יונג מיט ביינער גייט נישט פאַרלוירן. מיט דעם קאַפּיטאַל איז ער געקומען קיין באָגאָטאַ, קאָלאָמביע, אין 1929. און אַזוי־אָ הייבט זיך אָן דאָס קאַפּיטל קאָלאָביע, איינגעזונקען זאָל עס ווערן.

## יעקב גלאַטשטיין

אין קאָלאָמביאַ האָט ער שוין געטראָפן עטלעכע אַרויפגעאַרבעטע רוסישע ייִדן, קאָזוע־נאַגנאַטן און אַ פּאָר הונדערט ייִדישע יונגעלייט, אָדער ייִנגלעך, ווי מען רופט זיי דאָרט.

פאַרוואָס עפּעס ייִנגלעך? גאָר פּשוט, ווייל זיי זענען נישט פאַרהייראַט. דאָ שטעקט די גאַנצע צרה. איר פאַרשטייט? ס׳דרייען זיך אַרום 400 ייִדישע יונגעלייט, פּעדלען, מאַכן אַ שיין לעבן און טאָמער וויל מען, ווי אין חומש שטייט, אויפשטעלן אַ הויז, אָנהייבן פירן אַ באַלעבאַטיש פאַמיליע־לעבן איז נישטאָ מיט וועמען.

גייט גוט אַרייַן אין אונדזער פּאָלאָזשעניע. אַ גאַנצע מדינה אָן ייִדישע כלות. דאָ קען נישט העלפן קיין שדכן און קיין בדחן. די חופּה־שטאַנגען שטייען פאַריתומט — איז טאַקע אַ צער און אַ ווייטיק אויף די ייִדישע יונגעלייט. אַלץ גייט מיט דער פּוטער אַראָפּ, ווייל ס׳פעלט אַ ייִדישע באַלעבאָסטע מיט איידעלע ייִדישע הענט, וואָס זאָל נעמען אַ יונג ביי די טשופּרינעס און אים זאָגן: שוין צייט צו ווערן אַ לייט. אָן אַ ווייב איז דאָס גאַנצע לעבן וואָכעדיק. עס איז הו־האַ. מען איז אין ערגעץ נישט פאַרפלאָקנט. ס׳שטייען ייִדישע הייזער און זיי וויינען, אַרום די הייזער שטייען ביימער, וויינען זיי אויך. דאָס לעבן קלעפּט זיך ווי אָן אַרבעס צו דער וואַנט. און אַלץ דערפאַר, וואָס ס׳פעלט אַ שרה, רבקה, רחל און לאה, אַ דבורה, אַ ברייַנדל, אַ זלאַטע. נישטאָ! דרייען זיך אַרום האַלבע מענטשן. אײן העלפט אין באָגאָטאַ און די צווייטע העלפט, דער זיווג, איז געפּגרט.

באָגאָטאַ האָט יאָ אַ דרייסיק איינגעפונדעוועטע ייִדישע פאַמיליעס. וואָס זענען נישט לאַנג אין לאַנד און האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו פּראָדוצירן דערוואַקסענע טעכטער. די עטלעכע וואָס זענען געווען, זענען פאַרצוקערט געוואָרן, און אויף דעם קליינוואַרג וואָס וואַקסט אונטער קוקט מען אויס ווי אויף משיחן. וואָס קען מען טון? קיין אַנדערע ייִדישע טעכטער זענען אין לאַנד נישטאָ.

דרייט מען זיך אַרום שלינג־און שלאַנג און מען פאַרבלייבט אַ בחור. עטלעכע פון די ייִנגלעך האָבן זיך אָוועקגעלאָזט אויף דער אַוואַנטורע פון געמישטע חתונות מיט די שפּאַניש־אינדיאַניש־נעגערישע מיידלעך, אָבער קיין מזל־ברכה האָבן די דאָזיקע חתונות נישט געבראַכט, און זיי זענען דערפאַר געוואָרן גאָר אַ קנאַפּער ביישפּיל פאַר די אַנדערע ייִנגלעך.

פאַרוואָס מען אימפּאָרטירט נישט קיין יידישע מיידלעך? אַפילו ווען די יידישע מיידלעך וואָלטן געווען פינצטער ווי די נאַכט, מיאוס ווי דער טויט, אַביסל קאָסאָקע און אַ ביסל געשטופּלט, וואָלטן זיי אַלץ ביי אונדז געהאַט דעם זיבעטן חן. זייער מזל וואָלט ביי אונדז געשיינט ווי די זון, מיר וואָלטן זיך געריסן איבער זיי, געשלאָגן, דועלירט. מיר וואָלטן גע־זונגען צו זיי סערענאַדעס ביי די פענצטער, אָבער וואָסערע משוגענע יידישע מויד וועט זיך לאָזן פאַרנאַרן קיין באָגאָטאַ? איר ווייסט דאָך פון פריער — ביז דעם טייך מאַגדאַלענאַ און דערנאָך ביז צום סמבטיון.

איז טאָקע ווייסט און פינצטער און גליטשיק. די יינגלעך, אָדער באָיעס, ווי מען רופט זיי ביי אייך, לעכצן און קרעכצן. וועגן זייער צער און איינ־זאַמקייט קען מען אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך.

אָבער ווי אַזוי פליסט דאָס יידישע לעבן אין אַלגעמיין?

דער בעסאַראַבער דערציילט באריכות געלאַסן, נישט געכאַפּט, אָבער מיט אַ פול מויל רייד, וואָס זענען, וויזוט אויס, געלעגן ביי אים ערגעץ אויפן סאַמע אָפּגרונט, זוכט ער ביי מיר אַרויסצורופן די פולסטע מאָס רחמנות צו אַ פאַרוואָרפענעם שבט. ער זוכט אויך מיינע פלייצעס אַרויפצוואַרפן אַ שווערן יאָך פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייע צוגעקומענע קרובים ערגעץ אין אַ העק. ער באַמיט זיך דווקא אַוועקצושטעלן אויף דער מאַפּע פון יידישע צרות — ערגעץ צווישן וואַרשע, יאַס, בערלין, ווין, איסטאַמבול, סאַלאָניקי, — אויך זיינע יינגלעך פון באָגאָטאַ.

און אָט אַזוי־אָ בייגן זיך מיינע פּלייצעס אַלץ נידעריקער אונטער דעם שווערן עול פון דער יידישער אַלברידערלעכקייט. יידיש בלוט, יידישע פאַר־וואַנדשאַפט — אַ הויקער פון אַ גאַנצער וועלט. יידן מיינט נישט נאָר רו־מעניע, פּוילן, אַמעריקע און רוסלאַנד, האָלאַנד, פראַנקרייך, ס׳מיינט אויך הינדוסישע יידן אין קאַלקוטאַ, אויך פאַרגעלטע יידן מיט מאַנדל־אויגן אין כינע, תימנער, אַפילו פאַלאַשן, עס מיינט אַראַבישע יידן אין אַלזשיריע, שפּאַניאָלישע יידן אין גריכנלאַנד און טאָמער איז דער פּאַק נאָך אַלץ גע־ווען ווייניק, האָט מיר דער בעסאַראַבער צוגעוואָרפן אַ ניי שטיקל עקזאָטיק פון יידישע צרות אין קאָלאָמביע.

מען האָט די יידן נישט שטאַרק ליב. מיר זענען עס די רוסן אין קאָ־לאָמביע און רוסן האָט מען פיינט. דאָרט, אין קאָלאָמביע, האָט מען דווקא

ליב די דייטשן. דער פאַרגרעבטער קאַלאָמביאַנער קריגט די ניכפּה און זוערט נתפּעל פאַר דער דייטשער טעכניק, פאַר זייערע מאַשינען. אַז ס׳איז געקומען מגילת היטלער, האָבן די דייטשן ביי אונדז גענומען פירן היטלער־פּראָפּאַגאַנדע און ס׳האָט זיך זייער גוט אָנגענומען אויך. מיר האָבן מורא עפּעס צו טון וועגן דעם — לאָדן זיך אין געריכט מיט אַ דייטש, ווייסט דער ייִד אין פאָרויס וואָס פאַר אַ גערעכטיקייט ער וועט קריגן און ווער עס וועט געווינען.

דער קלימאַט ווידער איז אפשר גוט פאַר די איינגעבאָרענע, אָבער פאַר אַן אונדזעריקן איז ער נישט געזונט: קאַלט, רעגן און פּע. ס׳ווירקט אויפן גאַנצן געמיט און מ׳גייט אַרום אָנגעדראָדלט צוליבן וועטער. אין פּערו רעגנט ווייניק, אָבער אין קאָלאָמביע ליאַפּעט, און אַז עס ליאַפּעט, פאַרליאַפּעט עס דאָס גאַנצע לייב און לעבן.

וואָס האַלט די ייִדישע יונגעלייט צוזאַמען? דער עלנט, בלויז דער עלנט און אפשר אויך דאָס, וואָס פאַר קאָלאָמביאַנער זענען מיר אַלע די רוסן.

לאָמיר נעמען אויסרעכענען. מיר האָבן געגרינדעט אַ שטיקל געזעל־שאַפט „עזרה״, קעגנזייטיקע שטיצע אין פאַל פון אַ נויט, ווען מען דאַרף עמעצן שטעלן צוריק אויף די פיס. דער יום־כּיפּור וואַרעמט אויך אַביסל און דערנענטערט. עס האָט אָבער נישט קיין ייִדישן טעם און קיין ריח. עס איז גיכער אַ דערנענטערונג פון שרעק. מען דערמאָנט זיך אין כּל־נדרי און אין ונתנה־תוקף, דינגט מען אַ צימער, ווו מען פּרעפּלט אָפּ אַביסל ייִדישקייט. אָבער אַ גאַנץ יאָר איז מען אָפּגעריסן פון גלויבן. מען ווייסט נישט פון קיין שבת און נישט פון קיין יום־טוב און מען האָרעוועט ווי די מוילאייזלען.

און אַ שוחט מיינט איר האָבן מיר? פאַר די עטלעכע צענדליק ייִדישע פאַמיליעס און פאַר די ייִנגלעך איז נישטאָ קיין איין שוחט. מען לערנט זיך ביסלעכווייז אויס צו עסן טריפות, און עס זאָל דאָך נישט בלייבן שטיין באָקאָם. יאָ, לעצטנס האָט מען אַביסל באַזאָרגט די נשמה. מ׳האָט געקויפט אַ שטיקל ייִדישע קרקע. דאָס האָט מען אויך געלערנט פון ביטערער דער־פאַרונג. עטלעכע יונגעלייט האָבן פאַרלייגט מיט די קאָפּיטעס, האָט מען זיי באַגראָבן אויף דעם קריסטלעכן בית־עולם, האָבן מיר אַזוי לאַנג גע־

אַרבעט, ביז מיר האָבן איינגעהאַנדלט אַ שטיקל אייגענע ערד פֿאַר איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר.

איז שוין דער טויט, הייסט עס, באַזאָרגט, אָבער דאָס לעבן איז ביי־טער. מיינט נישט, אַז איך בענק אַזוי נאָך דעם שוחט, אָדער נאָך אַביסל דאַווענען. װען מיר זאָלן פֿאַרמאָגן כאָטש, װאָס מען רופֿט אויף אַן אײדעלער שפּראַך, אַנדערע אידעאַלן, װאָלט מיך גאָרנישט געאַרט. איז נישט קיין סידור, זאָל זיין כאָטש אַ ייִדיש ביכל, אַ ייִדישע צייטונג, אָבער אינגאַנצן גאָרנישט, װערט מען דאָך פֿאַרגרעבט און פֿאַרװאָרלאָזט. אַז מען איז נישט רעליגיעז, זאָל מען כאָטש זיין אויפֿגעקלערט, אָבער מיר זענען נישט אַהין און נישט אַהער, מיר זענען, איזוױניטיע, גלאַט גראָבע יונגען.

קומען מיר איצט צוריק צום אָנהייב. ס׳דרייען זיך, הייסט עס, אַרום געזונטע יונגעלייט אָן װייבער, מ׳קען נישט אויפֿבויען קיין אייגן הויז־געזינט, אָבער קיין תעניתים פֿאַסט מען פֿאָרט נישט.

באַמבלט זיך נאָך יעדן ייִדישן יונגנמאַן אַ קאָלאָמביאַנער געלי־בטע.

שיין זענען די טונקעלע קאָלאָמביאַנערקעס, אַז דער טייװל זאָל זיי נעמען. שלאַנק, הויך, גראַציעז — סאָסנעס. איר מיינט, אַז איר װעט זיין דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער װעלט, װען איר װעט מיט אַזעלכע קומען צום פּסוק, אָבער אין בעט טויגן זיי אויף אַ שיינער ריינער כּפּרה. קאַלט װי אַ גאַנצער אייזבאַרג. ליגט װי אַ גראַפּינע, גלאָצט מיט די װוּנ־דערלעכע, גרויסע, פייכטע אויגן און רירט זיך נישט פֿון אָרט.

אָבער, װי זאָגט מען, אין װאָס פֿאַר אַ לאַנד מען קומט אַזאַ שפּראַך רעדט מען. דאָס זענען די איינציקע װייבער, װאָס מען קריגט דאָרט, מוז מען זיך צוגעװוינען.

װייסט מען אַז יאַנקל װוינט מיט דער געליבטער, שמואל מיט יענער חיים מיט אַ דריטער. מען מעבלירט פֿאַר זיי אַ הויז. מען װוינט מיט איר װי מיט אַן אייגן װייב, אָבער פֿאַר דער װעלט זאָגט מען עס כלומרשט נישט אויס.

צי זיי זענען געטריי? דער טייװל װייסט זיי. אויבנאויף דאַכט זיך אַז יאָ, אָבער עס לייגט זיך נישט אויפֿן שכל, אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיין זייטיקע פֿאַרדינסטלעך. װייל אַזוי שנעל װי זיי האָבן עפּעס אַ קריװודע צום

ייִדישן ליובאָוויטש, וואַקסט גלייך אויס אַ קאָלאָמביאַנער מאַנסביל. פונ־וואַנען האָט ער זיך גענומען? פון הימל אַרונטערגעפאַלן?

וווינט מען אַזוי אָפּ מיט איר עטלעכע יאָר, ביז עס ווערט נמאס און מען פּרוּווט אויס אַן אַנדערע.

און די קאָלאָמביאַנערינס זענען טייערע ביסנס. זיי לאָזן זיך חלילה נישט נאַרן.

אָט האָב איך געוווינט אַ צוויי־דריי יאָר מיט אַ טונקעלער און זי האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ פינף־זעקס טויזנט אַמעריקאַנער דאָלאַר. מיטאַמאָל בין איך עפּעס קאַלט געוואָרן צו איר, עס רעדט זיך אַזוי קאַלט געוואָרן. כ׳האָב דערטאַפּט אַן אַנדער שטיקל סחורה און כ׳האָב געמיינט, אַז מען וועט קענען זיין אַ מאַנסביל אויף ביידע יאַרידן, אָבער מיין ערשטע האָט דערקענט, אַז איך פּאַנפּע אונטער און ווען זי האָט גענומען פאָדערן חשבון פון מיר, ווי אַן אייגענע פלוניתטע, האָבן איך איר געגעבן דעם דרך.

און אַז איך האָב זי משלח געווען, האָב איך ערשט דערשפּירט, ס׳אַ שאַנדע אויף דער צונג צו ברענגען, אַז איך בין שטערבלעך פאַרליבט אין איר און נישט נאָר פאַרליבט אַליין, נאָר אַזוי צוגעוווינט, אַז איך קען אָן איר נישט לעבן. זי, די כישוף־מאַכערין, האָט מיך אַפילו געוואָרנט, אַז איך וועל אָן איר נישט געפינען קיין רו — זי האָט געוווסט איר אייגענעם ווערט.

אַז איך בין געקומען צוריק צו איר, און איך וועל, ווי פאַר אַן אייגע־נעם ברודער, דערציילן, אַז איך בין געקראָכן פאַר איר אויף די קני און געבעטן זי זאָל מיר מוחל זיין, האָט זי געוויינט און געזאָגט אַז איך האָב איר דאָס האַרץ געלעכערט און נאָך דעם גאַנצן געוויין האָט זי מיר ערשט געוויזן די טיר.

ער נעמט אַרויס אַ בילד פון בוזעמקעשענע. אַ מולאַטישע שיינהייט, אַ הויכע, מיט אַ פולן בוזעם, געזונטן שטעל, ווייבלעך און שטאָלץ.

איר זעט דאָס שטיק סטערווע, האָט דאָס מיך צעבראָכן אויף שטיקער איך האָב געמוזט איבערלאָזן מיין געשעפט אויף פרעמדע הענט און פאָרן איבער דער וועלט, כדי זיך אַרויסצושלאָגן פון קאָפּ די גאַנצע געשיכטע. אָט אַזוי־אָ קען מען צוליב אַ קאָלאָמביאַנער קורווע פאַראומגליקט ווערן. אַז איך וויל זיך אָפּגעבן דין־וחשבון, איז עס אפשר דערפאַר, ווייל אַלע

זענען זיי קאַלטע לונג־און־לעבערס, און אָט די סטערווע האָט מיר צוגע־טראָפן צום פופיק. אַזעלכע וועל איך שוין נישט קריגן מיין גאַנץ לעבן. וימת. געשטאָרבן.

ער האָט אָפּגעזיפצט, אַרויפגעצויגן אַביסל די הויזן, און דער גאַנצער געזונטער בעסאַראַבער האָט אויסגעזען איצט אַ שוואַכער, דורכגעפאַלענער מאַנספּאַרשוין. ער האָט אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל און הויך אַריינגעפּייפט. אָבער ס׳איז געווען קלאָר, אַז ער וויל זיך אַרויסדרייען פון צו לאָזן אַ טרער. ער האָט אַביסל פאַרגעסן אין די אַלגעמיינע יידישע צרות פון זיין באָגאָטאַ. ער האָט גערעדט וועגן דער פאַרלוירענער זי מיט אַזויפיל געפיל, אַז איך האָב גענומען אויספּאַקן די מאָדערנסטע טרייסט־ווערטער, וואָס איין מאַן קען דעם צווייטן זאָגן ביי אַזעלכע טרויעריקע אומשטענדן. איך האָב גע־פּרוווט וואַרפן אַ שאָטן אויף דעם כאַראַקטער פון זיין קאָלאָמביאַנערין. אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס ער אַליין האָט זי מיט גרויס צערטלעכ־קייט גערופן קורווע, האָט ער מיר נישט דערלויבט דעם זעלביקן לוקסוס. אַ געזונט, דערשלאָגן און אומבאַהאָלפן פערד, האָט ער מיט פאַרלאָפענע אויגן געקוקט אַריבער דער פאַרענטש אין ים אַריין. ער האָט געדרייט דאָס בילד אויף אַלע זייטן, ביז ער האָט עס צוריקגעלייגט מיט פאַרבענקטע הענט אין קעשענע. אין איין מינוט איז פון אים געוואָרן אַ תל. ער האָט צוריק איבערגעלעבט די טראַגעדיע פון פאַרלירן די אויסדערוויילטע, וואָס האָט אים, דעם הויכן יונג, אַזוי פּינקטלעך צוגעטראָפן, אַז ער קען קיין טרייסט נישט געפינען. אָבער פּלוצים האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט צו לאַנג פאַרבלאָנדזשעט אויף דעם שליאַך פון זיך אַליין. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז ביז איצט געווען דער כראָניקער פון דעם קליינעם יידישן ישוב אין באָגאָטאַ, איז ער צוריק אַריין אין זיין ראָלע פון דעם געזעלשאַפטלעכן פאַרצייכענער, וואָס טראָגט אויף זיינע פּלייצעס די פולסטע אחריות פאַר פיר הונדערט עלנטע יינגלעך.

אָט־אַזוי לעבן די יינגלעך. קיין ווייבער האָט מען נישט, פירט מען ליובעס. פון דער עפנטלעכקייט באַהאַלט מען די קאָלאָמביאַנערינס, אָבער אַלע ווייסן סיי ווי, כאָטש מען האַלט זיי באַהאַלטן פאַר אַן עין־הרע, צוגע־דעקט מיט אַ שלייער און אונטער זיבן שלעסער. די נישט־יידישע איינוווי־נער פון באָגאָטאַ ווייסן אויך ווער איז וועמענס און אַז מען צעגייט זיך

מיט אַ געליבטער, מוז מען דערפֿאַר זיין, ווי עס הייסט ביי אייך, אַ דזשענטל־מאַן. מען דאַרף עס מאַכן שטיל און פֿיין און נאָך דערצו איבערלאָזן אַ פֿיינע סומע געלט. און טאָמער נישט, קען זי דינגען עמעצן, וואָס וועט גאַנץ שייז אַרונטערראַמען פֿון וועג. און אויב זי פֿוילט זיך נישט, קען זי אַליין אויך די איידעלע קונץ, ווייל אַ קאָלאָמביאַנערין טויג זיך זייער פֿיין אויס מיט דעם מעסער.

ווי איר זעט, פֿאַלט דאָס גאַנצע ביסעלע זנות אויס באָקאָם, אָבער וואָס זאָל מען פֿאָרט טון? אַ געזונטער מאַנספּאַרשוין קען דאָך נישט שלאָפֿן, נאַכט־אויס־נאַכט־איין, איינער אַליין אין אַ בחוריש בעט. מען קען דאָך נישט אָרויפֿלייגן אַ שלאָס אויף דער חזירישער מענטשלעכער נאַטור. מען קען דעם יצר־הרע נישט ווייזן קיין פֿייג, ווייל ער לאָזט זיך נישט באַ־שווינדלען און לאָזט זיך נישט אָפּשפּרעכן.

אַזוי זשעדנע איז מען נאָך אַ ווייב, אַז עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע ביי אונדז, וואָס וואַרפֿן אַן אויג אויף אַ קליין קאָלאָמביאַנער מיידעלע, ווען זי גייט נאָך אין שולע. דער יונגערמאַן נעמט זיך גלייך שדכענען צו איר און ער דערציט זי. פֿאַר די אָרעמע קאָלאָמביאַנער עלטערן איז עס אַ גליק. דער ייִד צאָלט אַלע אירע אויסגאַבן און כאָוועט זיך אויס אַ ווייב.

מיר האָבן עטלעכע אַזעלכע פֿאַרלעך אויך. די קאָלאָמביאַנערינס האָבן זיך אַפֿילו מגייר געווען און דערווייל גייט עס ווי געשמירט. די יונגע קאָלאָמביאַנערינס זענען צוגעוווינט צו זייערע ייִדישע מענער פֿון קינדווייז אָן. איינע אַזעלכע, אַן איידל קינד, האָט צוויי מאָל געחלשט, פֿאַסטנדיק יום־כּיפּור, אָבער זי האָט אויסגעהאַלטן דעם תּענית. און נישט געקוקט וואָס זיי זענען אַ סך יונגער פֿון זייערע מענער, קלעפּן זיי צו די מענער, די גאָווערנאַנטקעס זייערע, וואָס האָבן זיי דערצויגן פֿאַר ווייבלעך, ממש אויף דער קני. אָבער אַזעלכע גליקלעכע פֿאַלן זענען אַן אויסנאַם. וויפֿל מענטשן קענען עס האָבן געדולד צו נעמען אַ קליין מיי־דעלע און זיך אַוועקזעצן וואַרטן?

הכּלל, איר זעט שוין אַליין אַז עס איז ווייט פֿון אַ לעבן. און ביי אייך רעדט מען וועגן באַזעצן ייִדן אין אונדזער געגנט. מען רעדט וועגן עקוואַדאָר. שלאָגט זיך אַרויס פֿון קאָפּ. עקוואַדאָר איז אַן אָרעם לאַנד און

ס'איז דאָרט נישטאָ קיין צוקונפֿט פֿאַר ייִדן. קאָלאָמביע? פֿאַרשאָלטן איז דער ייִד, וואָס פֿאָרט אַהין, אַפֿילו ווען ער פֿאַרדינט אַ סך געלט.

מאַכן מיר אַ סך־הכּל און מיר באַטראַכטן פֿון דער נאָענט דאָס לעבן פֿון אַ ייִדישן יונגנמאַן אין באָגאָטאַ. קיין ציכטיק פֿאַמיליען־לעבן איז כּמעט נישטאָ. קומט דער הייליקער זונטיק, גייט מען אַרום דעם גאַנצן פֿרימאָרגן און מען מאָנט איין די חובֿות פֿאַר דער וואָך. דעם צווייטן האַלבן טאָג זעצט מען זיך אַוועק שפּילן קאָרטן. אָבער מיינט נישט, גלאַט אַזוי, קאָרטן. אויף דעם פֿאַרפּטרט מען אַ גרויס שטיק ליידנשאַפֿט און מען פֿאַרלירט אַ צוויי־דריי הונדערט דאָלאַר. נו יאָ, נעמט מען אַ וואַנע כּדי אַרונטערצושווענקען דעם קויט וואָס זאַמלט זיך אָן דורך דער וואָך און מען זעצט זיך ווידער אַוועק שפּילן קאָרטן. ביינאַכט גייט מען אַביסל אין אַ טאַנצזאַל, ווו מען דינגט אַ מיידל פֿאַר זעקס סענט דעם טאַנץ.

און אַז מען האָט נישט קיין געליבטע, כאַפּט מען אַן אָרעמע קאָ־לאָמביאַנערין, וואָס קומט אויף מאָרגן איינמאַנען דעם חובֿ מיט סחורה.

מאָרגן איז מאָנטיק. מען הייבט זיך אויף מיט אַ ביטערן טעם אין פּיסק און מען אַרבעט ווייטער ווי אַן אייזל.

פּסח איז אַ שטיקל סטאַנציע. ס'נעמען זיך צוזאַמען אַ פּערציק יונ־געלייט אין אַ הויז און מען פּרעסט און מען שיכּורט, די הגדה זאָגט מען נישט, נאָר דאָס פּרעסן איז אַ זכר אויפֿן יום־טובֿ. אָט האָט איר דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן אונדזערס. אַ גליק נאָך וואָס דער ייִדישער בית־עולם בליט און וואַרט אויף דעם סוף.

פֿונדעסטוועגן זענען מיר פֿאָרט אַנדערש פֿון דער האָלענדער שמענ־דריק. מיר זענען פֿאַרגרעבטע ייִדן, אָבער מיט אַ פּונק. יענער איז אַ שטיק ייִדישע פֿאַרזעעניש. איי, וואָלטן מיר באַדאַרפֿט אַריינקריגן אַזאַ לעמעך צו אונדז אין די הענט.

און טאָמער מיינט איר אַז די אַלע שידוכים מיט די קאָלאָמביאַנער געליבטע ברענגען נישט קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן? אין באָגאָטאַ אַליין דרייען זיך אַרום צוויי טויזנט ייִנגלעך, ממזרים. די ממזרים קען מען אינגאַנצן נישט נעמען אויף אונדזער חשבון, אָבער מיר האָבן אַ היבשן חלק אין זיי. די ייִנגלעך דרייען זיך אַרום איבער דער שטאָט און זענען ווי איבעריקע מענטשן. זיי ווערן פֿאַרווילדעוועט און פֿאַרלייזיקט. זיי האָבן

נישט ווו צו שלאָפן און האָבן נישט ווו צו עסן. נעמען זיי זיך געוויינלעך צו איין פאַך — פּוצן שיך. מען קען קיינמאָל נישט וויסן, ס׳קאָן זיין אַז דער אייגענער זון שטייט אַ פאַרסמאַרקעטער און פּוצט דיר די שיך און דו וואַרפסט אים צו אַ מטבע.

די מיידלשע ממזרים זענען גליקלעכער, ווייל דער רויטער קרייץ מאַכט פאַר זיי היימען. אָבער די יינגלעך זענען אויף גאַסט באַראָט, אפשר דערפאַר ווייל זיי זענען רעוואָלוציאָנערער פון די מיידלעך און זיי ווילן נישט שטיין אונטער דער פרומער אויפזיכט פון די גביטעס אין רויטן־קרייץ.

מיט יאָרן צוריק האָבן מיר נאָך אָנגעטראָפן עטלעכע יידישע פרויען־הענדלער, אָבער מען האָט זיי קאַלט געמאַכט. מען האָט זיי פאַרטריבן פון יידישן לעבן. דעמאָלט האָט מען נאָך געמיינט, אַז מיר בויען עפּעס אַ שטיקל תכלית, אָבער אומזיסט.

איצט האָבן זיך צווישן אונדז, געוויאַוועט עטלעכע, וואָס פריידיקן קאָמוניזם. קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַרשאַפט אונדז קיין גרויס נחת נישט. צו די גרויסע גליקן פעלט אונדז נאָך קאָמוניזם. מען דאַרף נאָך צו אונדז „רוסן״ צוטשעפּען די באַשולדיקונג, אַז מיר ווילן רויַנירן דאָס לאַנד מיט באָלשעוויזם.

כ׳בין זיכער אַז סטאַלין האָט אונדז אין דער לינקער פּיאה נישט און קאַרל מאַרקס האָט געפייפט אויף באָגאָטאַ, און אונדזעריקע דאָרט ווילן נישט אַנדערש ווי מאַכן קאָלאָמביאַנער פאַר סטאַליניסטן — ס׳איז אַן אַרבעט פאַר עטלעכע פאַלקן סאָלדאַטן.

און כאָטש איך בין אַ בירגער פון קאָלאָמביע ציט עס מיך קיין בעסעראַביע, דאָרט ווו מיין מאַמע זיצט און שרייבט מיר טרערנדיקע בריוו־לעך אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. מיין טייערער יאָסעלע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר לעבעוואָהל, שרייבט זי מיר. איר קוקט אָן אַ יאָסעלע אָבער ביי דער מאַמען בין איך נאָך אַלץ אַ קליינס, אַ שוואַכס, אַ דאַרס, אַ גרינס, וואָס האָט געהאַלטן אין איין כאַפּן פעטש ווי די ברעטער פון טאַטן. דער טאַטע, עליו־השלום, האָט געהאַט אַ הענטעלע מיט אַ בינטל פינגער, וואָס טאָמער האָט ער דיר אָנגעצייכנט אַ פאַטש, איז עס געוועזן

אַ שטיק אידעלע מלאכה. די מאַמע האָט געמאַכט קולות, ס'טייטש, מען הרגעט אַוועק איר יאָסעלען.

דער פּייקלער איז אַרומגעגאַנגען און געפּייקלט אין דער קופּערנער טאַץ, גערופן דעם עולם צו וועטשערע. אויפן דעק איז געוואָרן אַביסל קילער, אָבער ביים בעסאַראַבער האָבן זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט אויס־געשעפּט די מעשיות וועגן זיין סמבטיון.

כ'מוז זיך פון דאָרט אַרויסראַטעווען — האָט ער געשריגן — וואָס קען אַזאַ ייִד, ווי איך, טון מיט קאַפּיטאַל אין ניו־יאָרק? לאָמיר זאָגן, איך וועל קומען זיך באַזעצן אויף זעקס חדשים. איך וועל זיך באַקענען מיט אַ מיידל, חתונה האָבן מיט איר און מיט איר כוח פאַרבלייבן אין לאַנד. מען קען זיך דאָך אָבער נישט אַוועקזעצן שרייבן מזוזות. וואָס טוט מען אין ניו־יאָרק מיט קאַפּיטאַל?

איר קענט מיט געלט אַרויסגעבן אַ ייִדישע צייטונג, אַ גוט ייִדיש וואָכנבלאַט — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אַ ווילדע עצה פון גרויס פאַרלעגנהייט, וואָס מען געטרויט מיר אַ פאַרמעגן פון הונדערט טויזנט דאָלאַר.

איך? אַ ייִדישע צייטונג? ווי קום איך צו דעם? איך בין דאָך, קיין עין־הרע אַ גאַנץ פיינער גראָבער יונג.

איך האָב דעם נאַיוון בעסאַראַבער געטרייסט, אַז דאָס מאַכט גראָד נישט אויס. בילדונג און אַרויסגעבעריי פון אַ ייִדישער צייטונג דאַרפן דווקא נישט זיין קיין געשוועסטערקינדער. מען קען זיך אָן בילדונג גאַנץ שיין באַגיין, מען דאַרף נישט גיין אין די קלאַסן. עס איז אַ ביזנעס ווי אַלע ביזנעסן.

דאָס וואָרט ביזנעס האָט ער זייער גוט פאַרשטאַנען.

# קאַפּיטל דריי

## I

אַ חוץ אַן אַלטער מויד מיט אַ גרינלעך־ציטרינאָווע מראה, וואָס פּיפּקעט נערוועז ציגאַרעטלעך און לויפט גיך אַרום און אַרום, איינע אַליין, אויף דעם דעק, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז מען וועט זי כאַפּן און פאַרגוואַלטיקן, און עטלעכע אַנדערע כראָנישע אָפּגעזונדערטע, וואָס זאָגן גוטמאָרגן און גוטאָוונט זייער הויך און שניידיק מיט אַ קלאָרן אָנדייט, אַז „מער ווילן מיר נישט געבן און מער ווילן מיר נישט נעמען״, האָבן זיך שוין אָנגעקניפּט באַקאַנטשאַפטן, פריינדשאַפטן און ס'האָבן זיך שוין פאַרמירט גרופּקעס. מענטשן האָבן אויסגעשטרעקט די אַנטענעס און זיך אָפּגעזוכט. יעדער איינער האָט געפונען מער־וויניקער זיינס גלייכן. עס זענען געוואָרן קאָרטנפריינד, געשפּרעך־פריינד, מענטשן, וואָס האָבן ליב צו רעדן האָבן געקראָגן פּראָפעסיאָנעלע און געדולדיקע צוהערער, דע־באַטאַנטן האָבן אויסגעגנישטערט דעבאַטירער, וואָס זענען גרייט דורכצו־לופטערן פּראַגעס פון געמיינשאַפטלעכן אינטערעס, אַגרעסיווע ווייבער האָבן אַנטדעקט שעמעוודיקע מענער און צודרינגלעכע מענער מיט ראָמאַנ־טישע נייגונגען און סערענאַדישע מאַנירן האָבן געקראָגן שעפּטשענדיקע און שטילע פרויען, וואָס האָבן גערעדט מיט די אויגן און זיך געפונען אין אַ טראַנס פון זיסלעכער גליקזעליקייט — זייער שיף פאָרט נישט אין ערגעץ און וועט זיך קיינמאָל נישט אָפּשטעלן.

און נאָך דעם אינסטינקטיוון אָפּקלייב און צוקלייב, איז ערשט פאַר־בליבן דאָס ביסל בראַק פון ביידע געשלעכטער, וועלכע האָבן באַוין־ברירה זיך גענומען איינע די אַנדערע פאַר דער גאַנצער רייזע.

אָפּגעטיילט פון אַלע און אַלעמען דרייט זיך אַרום איינער אַליין אַ רייכער קליידער־פאַבריקאַנט. אַפילו די טאָכטער, וואָס באַגלייט אים, דער־וועגט זיך נישט צו שפּאַצירן מיט אים. דער דאָקטער האָט אים אָפּגע־זאָגט דאָס לעבן, ער האָט אים געגנוי געזאָגט, ווי לאַנג ער וועט נאָך קלעפּן, איז דער מאַנופעקטשורער באַשטאַנען דערויף, אַז ער מוז זיך פאַרגינען זיין לעצטע רייזע אויפן ים.

אָבער אויף דעם ים קוקט ער מיט אַזויפיל ווונדער און פאַרבענק־שאַפט, ווי אַ ייִד אויף דעם בלאָטיקן טייכל צו תשליך. ער האָט פיינט דעם ים און יעדער מאָל, ווען ער גיט אַ קוק אויפן וואַסער, גיט ער אַ האַסטיקן כראַק אַריין, מיט דער זעלביקער באַפרידיקונג, ווי ער וואָלט עמעצן געשפּיגן אין פּנים אַריין.

ס׳פאַרדריסט אים געפערלעך, וואָס דער טויט וואַרט שוין אויף אים. ער האָט נישט מורא פאַרן טויט, ס׳זעט זיך נישט אין זיין פּנים, אַז ער זאָל זיך אָפּגעבן אַ שטיקל דין־וחשבון, אַז ער זאָל זיין טרויעריק, אַז ס׳זאָל זיך ערגעץ שנירלען צווישן די קנייטשן אויפן שטערן אַביסל בענק־שאַפט, אַ שאָטן פון גוטסקייט, אַ צוק רעזיגנאַציע, ווי ס׳טרעפט אַמאָל מיט מענטשן, וואָס ווייסן, אַז די טעג זייערע זענען געציילטע; אַזעלכע ווערן געוויינלעך אויסגעמילדערט און וואַרפן אַרונטער שנעל יעדער באַ־לאַסט פון שלעכטסקייט. פון די אַלע גוטע זאַכן איז אויף דעם פאַבריי־קאַנטס פּנים נישט געווען קיין שפּור, ער איז פשוט געווען בלוטיק אין כעס, וואָס ער דאַרף שטאַרבן, ווען ער איז נאָך ביי זיך נישט געווען פּסי כאַלאָגיש פאַרטיק מיט דעם לעבן.

ווי די טאָכטער האָט געגעבן אָנצוהערן, איז ער זיין גאַנץ לעבן געווען אַ שרעקלעכער זולל־וסובאניק. ער האָט הנאה געהאַט פון לעבן און נישט דורכגעלאָזט קיין איין ביסל פאַרגעניגן פון קאַרנאַצלעך מיט פּאָלין־ווייך אין די רומענישע קעלערס, ביז מאָדעל־מיידלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט ביי אים אין דער פאַבריק קאָרעק, אָנמעסטנדיק די קליידער, וואָס ער האָט „אַרויסגעהאָסלט" פון זיינע בעל־מלאכות. איצט מוז ער דאָס אַלץ איבערלאָזן פאַר אַנדערע. אַנדערע וועלן לאַכן, זינגען, טאַנצן און זיך ליבלען, און ער וועט ליגן אין דר׳ערד. ער האָט זיין טויט גענומען שרעקלעך פּערזענלעך, און עס באַטראַכט פאַר שווידערלעכער

ווען יאַש איז געפאָרן

פאַרכערייִ. זיין גאַנץ לעבן האָט ער אַלעמאָל געהאַט געדונגענע קרבנות אויף וועמען אויסצולאָזן דעם כעס, אָבער איצט האָט ער זיך געפילט ווי אַ הונט אויף אַ קייט.

די פּאַסאַזשירן האָבן אויסגעמיטן צו קוקן אויף אים, ווייל טאָמער האָבן זיך די אויגן געטראָפן מיט זיינע, האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם לעקער. אויף פריילעכע און לאַכנדיקע פּאַרלעך איז ער גאָר געווען אש להבה. ער האָט זיי אַריינגעשריגן אין פּנים אַריין: טפו, סאָנעוועביטשעס 1), איך האָב אייך אין הינטן.

ס׳איז געווען אַ גליק וואָס דער דאָזיקער צערודערטער ערב־טויטער איז געלעגן מערסטנס ביי זיך אין דער קאַבינע, און זייער זעלטן אַרויס־געשטעלט די נאָז צווישן מענטשן, ווייל גאַנץ אָפט האָט געטראָפן, אַז ריטערלעכע יונגעלייט האָבן אים געוואָלט נישט אַנדערש ווי אַריינוואַרפן אין ים אַריין, פאַר באַליידיקן זייערע דערשראָקענע באַגלייטערינס.

און פּונקט ווי עס זענען געווען עטלעכע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געווען פאַרשרומפּן און צוזאַמענגעקאָרטשעט, אַזוי זענען אויך געווען אַנ־דערע, וואָס האָבן געהאַט די נאַטירלעכע פעיִקייט צו זיין אויסגעקאָכט מיט אַלעמען, זיי זענען געווען דאָס, וואָס דער אַמעריקאַנער רופט גוטע „מיקסערס״ 2) — אַזאַ אויסגעמישטער מיט אַלעמען איז געווען מיין דע־נישער פריינד. אין איין טאָג האָט ער אַלעמען געקענט און אַלע האָבן אים געקענט. ער האָט געוווסט אויף אויסנווייניק די לעבנס־געשיכטעס פון יעדן איינעם אויף דער שיף, ער האָט גלייך פאַרהיימישט אַלעמענס קאָמעדיעס און טראַגעדיעס. ער איז אַפילו געווען אַ שטיקל שדכן אויך — ער האָט צוזאַמענגעפירט שווערע געמיטער פון ביידע געשלעכטער. ער האָט ליב, אַז ס׳זאָל זיך קאָכן און זיין פריילעך.

ער האָט צוזאַמענגעפירט מענטש מיט מענטש מיט אַזאַ איינגעבוי־רענער געניטקייט, אַז זיי האָבן זיך פּונקט געפּאַסט פאַר דער גאַנצער רייזע. און איינמאָל, איז ער צו מיר צוגעקומען און דערקלערט, אַז ער האָט פאַר מיר אַ ווילדע מציאה, אַ רוס, אַן אמתן רוס, וואָס זיצט ביי זיין

1) סאָנעוועביטשעס — הינטישע זין.
2) מיקסערס — גוטע שמועסערס.

טיש. ער האָט געפילט, אַז אַ רוס און אַ ייִד, זענען שטיקלעך מחותנים.

און דער רוס כאַזשעוו האָט זיך מיט מיר אויך דערפרייט. ס׳האָט אויסגעזען ווי דער דענישער מיט זיין קאָכלעפלשקייט איז פּאַר אים געווען אַ צו שווערע מאַסע, אַ פרעמדער מענטש פון אַ פרעמדער וועלט; כאָטש דער דעניש־אַמעריקאַנער לערער האָט גערעדט פון סאָציאַליזם און פון דעם גרויסן רוסישן עקספּערימענט. דער דענישער איז אויך געווען צופרידן, ווייל ער האָט געהאַט צופיל פליכטן און צופיל מענטשן, און ער האָט זיך נישט געקענט האַלטן צו־לאַנג מיט איין באַקאַנטן, ער האָט אים גלייך געמוזט באַשטאַטן און אַרונטערשאָקלען.

ספּעציעל אויך, וואָס פון ראַדיקאַליזם און סאָציאַליזם איז ער שוין געווען אַוועק מיליאָנען ליכטיאָר און וועגן דעם רוסישן עקספּערימענט האָט ער גערעדט מאַשינאַוועו, בלויז ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט, כדי צו מאַכן געשפּרעך.

מיט מיר האָט זיך כאַזשעוו גלייך דערשפּירט ווי מיט אַן אייגענעם. ער האָט גיך געקראָגן צוטרוי צו מיר און געקוקט אויף מיר מיט זיינע קליינע, וואַרעמע און כמעט, קאַלמיקישע אויגן.

כ׳בין קיינמאָל נישט געווען אין אַלטן רוסלאַנד און נישט אין דעם איצטיקן ניי־געבוירענעם. רוסן האָבן איך גוט געקענט פון מיין פּויליש־רוסיפיצירטער שטאָט, מיט איר סאָבאָר 1), פּראַוואָסלאַוונע גלחים מיט צעקעמטע בערד, רוסישע גימנאַזיע־לערער, טשינאָווניקעס, אָבער עס איז געווען גענוג אַ קוק צו געבן בלויז אויף דעם רוס כאַזשעוו, כדי צו זען אַז עס שטייט פּאַר מיר אַ נייער סאָרט רוס, אַ נייער מענטש.

און נישט דערפּאַר, ווייל כאַזשעוו האָט זיך אויסגעמענטשלט, אָדער אַמעריקאַניזירט דורך זיינע דריי יאָר אין קאָרנעל אוניווערזיטעט, ווו ער האָט זיך פּאַרפּולקאָמט אין עלעקטראָ־אינזשינעריע. אַמעריקאַניזם האָט זיך צו אים ווייניק צוגעקלעפּט, אַן ענגליש וואָרט איז ביי אים געווען ווי אַ שטיינדל אויף דער צונג, וואָס ער האָט געקאָלערט און געקאָלערט, און גאַנץ אָפט האָט ער זיך געמוזט ראַטעווען מיט אַן אַלט, גוט רוסיש וואָרט. ווען ער האָט זיך אַליין, דורך ענגליש, אַריינגעקוועטשט אין אַן ענג ווינקל.

---

1) סאָבאָר — רוסישער קלויסטער.

ער איז געפאָרן מיט שמחה אַהיים. ער איז געווען דער עיקר צו־פרידן, וואָס אים איז געלונגען דורכצופירן זיין „פיר יאָר פּלאַן" אין בלויז דריי יאָר. ער האָט דערמיט איינגעשפּאָרט דער סאָוועטישער רעגירונג אַ גאַנץ יאָר הוצאות.

און די הוצאות זענען געווען נישט קיין קליינע, הלוואי אויף אַלע אָרעמע סטודענטן פון אַלע פעלקער געזאָגט געוואָרן. די סאָוועט־רעגירונג האָט געצאָלט זיין שכר־לימוד, און אים געגעבן 150 דאָלער אַ חודש אויף צו לעבן. פאַר אַ סטודענט הייסט דאָס אַ גרעפּיש לעבן. אַ חוץ דעם האָט נאָך די סאָוועט־רעגירונג אויסגעהאַלטן זיין פרוי און זיינע צוויי קינדער, די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט שטודירט אין אַמעריקע. איצט וואָרט זיין לאַנד אויף אים. ער איז שטאָלץ, וואָס ער קומט אַהיים נישט נאָר מיט אַ פאָפּירענעם דיפּלאָם, נאָר מיט וויסן, וויסן וואָס ער וועט גלייך קענען איינשפּאַנען אין טאָג־טעגלעכן אויפבוי־לעבן פון סאָוועטנפאַרבאַנד. ער איז צופרידן, וואָס ער וועט קענען באַווייזן, אַז מען האָט אויף אים נישט פאַרטאָכליעוועט קיין געלט.

ער האָט גוט געזען אַמעריקע. ער האָט געזען פאָרדס פאַבריקן, דזשע־נעראַל־עלעקטריק און אַנדערע מוסטערן פון גרויס־אינדוסטריע און גרויס־קאַפּיטאַליזם. ער האָט גוטע, וואַרעמע ווערטער פאַר אַמעריקע, אָבער פאַר קיין געלט וואָלט ער זיך נישט באַזעצט ביי אונדז, ווייל — — —

ער איז זייער פאָרזיכטיק מיט ווערטער. ער איז טאַקטיש ווי אַ דיפּ־לאָמאַט, ער איז דאַנקבאַר אַמעריקע פאַר דער בילדונג, וואָס ער האָט געקראָגן. ער פאָרט אַוועק, טאָ פאַרוואָס זאָל ער באַרעדן דאָס לאַנד? ער באַטראַכט זיך ווי אַן אַמבאַסאַדאָר, וואָס די סאָוועט־רעגירונג האָט גע־שיקט צו אַ פריינדלעכער מדינה, טאָ פאַרוואָס זאָל ער מיט אַן איבעריק וואָרט אַריינפירן זיין לאַנד אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע?

ער גייט אויסגעפּוצט ווי אַ מאַגנאַט און ער פירט אַהיים עטלעכע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, עטלעכע אַנצוגן, עטלעכע פּאָר שיך, אַ שרייב־מאַשין, אַ גראַמאָפאָן און — — —

ער וואָלט שוין געוואָלט זיין אין דער היים.

איר פאַרשטייט, דערציילט ער מיר, מיין עלטערער זון איז געבוירן געוואָרן אַ שטומער. ווען איך האָב אים איבערגעלאָזט איז ער אַלט געווען

פינף יאָר און ער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ער איז געזעסן שטום און געקוקט מיט וואַרעמקייט אויף אַלעמען, אָבער ער האָט געשוויגן מיט אַזויפיל טרויער, אַז עס איז געווען אַ רחמנות. איז געראָטן אין אַ פעטער, וואָס איז געווען אַ צאַרט־פילנדיקער שטומער און האָט געהאַט אַן איינגעבוירן געפיל פון שיינקייט. דער פעטער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט קיין ווילדע קלאַנגען ווי אַנדערע שטומע, ער האָט בלויז גערעדט מיט די פינגער און איז אויף זיין אופן געווען לאַקאָניש. דער זון איז אויך געזעסן און געשוויגן ווי אַ זשיראַף.

אָבער די לעצטע עטלעכע יאָר האָבן גרויסע סאָוועטישע פּראָפעסאָרן גענומען דאָס קינד אין דער אַרבעט, ביז זיי האָבן אים דערוויילט אויס־געלערנט אַן איינאונאיינציק וואָרט —

פּאַפּאַ! און איצט, ווען ער וועט אַהיימקומען, וועט ער עס הערן מיט זיינע אייגענע אויערן. ער קען זיך גאָרנישט דערוואַרטן אויף דעם גרויסן גליק. איר ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ פרייד דאָס איז, וואָס דער שוויי־גנדיקער מישאַ וועט זאָגן „פּאַפּאַ". ער האָט דאָך דאָס געזאָגט די גאַנצע צייט מיט די אויגן — איר האָט באַדאַרפט זען די אַגאָניע — מיט די ליפּן, מיט די הענט, און איצט וועט ער עס זאָגן מיטן מויל.

און בעת־מעשה, ווען ער דערציילט, רינען ביי אים טרערן פון די אויגן אויף אַן אמת סענטימענטאַל־רוסישן שטייגער.

און אין זיין דערציילן איז נישט נאָר דאָ די ליבע פון אַ טאַטן, נאָר די פאַרליבטקייט פון אַ זון אין זיין לאַנד, וואָס האָט אַזעלכע געבענטשטע פּראָפעסאָרן, וואָס מאַכן אַזויפיל פּאָרשריט און ווייזן ממש וווּנדער אויפן געביט פון מעדיצין און כירורגיע.

דער טאַטע כאַזשעווס איז אַ פויער, אָבער ער איז אַלעמאָל געווען אַ רעוואָלוציאָנער, כאָטש ער האָט קוים געקענט לייענען און שרייבן. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס עס מיינט אַרבעטער, פויער און וואָס עס מיינט דעם צאַרס בייטש. ער איז געזעסן עטלעכע מאָל אין טורמע און איז, אַ דאַנק דעם, היינט, צו זעכציק, האַלב־פּאַראַליזירט און אַ צעבראָ־כענער שאַרבן. די רעגירונג גיט אים אַ פּענסיע און ער זיצט גאַנצע טעג איז ווײנט, וויינט פון גליק, וואָס ער האָט דערלעבט אַזעלכע צייטן. איר האָט באַדאַרפט זען, ווי דער טאַטע איז געווען גליקלעך, ווען איך בין

געגאַנגען אין אוניווערזיטעט און געזעסן גאַנצע טעג און שטודירט. אָפּט־מאָל, אַז ער פֿלעגט נעמען אַ כוסה האָט ער געקענט געבן אַ כאַפּ אַ שווערן בוך פֿיזיקע, אָדער כעמיע און אַ באַפּעל־טון: אַנו־קאַ, וואַסיאַ, גיב נאָר אַ לעז! לאָמיר נאָר זען ווי אַ פֿויערישער זון לייענט און קריגט נאַוקאַ. איך האָב דעם טאַטן געמוזט צוליב טון און לייענען, לייענען גאַנצע שטיקער און אַז ער, דער פֿויער, וואָס איז נאָך אַביסל געכאַפּט אין רעליגיע, האָט זיך צוגעהערט צו די טשודנע אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער, פֿלעגט ער געוויינלעך ליאַפּען מיט טרערן און רעדן מיט אַ געווערגטער שטים: סלאַוואַ טיע גאָספּאָדי! סלאַוואַ טיע גאָספּאָדי!

די מאַמע קען לייענען און נישט שרייבן. שטענדיק אַ שווערע אַרבעטאָרערין, שטענדיק מיט געשוואָלענע רויטע הענט, מיט גראָבע געשוואָלענע פֿיס און געשוואָלענע אויגן פֿון אָפּוויינען די יאָרן, ווען דער טאַטע איז געזעסן אין טורמע, ווען די קינדער האָבן געקרענקט און ווען אין הויז איז קוים געווען אַ קאַרג שטיקל פּיסנע ברויט.

דאָס זענען, גיט ער מיר איבער, זיינע אַנטעצעדענטן. און איצט קומט זיין לאַנד און עפּנט פֿאַר אים, דעם פֿויערשן זון, אַלע טויערן און אַלע טירן. אַוודאי איז ער דאַנקבאַר. ווו וואָלט ער איצט געווען ביים צאַר? דער סאַמע נידעריקסטער, געמיינסטער, שמוציקסטער שטויב אונטער די פֿיס. אָבער אונטער דעם סאָוויעטסקי סאָיוז, ווערט ער, כאַזשעוו, דער אויס־דערוויילטער סטודענט. זיין לאַנד שיקט אים און פֿאַרלאָזט זיך אויף אים. אַז ער וועט אין זיך אַריינזאַפּן גענוג לערע, כדי צו קענען צולייגן דעם קאָפּ און די הענט צום אויפֿבוי פֿון לאַנד, וואָס דאַרף זיין אַ מוסטער פֿאַר דער וועלט און פֿון אַ ניי לעבן פֿאַר די צוקונפֿטיקע דורות.

פֿאַרוואָס זאָל דאָס האַרץ נישט זיין פֿול מיט דאַנקבאַרקייט? ס׳איז אָבער נישט בלויז די עגאָצענטרישע אורזאַך. ס׳גייט אויף איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פֿון לאַנד אַ ניי לעבן, דערוויל, פֿאַר אַ סך, אַ סך, אַ סך מיליאָנען, אַ שווער לעבן, אָבער ס׳זעען זיך שוין שפּורן פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט.

ער הייבט פֿאַר מיר אָן אויסצורעכענען מעלות פֿון סאָוויעטסקי סאָ־יוז. ער איז זייער פֿאַרזיכטיק און זייער קלוג, אויסקלייבנדיק גראָד אַזעל־

כע מעלות, וואָס זאָל בולט אונטערשטרייכן די חסרונות פון אַמעריקע, וואָס ער טאָר דירעקט נישט באַרעדן.

און נישט נאָר דאַרפן מיר פֿויערשע זין, זאָגט ער, זיין דורכגעדרונגען מיט דאַנקבאַרקייט, נאָר די ייִדן דאַרפן טאַנצן אין די גאַסן. יאָ, טאַנצן אין די גאַסן, וואָס זענען די ייִדן געוועזן פֿאַר דער רעוואָלוציע? גאָרנישט! און איצט, וואָס זענען זיי? אַלץ! ווי יעדער איינער בירגער אין לאַנד איז אַלץ.

ער דערציילט עס מיר נישט ווי אַ גוי, וואָס וויל זיך דערקלערן אין ליבע צו ייִדן. פֿון אַט־דער התנצלות איז ביי אים נישטאָ קיין שפור. ער דערציילט עס פשוט מיט גרויס פֿרייד, וואָס זיין סאָוועטסקי סאָיוז האָט גוט געמאַכט אַ גרויסע עוולה, אַ בלוטיקע אומרעכט. ער איז גוט באַהאַוונט אין אַלע ייִדיש־סאָוועטישע ענינים, ער ווייסט וועגן ייִדישע שולן, ייִדישע קאָלכאָזן, ייִדישע שרייבער און איז נתפעל פֿון ייִדישן קאַמערטעאַטער. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אַלעמען נישט ווי אויף טשיקאַוועקייטן, ווי אַ גוי פֿלעגט זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אין שול אַריין צו הערן ייִדישע נגינה, נאָר ער קאַטאַלאָגירט עס ווי גרויסע אויפֿטואונגען פֿון לאַנד.

ער איז אַלט 34 יאָר. ער איז מיטלוווקסיק, און האָט אמתע סלאַווישע באַקן. ער זעט אויס פּויעריש, ער האָט אַ פּויעריש פּנים, פּויערישע הענט, פּויערישע, גרויע אויגן, אָבער יעדער פּויערישער שטריך איז אויסגעאיידלט, ווי גאָרקיס פּויעריש פּנים, וואָס איז ראַפֿינירט געוואָרן דורך יאָרן און יאָרן. ער פֿאַרמאָגט קלוגע אויגן, פֿאַרצויגן מיט אַ דינעם הויך פֿון עכט־רוסישער טרויעריקייט, וואַרעמע אויגן.

וואַרעמקייט! דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט. פֿון אים שלאָגט מיט וואַרעמקייט. כאַזשעוו רעדט צו מיר מיט דער ליבשאַפֿט, וואָס טרעפֿט אָפּט בלויז ביי מענטשן, וואָס זענען געזונט און זענען ביי זיך גאַנץ. ער דערציילט און דערציילט. ער וויל פֿאַר מיר אויסמאָלן דאָס לאַנד זיינס, וואָס ער האָט, אגב, דורכגעשפּרייזט אין דער לענג און אין דער ברייט. און אויב ער וואַרפֿט אין דער זעלביקער צייט אַריין אַ באַדויערלעכע באַמערקונג וועגן נאָך נישט אויסגעבעסערטע חסרונות, טוט ער עס מיט אַזויפֿיל נאַיִוויטעט, אַז בעת איך הער עס, וויל איך מיין געדאַנק גאָרנישט טון די

עוולה און עס אויפנעמען. אַזוי גוטמוטיק, גוטברידערלעך און אינטים דערציילט ער עס מיר.

בלויז איינמאָל האָט ער דערמאָנט, פאַרבייגייענדיק, דעם „וואָזשד". 1) די באַמערקונג איז נישט געווען באַגלייט פון קיין געצווונגענעם אָדער געקינצלטן מי־שברך. אים האָט אינטערעסירט, אויפריכטיק אינטערעסירט דאָס גאַנצע, גרויסע און פאַרנעמיקע. ס'איז פשוט אומגליקלעך, זאָגט ער מיט אַ כמעט פויערישער נאַיִוויטעט, וואָס אַנדערע לענדער זעען דאָס נישט איין און טוען אונדז נאָך נישט נאָך.

נאָך דער דאָזיקער עלעגאַנטער פּראָפּאַגאַנדע גיט ער מיר איבער, אַז ער איז נישט אַליין, אַז אויף דער שיף געפינט זיך אַ היבשע סאָוועטישע קאָלאָניע און אַלע פאָרן זיי צוריק אַהיים.

ער ווייזט מיר אָן אויף אַ ווינקל פון דעק, וווּ עס זיצט אַ דאַמע אויף אַ זון־שטול. זי האַלט אויסגעשטרעקט די פיס אירע, נישט קיין רעליקאַטע פיסלעך, פון דער נאָזשקי־קאַטעגאָריע, 2) נאָר שווערערע, כאָטש אומבאַדינגט פרויען־פיס, וואָס זענען אַפילו געווען נישט שלעכט געשניצט אויף אַזויפיל, אויף וויפל דער באַשעפער קען זיך אָנשטרענגען און קאָקעטירן מיט פאָרעם ביים אַריינבלאָזן אַביסל רייץ אין אַ דיקערן פוס.

דער דאָזיקער נישט־אָפּשטויסנדיקער פּאַנאָראַמע צופוסנס, זיצן עטלעכע יונגען און קוקן אַרויף צו דער מאַמע, אויף דעם סאַמע אַלט־פּרעגקיש־נאַדסאָנישן שטייגער.

די דאַמע איז די איינאונאיינציקע אויף דער שיף, וואָס קאָקעטירט מיט ים־קראַנקייט. די טעג און די נעכט זענען אַזעלכע וווּנדערלעכע, אַז מען שלינגט ממש שטיקער געזונט, אָבער די דאַמעליידט. אירע פּעךשוואַרצע האָר, פאַרקעמט מיט אַ שרינט אינמיטן, אירע ייִדישע אויגן, אירע דיקלעכע, כמעט ווי אָנגעשוואָלענע ליפּן — אַלץ ליידט. און ווייל זי איז אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער כאָפּטע רוסן, באַמיט זי זיך נישט צו ליידן, נאָר צו סטראַדאַיען. 3)

1) וואָזשד — דער פירער — סטאַלין.
2) נאָזשקי — פיסלעך.
3) סטראַדאַיען — ליידן.

די יונגען קוקן אַרויף צו איר און ס׳קומט צווישן זיי פֿאַר אַ מין געוועט, ווער עס וועט זאָגן אַ צאַרטער וואָרט, אַ קאַוואַלערישער וואָרט, אַ געפֿליגלטער וואָרט. מען רופֿט צוהילף שורות פֿון לערמאָנטאָוו, פּושקין, ניעקראַסאָוו, מאַיאַקאָווסקי און יעסענין, און דער רוסיש־ייִדישער דאַמע איז גוט, אויסערגעוויינלעך גוט. זי איז נישט גאָר קיין שיינע, נישט גאָר קיין יונגע און דאָך קריגט זי קעניגלעכע אויפֿמערקזאַמקייט. זי פּיעסטשעט זיך מיט דער ים־קראַנקייט און די קאַוואַלערן זענען צו איר דינסט. שענערע פֿרויען פֿון איר זענען אויף דער שיף אויסבראַקירט געוואָרן, אָבער פֿאַר די רוסישע יונגעלייט האָט דאָס געהאַט אַלדאָס חן צו הערן ווי אַ רוסיש וואָרט טריפֿט פֿון ווייבערישע ליפּן, אויף אַן ענגלישער שיף, אין אַ פֿרעמדער אַטמאָספֿער!

קינדער, נעמט אַרונטער די פֿאַרחלומטע אויגעלעך פֿון דער עלעגאַנטער סאָניאַ יאַקאָווליעווּנאַ און שפּאָרט אָפּ אַ וואָרט אויך פֿאַר אַ דזשענטלמאַן — זאָגט כאַזשעוו אויפֿגעלייגט און אַקטיאָריש — באַקענט זיך!

אַ טייערער בחור מיט אַ שטרויבלאָנדן קאָפּ און אַ ברייט רוסיש מויל מיט רייד, וואָס ווערן פֿריִער אויסגעבעט אויף אַ טיפֿן שאַליאַפּינבאַריטאָן, אַז זיי קומען אַרויס ווי אויסגעשפּילט אויף אַ וויאָלאָנטשעל. אַ צווייטער מיט אַ טאַמעוואַטן פּנים, אָבער מערווירדיק פֿריילעכע און גוטע אויגן, אַ דריטער מיט אַ בערעט אויפֿן קאָפּ און שטאַרק רירעוודיקע הענט, אַ פֿערטער מיט אַ ביסל אַ געבויגענער, סטודענטישער פּלייצע און אַ סטודענטיש־ערנסט פּנים — אַלע גיבן זיך אַ שטעל אויף, כמעט מיליטעריש. סאָניאַ יאַקאָווליעווּנאַ שטרעקט מיר אויס אַ הענטל, וואָס האָט זיך גיך צוגעפּאַסט צו דער מעטאַמאָרפֿאָזע פֿון הויזפֿרוי צו קאָקעטישער מאַנירלעכקייט. ס׳געדויערט נישט קיין מינוט און איך ווער אַריינגענומען, ווי אַן אייגענער מענטש אין דער קליינער סאָוועטישער קאָלאָניע אויף דער שיף.

— פּאָזשאַלוסטאַ 1) — דונדערט דער בלאָנדער, דער רוסישסטער פֿון אַלע זיינע חברים, אויף זיין וווּנדערלעכן באַריטאָן, וואָס בלויז אַ רוסישער

1) פּאָזשאַלוסטאַ — ביטע.

יונגערמאַן קען זיך אַמאָל פֿאַרגינען. זיינע פֿרייע באַנעמונגען, זיינע פֿרייע רייד און זיינע בליציקע רעזאָנירונגען, האָבן מיר צוריקגעבראַכט אַן עכאָ פֿון באַזאַראָוו, אַ הויך פֿון סאַנין מיט זיין נאַיִווער געשלעכט־עמאַנציפּאַציע, און צענדליקער אַנדערע העלדן, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן נישט אַזוי פֿון דער רוסישער ווירקלעכקייט, ווי דורך דער מי פֿון רוסישע שרייבער, וואָס האָבן אָפּגעטאָקט אַ העלד און אַ גאַנצער דור אינטעליגענטע רוסן האָט זיך אויף דעם העלדס מאַנירן דערצויגן. און דאָך איז דער בלאָנדער, מיט דער שטים פֿון אַ רוסישן סאָבאָרן־גלאָק, געווען אַ נייער סאָרט רוסישער אינטעליגענט, אַ פּראָדוקט אויך פֿון נייע מאַנירן. ער האָט אָבער פֿאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפֿטן נישט פֿון אַ פּראָדוקט, נאָר פֿון דעם עכטן עקזעמפּלאַר. ער האָט אַ זעלטן פֿיינע באַהאַוונטקייט אין פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. זיינע חברים האָבן קענטיק דרך־ארץ פֿאַר זיין דיאַלעקטיק און פֿאַר זיין צופּאַסן סאָוועטישע לערע, ניי־לעבן און ניי־טראַכטן צו פֿאַרשידענע באַדינגונגען. ווען זיינע קאָלעגן מאַכן אַ טעות און שטרויכלען מיט אַ דערקלערונג, שלאָגט ער זיי איבער גוטמוטיק.

נישט אַזוי וואָלטן מיר געהאַנדלט, חברים, אָדער, אַזוי וואָלטן מיר געהאַנדלט אין אַזאַ דילעמע, איז ער מסביר שווערע טעאָרעטישע ענינים, גייענדיק טרעפֿנווייז צו זיין אויספֿיר.

ער און צוויי אַנדערע פֿון דער גרופּע האָבן פֿאַרבראַכט בלויז זעקס וואָכן אין אַמעריקע, ווו אַלס עלעקטראָ־טעכניקער זענען זיי קאָמאַנדירט געוואָרן צו באַזוכן פּלענטס און פֿאַבריקן. זיי האָבן אין פֿאַרלויף פֿון די זעקס וואָכן אַ סך געזען און אַ סך געלערנט. דער פֿערטער, מיט דעם טאַמעוואַטן פּנים, האָט אין זיין פֿאַבריק, ווו מען האָט געצויגן אַ לאָטעריע, געוווּנען אַ פֿרייע רייזע אַרום דער וועלט און אַ יאָר וואַקאַציע. איז ער געווען אומעטום, ווו די וועלט האָט אַן עק, און איצט פֿאָרט ער צוריק אין פֿאַבריק.

און מאָדנע, אַפֿילו דער שווערער אַרבעטער, וואָס אַרבעט אין אַן אייזנגיסעריי און האָט שווערע אויסגעאַרבעטע הענט, האָט אויך אַ נייגונג צו עקאָנאָמישע פֿראַגן. ער טרעט צו צו די פֿאַרפּלאָנטערטסטע ווינקלען פֿון וועלט־עקאָנאָמיק מיט אַן אינטימיטעט. די טרוקנסטע, האַרבסטע זאַכן ווערן לעבעדיק ביי אים, ס׳איז קענטיק, אַז פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פּראָבלע־

מען זענען נישט נאָר האַרטע ווירקלעכקייט פאַר סאָוועטישע יונגעליים, נאָר אויך אַ ספּאָרט. זייערע „קראָס וואָירד פּאָולס״,1) פון וועלכע זיי האָבן שטאַרק הנאה. זיי דרייען די וועלט אויף אַלע זייטן און ווייסן גענוי, ווי איר צו דערלאַנגען אַ גלעט און ווי אַ בריק. יעדער סאָוועטישער יונגער־מאַן באַטראַכט זיך פאַר אַ פאַרשטייער פון זיין לאַנד און ער איז גלייך דערצויגן צו וויסן וואָס צו ענטפערן דעם אפּיקורס.

די פיר, וואָס האָבן בלויז אַ קורצע צייט פאַרבראַכט אין אַמעריקע, זענען וויניקער צוריקגעהאַלטן ווי זייער חבר כאַזשעוו. זיי קריטיקירן שוין אָפענער אַמעריקע און אירע זיטן, אָבער אַלעמאָל מיט אַ פאַר־רעדע: מיר ווילן אייך (מיר, דעם אַמעריקאַנער) נישט געבן קיין עצות ווי אַזוי צו פירן דאָס לאַנד, אָבער —

און דאָ קומען עטלעכע אָבערס, וועגן דעם ווי שוידערלעך־שמוציק און אָנגעחזרט מיט ציגאַרן און פּאַפּיראָסן עס זענען אונדזערע טעאַטערס און אַמוזיר־פּלעצער און ווי שמוציק די גאַסן. די סאָוועטישע טעאַטערס זענען מוסטער־ריין. דער אַרבעטער קומט אין טעאַטער ווי אין אַן אַמאָ־ליקן טעמפּל און אַלץ איז דאָרט זויבער.

האָט איר באַזוכט די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע טוער, אַמערי־קאַנער קאָמוניסט־ישע מיטינגען?

פולשטענדיקער און אַבסאָלוטער צוריקטריט. כמעט מיט שרעק, — שרייען זיי אַלע אויס אונטער דער אויפזיכט פון דעם בלאָנדנס קליינ־גענדיקע רייד:

ניין! וואָס האָבן מיר דערמיט צו טון? מיר זענען סאָוועטישע ביר־קער און אַמעריקאַנער געסט, מיר ווייסן גאָרנישט וועגן דער אַמעריקאַ־נער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אַ חוץ פון הערן.

אַ זיפץ פון דערלייכטערונג ביי אַלעמען. זיי האָבן געהאַנדלט, ווי עס דאַרפן האַנדלען סאָוועטיש־פאַראַנטוואָרטלעכע עמיסאַרן בנוגע אַ פרעמד, אָבער דיפּלאָמאַטיש־פריינטלעך לאַנד.

סאָניאַ יאַקאָווליעווגאַ, — לייגן זיי שוין צו אַביסעלע געלאַסענער און איבערגעלייגטער, — קען אייך אפשר אַביסל דערציילן וועגן דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

---

1) קראָס־וואָירד־פּאָולס — אַ שפּיל אַזאַ מיט אותיות.

סאָניאַ האָט פאַרבראַכט צוועלף יאָר אין אַמעריקע. איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן מיט צוויי יאָר צוריק קיין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווו ער האָט געקראָגן אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט. איצט פאָרט זי אַהין זיך באַזעצן און זי פאָרט מיט פרייד, ווייל סאָניאַ יאַקאָווליעווגאַ האָט אין אַמעריקע אויפ־געהאַלטן איר גאַנצע רוסישקייט — איר נאָמען, פאָטערס נאָמען און אויך איר אָדעסיש־האַרטן, כאָטש גאַנץ זאַפטיקן רוסיש, מיט די יידישע רייישן.

איך פאַרבעט זיי צו מיר אין דער קאַבינע אַביסל אויסטרינקען. איך האָב, דערציייל איך זיי, עטלעכע פלעשער, מיט וועלכע איך קען זיך אַליין נישט ספּראַווען. אַלע שווייגן און קוקן אויף דעם שטרוי־בלאָנדן יונג מיט דעם גלייכן קענזשער האָר. עס איז זיי אַביסל אומבאַקוועם, אַז סאָוועטישע מענטשן זאָלן זיך פון אַ פרעמדן לאָזן איבעררעדן אויף שיכרות.

דער בלאָנדער לאַכט פון גרויס פאַרלעגנהייט. די אויגן הייבן אָן אַביסל פלאַקערן און ער פאַרמאַכט זיי אויף דער העלפט, טראַכטנדיק פון אַביסל משקה. פעכנדיק מיט דעם געדאַנק, זעט ער אויס ליב־גוייש. נאָך אַ שטיקל קאָמפּראָמיס מיט דעם יצר־הרע און מיט סאָוועטישער דיאַלעקטיק פסקנט ער נאָכגיביק:

ניעמנאָזשעטשקאָ! 1) און ער ווייזט אויפן פינגער, אַז ער וועט בע־מען בלויז אַן אָפּ.

אַלע גייען מיט מיר, אַפילו די קראַנקע סאָניע יאַקאָווליעווגאַ אויך. און נאָכדעם ווי דער בלאָנדער האָט אַריינגעגאָסן היפּשע עטלעכע ניע־מנאָזשעטשקאָס, ווערט פול מיין קאַיוטע מיט פריילעכע סאָוועטישע לידער.

## II

און ווי זיי זינגען אַזוי, און ווי דער בלאָנדער כאַפּט אַ טענצל מיט דער שווערלעכער סאָניאַ יאַקאָווליעווגאַ ביי מיר אין דער ענגער קאַבינע, און ווי זיי ברענגען אַריין אַ גראַמאָפאָנטשיק מיט פּליטעס פון רוסישע אונטערטענצלדיקע לידער, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ קוויטש, ווי דער

---

1) ניעמנאָזשעטשקאָ — אַ ביסל.

2) נאָוואָבראַנצעס — רעקרוטן.

קרעשטשענדאָ פון פעלדפעבל, בעת ער פירט נאָוואָבראַנצעס 1) אין באָד אַריין, אַ קוויטש וואָס באַווייזט, אַז דאָס לידל האָט זיך געענדיקט, דאָס חיות האָט זיך געענדיקט, כאָטש נעם, שטרעק זיך אויס און מאַך צו די אויגן אויף אייביק פון מתיקות; און ווי עס הייבן זיך אָן באַווייזן קעפּ פון נייגעריקע און מיושבדיקע אַמעריקאַנער, וואָס קוקן אויף אונדזער שמחה, ווי אויף אַן אָרגיע פון פריינטלעכע קאַניבאַלן, און ווי די פרייד פון בראָנפן, גראַמאַפאָן־קריי, סאָניאַ יאַקאָוולעוונאַס שיכורלעכן געלעכ־טער, צווישן אַזויפיל מענער, און מענערשער, כמעט האָמאָסעקסועלער פריינטשאַפט, הייבט אָן אַרויספּראַלן דורך דער טיר, זוכנדיק ברייטערן שטח, — זאָג איך צו זיך: אָט־דאָס איז עס.

נישט, אָט־דאָס איז עס, מיט אַ פּראַגעצייכן און נישט מיט אַן אויס־רוף־צייכן, נאָר מיט אַ שיכורער גלייכגילטיקייט און אָן שום פּניות, ווייל איך אַליין בין אויך אַ היפּש ביסל אונטערגעניאָשקעט.

אָט־דאָס איז עס, זאָג איך צו זיך. דאָס איז דער נייער, פריילעכער, געזונטער דור פון מאַטעריאַליסטישער ראָמאַנטיק. דאָס איז דער רעזול־טאַט פון זיג, פון פלאַטערדיקע פאָנען, פון געוווּנענע באַריקאַדן, פון קאַמף, קאַמף, קאַמף, רעוואָלוציעס און קאָמונעס. דאָס איז געזאַנג פון דערגריי־כונג.

דאָס וואָס איך אַליין זיץ דאָ מיט די זיגער, מיט די דערגרייכערס, איז אויך נישט אַ שפּרונג און אַ כאַפּ און אַ קום צום גרייטן. איך קום אַהער דורך אַלע רעוואָלוציעס אין די ביכער, מיט אַלע נעמען פון רע־וואָלוציאָנערע מאַרטירער, מיט אַלע אַרבעטאָרערישע דאָגמעס, מיט די אַלע טאַטויִרונגען אין קינדישן מוח פון דעם, וואָס מיין שטאָט האָט מיטגע־קעמפט, מיטגעליטן און מיטגעהאָלפן אַרונטערצוואַרפן ניקאָלייקעלען.

ברידער און שוועסטער, לאָמיר גיין צוזאַמען.
זאָל אין ניקאָלייקעלען אַ רוח אין זיין מאַמען.
העי, העי, דאָלאָי פּאָליציי.
דאָלאָי סאַמאָדערזשעץ איוו ראָסיי 1).

1) דאָלאָי סאַמאָדערזשעץ איוו ראָסיי — אַרונטער מיט דעם רוסישן אַליין־הערשער.

מיט דעם־אַ „רוסיש״־רעוואָלוציאָנערן לידל, וואָס קלאַסנבאַוווסטע שניידערינס, נייטאָרינס, העפטשערקעס, סטאָליערס, טאָקערס, גאַרבערס, דראַטווע־ציִערס און העקער־יונגען האָבן אונטערגעפּאָנפּעט בגנבה, האָב איך זיך געריצט מיט דעם זיידן מיינעם. ס׳איז געווען מיין קינדישע רע־וואָלוציע קעגן זיין שרעק. רייבט ער די פּערץ (דאָס איז געווען מיין זיידנס קללה ווען ער איז געווען שטאַרק אין כעס), מען וועט אונדז אַלעמען צוליב דעם שגץ פאַרשיקן קיין סאַמביר.

און איך, ווי קיינמאָל גאָרנישט, האָב אַלץ געזונגען דאָס לידל, אָר־גאַניזירנדיק צום „קאַמף״ אויך מיין יונגערן ברודער, וואָס איז געווען גע־רוקט פון מיר מיט צוויי יאָר און וואָס האָט קוים געקענט זאָגן „סאַמאָדעוו־זשעץ״.

אַליין בין איך דעמאָלט אַלט געווען פינף־זעקס יאָר. מיינע חברים זענען געווען אינגלעך מיט לעכטלעך אין די נעז, מיט די סטענער איב־דרויסן ווי קליינע עקלעך און מיט שמאָלע יידישע היטעלעך. איך געדענק, אַז ס׳איז נאָך נישט שטאַרק זיכער געווען די ערד אונטער אונדזערע פיס און מיר האָבן זיך אַלע געשאָקלט, שפּילנדיק זיך, אין קייסער. מיר האָבן אוודאי געמוזט אויסזען ווי אַ גאַנצער הויף פּענגווינען.

כ׳וויל זיך, חלילה, נישט אויסהעפטן רעוואָלוציאָנערן סטאַזש, אָבער שוין דעמאָלט האָב איך געוווסט, אַז דער שלאָס, אָדער דאָס קרימינאַל, וואָס מען האָט אָנגעזען איבער אַ גרויס שטיק פון שטאָט, איז נישט געווען רע־זערווירט בלויז פאַר גנבים. די בייזסטע סאָלדאַטן מיט גרייטע ביקסן זע־נען געגאַנגען אַרום און אַרום, טאָג און נאַכט, נאַכט און טאָג און געהיט, דורך דעם גאַנצן אונטערן שלאָס, דורך די פאַרשידענע יידן־גאַסן, ביז צו דער שול, האָט מען אַלץ געזען דאָס קרימינאַל. יידן זענען געגאַנגען אין שול אַריין אונטער דעם שרעק פון מלכות, ווייל פון באַרג אויבן, האָבן אַרונטערגעגלאָצט די סאָלדאַטסקע ביקסן.

און צופוסנס דעם קרימינאַל איז געשטאַנען קראַסוצקיס פאַבריק, ווו עס האָבן געאַרבעט אויסגעמוטשעטע, פאַרהויקערטע, „זדעכלאַקעס״, די הוסטנדיקע ציגאַרן־ און פּאַפּיראָסן־מאַכער, אָבער צווישן דער פאַבריק און קרימינאַל, און ספּעציעל דעם טייל, ווו עס זענען געזעסן די פּאָליטישע, איז געווען אַ בריק.

דאָס איז געווען די איידעלע טאָכטער פון די קראַסוצקיס. אַ לאָמע איז זי געווען. זי האָט געטראָגן ברילן און האָט געהאַט אַ גויִשק־יִדישן פּנים און ערנסטע אויגן. פאַרטאָג פלעגט זי אַרויסגיין אויפן גאַניק און אָן מורא זיך דורכרעדן מיט די אַרעסטאַנטסקע קעפּ אין די גראַטע־פענצ־טערלעך.

מיין באַגריף פון רעוואָלוציע? מיין זיידע האָט מיר דערציילט שיינע פּאָווסטאַניע 1) מעשהלעך, וועגן בערעק יאָסעלעוויטש און וועגן יִדישע שענקערס, וואָס האָבן באַהאַלטן פּאַנעס, און אַפילו דעם וויץ וועגן דער יִדישער דאָליע ביי פּאַנעס, וואָס קריכן אַרויס פון דער הרובע, דרייען זיך די וואָנצן און שרייען צום זשיד: „טשאַפּקע זדים״! 2).

דערציילט האָט דער זיידע, וואָס איז געווען אַ שטאַרקער רעאַליסט, אַז ווען די קאָזאַקן האָבן געכאַפּט אַ פּאָווסטאַנטשיק 3) האָבן זיי אים אָפּ־געשניטן דאָס סאַמע וויכטיקסטע גליד, און עס אים דערלאַנגט מיט גרויס העפלעכקייט: „קוריטיע פּאָזשאַלוסטאַ!״ 4). ער האָט אויך געהאַט גאַנצע פּעק מיט מעשות וועגן גערילאַ־קאַמפן אין געדיכטע פּוילישע וועלדער, אַנטשלאָסענע, עקשנותדיקע, וועגן תליות, פּיקעס, קינזשאַלן און קאָזאַצקע נאַגייקעס 5).

ערשטע טריט פון דער רעוואָלוציע. נאָך האַלבע נאַכט. נישט דורך דער פּאַראַדנער קראָקאָווער פּאַרשטאָט, נאָר אויף די פּאַרהויקערטע און דערשראָקענע יִדן־גאַסן פלעגט זיך מיטאַמאָל דערהערן געזאַנג. די האַלב־טאָווערנע הייזקעס, וואָס זענען צוזאַמענגעקלעפּט מיט ניכטערן שפּייעכץ, ציטערן־אויף אָבער זיי בלייבן נייטראַל און שטום.

מען ווייסט שוין וואָס דאָס מיינט. מען האָט אַפילו מורא אַרויסצו־קוקן פון פענצטער, מען טוליעט זיך אונטער די איבערבעטן. מען ווייסט אַז די רעוואָלוציאָנערן „נעמען״ מיט געוואַלט אַ גאַס. זיי שטעלן איין, אַז ביז די מאַכט וועט קומען צו דער יִדן־גאַס, וועט שוין זיין אויס. און

1) פּאָווסטאַניע — אויפשטאַנד.
2) טשאַפּקע זדים — נעם אַראָפּ דאָס היטל.
3) פּאָווסטאַנטשיק — אויפשטענדלער.
4) קוריטיע פּאָזשאַלוסטאַ — רויכערט, ביטע.
5) נאַגייקעס — קאַנטשיקעס.

## ווען יאַש איז געפאָרן

דערווייל גייען די פּע־פּע־עס 1) פון דער אכזריותדיקער העסעס אייזן־גיסעריי, ווו מען מאַכט שווערע וואָגשאָלן, פון די ציגעלניעס, פון די צוקער־פאַבריקן, מען האַלט שטורקאַצן, מען גייט מיט דער פאָן און מען זינגט:

נאַ באַריקאַדי, ליודו ראָבאָטשי
טשערוואָני שטאַנדאַר 2)

פריער גייט מען לאַנגזאַם, דערנאָך כאַפּט מען שנעל, די שטורקאַצן בליצן פאַרביי די פענצטער, מיטאַמאָל שטיל. אַ דערשראָקענע שטילקייט, וואָס שרייט געוואַלד, און פּלוצים אַ געטופּ פון פייערדיקע, בייזע, קאָזאַצקע פערדלעך, וואָס זענען אָנגעקומען, ווי דערוואַרט, צו שפּעט און נאָך אַלעמען.

די קאָזאַקן זענען בייז וואָס זיי האָבן פאַרשפּעטיקט און זיי טשישען זיך דעם כעס מיט אַ שאָס, וואָס ווערט אַריינגעשלאָגן אין דער יידישער נאַכט אַריין ווי אַ פייערדיקער טשוואָק.

אַמאָל, אַ תשעה־באב ביינאַכט, האָט זיך חברה גראָד פאַרגלוסט צו באַווייזן רעוואָלוציאָנערן מוט און גיין דורך דעם שולהויף מיט דער פאָן. באַלד זענען אָנגעלאָפן קאָזאַקן און געכוואָשטשעט מיט די ראַפּניקעס. די שול האָט מען גיך אָפּגעשלאָסן. עטלעכע שעה צייט האָט מען געהערט די קאָזאַקן שנאַפּן אַרום די שול־ווענט ווי בייזע הינט, אָבער אין שול אַריין האָבן זיי פאַרט נישט דערוועגט זיך אַריינצוקומען. מיר ווידער האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין, זענען מיר געבליבן אין שול נאָך די קינות אַ גאַנצע נאַכט.

ס'איז שוין איינמאָל געווען אַ תשעה־באב. מיר האָבן אַלע ממש נאָכאַמאָל דורכגעלעבט דעם חורבן. די ליכט האָבן געצאַנקט, דער חזן איז געבליבן זיצן אויף די טרעפּ צום ארון־קודש. איך בין געזעסן און האַלב געדרימלט אויף אַ האַרטן, איבערגעקערטן שטענדער, געשאַרט מיט די זאָקן און הנאה געהאַט פון די פליי, וואָס האָבן מיר געקיצלט די

---

1) פּע־פּע־עס — פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי,

2) נאַ באַריקאַדי ליודו ראָבאָטשי טשערוואָני שטאַנדאַר — אויף באַריקאַדן, אַרבעטער־פאָלק, רויטע פאָן.

פּיאַטעס, אַרומגעשפּרונגען און געחלשט אַז מען זאָל זיי צולאָזן נענטער צום פליִיש, צו די וואַרעמע קינדערשע פּיסלעך.

אינמיטן שול האָט זיך געוויגט אַ שאָטן פון אַ ענגל־לייכטער — אַ גרויסער, אַ מוראַדיקער — אַהין און אַהער ווי אַ געהאַנגענער. אין מוח ביי מיר האָבן זיך געפּלאָנטערט אָפּגעפּליקטע טענער פון דעם טרויעריק־טעאַטראַלן אלי ציון ועריה, וואָס דער חזן האָט נאָר־וואָס געהאַט אָפּגע־זונגען מיט דער גאַנצער עדה.

איך בין געווען שרעקלעך הונגעריק און כ׳האָב געטראַכט פון דעם הונגער פאַר דעם חורבן, ווען עלטערן האָבן אָפּגעקאָכט די אייגענע קינ־דער. מיר זענען באַלאַגערט, אינדרויסן לויפן אַרום טיטוסעס מערדער, און דאָ וועט מען זיך באַלד אויף מיר אַרויפוואַרפן און אויפפרעסן. כ׳האָב מיט מורא געקוקט אויף דעם טאַטן, וואָס האָט אונטערגעדרימלט און מיך געגלעט מיט אַ שלעפּערדיקער האַנט.

כ׳געדענק נישט אַקוראַט וואָס פאַר אַ פּאָגראָם דאָס איז געווען — דער קעשענעווער, דער ביאַליסטאָקער, אָדער אַן אַנדער בלוטבאָד. דער טאַטע איז דעמאָלט אַהיימגעקומען מיט דעם בלאַט און געוויינט אַזוי שטאַרק, אַז אַלע אין הויז האָבן מיטגעוויינט: די מאַמע, דער ברודער מיינער, און אַפילו די שטומע דינסט האָט אויך מיטגעבעטשעט, אַ חוץ איך, וואָס דאָס האַרץ ווערט ביי מיר אַלעמאָל קיזלשטיין, ווען עס קומט צו לאָזן אַ טרער. איך האָב געקוקט אויף די שוואַרץ־געראַמטע בילדער און אויף דעם אויפשריפט קדושים און געטראַכט בשעת־מעשה וועגן די עשרה הרוגי מלכות, ווי מען האָט זיי געריסן דאָס פליִיש מיט אייזערנע קאַמען. אַ טויטער שמש מיט אַ ספר־תורה אין דער האַנט, טויטע קינ־דער מיט פאַרגלייזטע אויגן, צעפליקטע ספרים. מיט בלאָנדזשענדיקע גע־דאַנקען, צו יענער צייט האָב איך שוין געהאַט אָנגעטאַפּט דעם זין פון יידישער רעוואָלוציע. פון איין זייט ניקאָליי און פּאָגראָמען אויף יידן, און פון דער אַנדער זייט יונגעלייט אָנגעטאָן אין בלויע, שוואַרצע און רויטע העמדלעך מיט גאַרטלען און טראָלבן. זיי, די העמדלעך, ווילן אַרונטער־וואַרפן ניקאָלייען פון טראָן.

איך האָב זיך גאַנץ גוט אויסגעמשלט אַ ניקאָלייקעלע, ווי פּרעה פון מצרים, וואָס זיצט אויף אַ הויכן טראָן און יעדער וואָרט זיינס איז אַ

באַפעל און אַ גזירה קעגן ייִדן. ער האָלט שטענדיק אַ שווערן גילדענעם צעפּטער און אַ גילדענע רוט ווי אחשורוש און אָנשטאָט גיין אין מרחץ, באָדט ער זיך אין ייִדיש בלוט. מיטאָמאָל, ווי ער זיצט אַזוי און וויל אַרויסגעבן א נייע, שווערע גזירה, גיבן זיך אַ ריס־אַריין ווי צוויי שטו־רעמווינטן, דער רויטער יאַנקל און דער געשטופּלטער יאָסל שלאָסער. זיי גיבן אים אָפּ טשעסט, גיבן אַ האַק־אָפּ ווי אַ מזמור דעם יעוואָ אימ־פּעראַטאָרסקאיע וועליטשעסטוואָ 1), און אָפּגעגעבן ניקאָלייקעלען וואָס עס קומט אים, גיבן זיי אים אַ זאָג, אָן צערעמאָניעס: אדוני מלך, פּאַשאָל וואָן 2), גענוג געקיניגט. און ווען זיי בריקען אים אַרונטער פון טראָן, שיסן זיי אים אַריין עטלעכע פּוליעס, שפּייען דריי מאָל אויס און שרייען — אַ כפרה זאָלסטו זיין פאַר ייִדיש בלוט וואָס דו האָסט פאַרגאָסן. באַלד גיבן זיי אַ כאַפּ אַ שטעקן, אַ קוועטש ביי אַ פּרוזשינע, און ס׳גיט אַ שפּרונג אַרויס מיט אַ פלאַטער די רויטע פאָן און זיי לאָזן זיך איבער גאַנץ רוס־לאַנד מיט געזאַנג —

העי, העי, דאלאָי פּאָליציי
דאלאָי סאַמאָדערזשעץ איוו ראַסיי. 3)

פונדעסטוועגן, אַז די העמדלעך האָבן אַמאָל פאַרכאַפּט די שול און זיך אַוועקגעשטעלט, ווי דער מלמד פלעגט טייטשן, לעסטערן גאָט, האָט עס מיר פאַרקלעמט ביים האַרץ. קעגן ניקאָלייען, פאַרשטיי איך, אָבער קעגן ייִדישן גאָט? וואָס האָט דער ייִדישער גאָט זיך פאַרזינדיקט? דער גאָט, וואָס מען פליקט און מען טרעט מיט די פיס זיינע ספר־תורהס, מען הרגעט זיינע ייִדן, דער גאָט וואָס איז מיט זיין פאָלק ישראל אין גלות און וואָס האָט נישט קיין פריילעכע מינוט, אַחוץ אפשר שמחת־תורה — וואָס קען מען האָבן צו אַזאַ גאָט?

דער ייִדישער גאָט מיינער האָט אויסגעזען אַקוראַט ווי דער לובֿ־לינער רבי אברהמעלע אייגער — אַ דאַרער ייִד מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, ווייסע זאָקן און לאַטשן, אַ שטיל קול, אַ מענטש, וואָס קען נישט

1) יעוואָ אימפּעראַטאָרסקאַיע וועליטשעסטוואָ — זיין קעניגלעכע הויכהייט.
2) פּאַשאָל וואָן — אַרויס פון דאַנען.
3) העי, העי, דאלאָי פּאָליציי — העי, העי, אַרונטער מיט דער פּאָליציי.

קיין צורת מטבע, וואָס נעמט נישט קיין פדיון, פאַסט מאָנטיק און דאָ־נערשטיק און קומט אָפּ מיט שיִע־פּיִע אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. מיט אַ געבראָכענער שטים וויינט ער אַלעמאָל אויף ייִדישע צרות. אַזוי האָט אויס־געזען מיין געפּלאָגטער, קינדערשער, ייִדישער גאָט. וואָס קען מען האָבן צו אַזאַ גאָט, וואָס וויל יעדער טאָג, יעדער שעה, ברענגען די גאולה, אָבער זיינע הענט זענען צו קורץ און צו שוואַך צו ברענגען משיחן?

ס׳איז געווען פּורים, ווען די העמדלעך האָבן פאַרכאַפּט די מהר״ם־שול, צוגעשלאָסן די טיר און דער פאָרשטייער מיט לאַנגע שוואַרצע האָר, האָט זיך געשטעלט קניִען אויף דעם באַלעמער און גענומען האַלטן זיין רעדע: חברים און בירגער, היינט איז פּורים, היינט, רעדט מען אייך איין, איז געשען אַ נס, היינט, דערציילט מען אייך, אַז גאָט, אין זיין טאַטנס טאַטן, האָט די ייִדן געראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם —

אַרונטער פון באַלעמער, דו שייגעץ, דו פושע־ישראל, אַ דונער זאָל דיך אַוועקלייגן, אַרונטער פון באַלעמער, פוילן זאָלן דיינע ביינער — האָט איבער דער גאַנצער שול זיך געהערט דאָס קול פון משהלע גליס־קער (אַ ייִד אַ כּוהן, מיט אַ פייערדיקן כּעס, מיט אַ שטערן וואָס האָט זיך ביי אים יעדער מאָל אָנגעצונדן ווי אַ קאַם פון אַ האָן).

אַרונטער פון באַלעמער — און ס׳האָבן נישט געהאָלפן די סטראָ־שונקעס פון די העמדלעך, אַז מען וועט אים קאַלט מאַכן, אַז מען וועט אים אַריינשיסן אַ פּוליע, מען איז צו אים צוגעגאַנגען גאָר נאָענט און אים אַפילו געוויזן אַ שפּייער אויך, אָבער ער האָט אַלץ געשריגן ווי אין אַ פייער: אַרונטער פון באַלעמער.

איך בין אַסור שולדיק, וואָס אין דעם דאָזיקן קאַמף פון רעדנער קעגן גאָט און פון משהלע גליסקער קעגן דער גאַנצער רעוואָלוציע (און רעוואָלוציע מיינט קעגן ניקאָלייען פאַר דעם פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט) האָב איך געהאַלטן מיט משהלען. ער איז ביי מיר געווען דער העלד, דער מתתיהו, מיט דער געצויגענער שווערד און מיט דעם אויסרוף — ווער צו גאָט — צו מיר. איך בין געשטאַנען לעבן אים ווי אַ קליין מכּבייטשיקל און „מיר״ האָבן געקריגט דעם קריג פון גאָט, וואָס קען נישט און וועט נישט קעמפן פאַר זיך, ווייל ער איז אַליין אַ שוואַכער, אַ חלוש, אַ וויינע־

דיקער, אַ גוטהאַרציקער, אַ שאָטן וואָס זיצן איבערגעדעקט מיטן טלית גאַנצע טעג און וויינט.

און עד־היום קען איך נישט פאַרטראָגן ווען מען גייט אויף גאָט. וויפל איך זאָל נישט איינחזרן מיט זיך דעם פסוק, אַז רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק, העלפט עס אַלץ נישט. ווען מען נעמט באַליידיקן די הילפ־לאָזע גוטסקייט הינטער דער גאַנצער מיסטעריע פון מוטשעניש, וואָס מען רופט לעבן, פיל איך זיך טיף באַליידיקט, וואָס מען מישט קאַשע מיט באָטשווינע. איך ווייס, אַז מיינע קינדער וועט דאָס נישט אָנהייבן אַרן, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט אברהמעלע אייגער אָדער דעם שטילן, איידעלן לובלינער רב, רב הילל ליפשיץ. זיי האָבן נישט געהערט ווי ער האָט געהאַלטן זיפצנדיקע דרשות, איידער ער האָט מיט אַ געבראָכן קול סופלירט די תקיעות פאַר מיין פעטער חיל־אשר, וואָס האָט פון יעדער שברים געמאַכט אַ קאַדענצאַ און אַריינגעלייגט דערין אַזויפיל וויטיק, וואָס קיין בעל־תוקע האָט נישט געקאָנט.

פונדעסטוועגן האָב איך געשפּירט אַז ס'איז צוגעקומען אַ נייער כוח אין שטאָט. ביז איצט זענען געגאַנגען אויף כוח די כוח־יונגען פון דער אונטערוועלט, די חברה וואָס האָבן געקענט אַריינפּעצן אַ מעסער. אברה־מעלע ראָצער, מרדכילע בענקאַרט מיט די לאַקירטע שטיוולעטן, אַנ־דערע ווילע יונגען. זיי, אַז זיי האָבן געזאָגט, איז געווען געזאָגט, אַז זיי האָבן געסטראַשעט, האָט מען געוווסט אַז ס'איז הייליק, זיי, אַז זיי האָבן געשלאָגן אַ קורווע מכת־רצח און זי האָט געמאַכט גוואַלדן — ייִדן בני רחמנים, ראַטעוועט, זענען די בני רחמנים דורכגעגאַנגען, ווי נישט זיי מיינט מען, ווייל מען קען האָבן אַ שיין פּנים, אַז מען הייבט זיך אָן מיט די לייט.

אָבער אַז די העמדלעך זענען אויפגעקומען איז די אונטערוועלט גע־לעגן איינגעלייגט. כ'האָב אַמאָל געזען ווי די בונדיסטן האָבן געשלאָגן אַ גנב, וואָס האָט צוגענומען ביי אַן אָרעמער דינסטמיידל עטלעכע רובל. שטעק אָפּ דאָס געלט! — האָט מען אים געפּראַסקעט. פון דעם גנב איז געררונען די רויטע יויך, ער האָט געמוזט אָפּגעבן ביז אַ גראָשן און ביז די דינסטמויד, מיט הענט ווי געפּרוירענע עפּל, האָט נישט געזאָגט ס'גענוג, האָט מען נישט אויפגעהערט צו שלאָגן.

אַט איז אַ נייער כּוח, וואָס שלאָגט אויף, אָבער ס׳איז אַן אַנדער מין שלאָגן. ס׳איז צוליב אידעאַל. איך בין ווידער אַביסל צעטומלט געוואָרן, ווען דער נייער כּוח איז אַריין צו עליע טאַב, וואָס האָט זיך איינגעעקשנט און נישט געוואָלט געבן די געזעלן זיינע אַ הוספה, און מען האָט אים אַריינגעשאָסן עטלעכע קוילן.

קינד און קייט האָבן געוויינט ביי דער לוויה. עליע טאַב איז געווען אַ שניידער און אַליין נישט קיין גרויסער גביר, דאָס פאַרברעכן זיינס קעגן די אַרבעטער האָט אויסגעזעזן אומגעהייער קליין אַנטקעגן דעם עונש. ווען איך האָב געזען דעם שוואַרצן קאַסטן אויף דער יידנגאַס, דאָס ווייב האָט זיך געריסן ביי די האָר, די קינדער האָבן געוויינט און די תּלמוד־תּורה יינגלעך האָבן געזונגען צדק לפניו יהלך. איך האָב געוויגן אויף אַ קינדערשער וואָגשאָל און ס׳האָט עפּעס נישט געשטימט.

עליע טאַבס טויט האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער גאַנצער שטאָט. צום ערשטן מאָל האָט מען אָנגעהויבן פילן, אַז אויב ס׳איז טאַקע דאָ אַזאַ זאַך ווי כל ישראל חברים, מיט פאַראייניקטע אינטערעסן, ווען ס׳קומט אויסצובעטן ביי גאָט אַ גוט קוויטל, אָדער גלאַט ישועות ונחמות אויף יידן, זענען אָבער אַ גאַנץ יאָר דאָ צוויי אַרמייען — אַרבעטער און באַלע־באַטים. ס׳איז געווען דער ערשטער קלאַסנשאָס אין שטאָט.

די אַרבעטער האָבן פריילעכער און שטאָלצער געזונגען זייערע לי־דער. און יעדער מאָל ווען ס׳האָט זיך געמאַכט אַ געזעמל פון אַכט־ניין אַרבעטער איז גלייך אויסגעוואַקסן אַ צענטער, וואָס האָט אָנגעפאַנגען זיין פּראָפּאַגאַנדע מיט „חברים און בערגער״. עלטערע יידן, אַז זיי זענען פאַר־ביייגעגאַנגען אַזעלכע פאַרזאַמלונגען פלעגן זיי אונטערבורטשען סקעפּטיש צום גראַם: אַז ס׳וועט נישט ווערן בעסער, וועט ווערן ערגער.

און דערפאַר איז מיר גאָר קיין ווונדער נישט געווען, ווען דער נייער כּוח האָט אַרונטערגעבראַכט שמעון בערגערן צו אונדז אין הויז אַריין. דער טאַטע האָט געאַרבעט אין שמעון בערגערס געשעפט. רב שמעון בער־גער האָט געהאַט אַ ברייטע פלאַקסענע באָרד, אַ גרויס קליידער־געשעפט און אַ שיינע דירה אויף דער קראָקעווער פאַרשטאָט. דער טאַטע פלעגט גיין צו אים גוט יום טוב־ביטן, אָבער אַז רב שמעון זאָל אין אַ פּראָסטן

מיטוואָך מוזן אַרונטערקומען צו אונדז אין הויז הינטערן שלאָס, האָט בלויז דער נייער כוח געקענט באַווייזן.

ביים ברייטן טיש אונטער דעם בליצלאָמפּ זענען געזעסן עטלעכע אומבאַקאַנטע יונגעלייט, מיט טרוקענע, ערנסטע און געשעפּטלעכע פּנימער. שמעון בערגער איז געזעסן, און דווקא נישט אויבנאָן און געווישט דעם שווייס פון שטערן. אויבנאָן איז גראָד געווען דער טאַטע מיינער, ווייל ער האָט געהאַט דעם שווערן אַמט פון אַ בורר. דער נייער כוח האָט זיך פאַר־לאָזט אויף דעם טאַטנס ערלעכקייט און יושר, כאָטש ער איז נישט געווען איינגאַנצן קלאַסנבאַוווּסט.

שמעון האָט דערלאַנגט אַ פּאַטש אַ יינגל, אַ משרת, און דער כוח האָט אים אויפגעפאָדערט צו אַ משפּט. דאָס יונגע משרתל האָט געהאַט אַ דין שטימעלע ווי אַ משורר. ער איז אַלעמאָל געשפּרונגען רב שמעונען אין פּנים אַריין.

שמעון בערגער האָט געווישט דעם שווייס פון שטערן און געוואָלט ענטפערן, אָבער דער טאַטע מיינער האָט אים אַלעמאָל באַפעלעריש אַרויפ־געלייגט אַ שלאָס.

טאָמער וועט איר, רב שמעון, אַביסל האַלטן ס׳מויל. איר האָט אַוודאי פאַרגעסן עליע טאָב.

דאָס איז געווען געענוג אַז רב שמעון זאָל אַנטשוויגן ווערן אויף עטלעכע מינוט, ביז דאָס משרתל איז אים ווידער געשפּרונגען ווי אַ הענדל אין פּנים אַריין און דער טאַטע האָט אים ווידער געמוזט אַרויסרופן דעם גייסט פון עליע טאָב.

אויפן טיש, ווי אַ באַווייז פון פרידלעכן קלאַסנקאַמף, איז געלעגן אַ רעוואָלווער, אַ נייער בלאַסקנדיקער רעוואָלווער. אין בלוילעכן שטאָל האָבן געפלעמלט פייערלעך פון בליצלאָמפּ.

דער טאַטע האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסק. רב שמעון בערגער מוז צאָלן אַזויפיל און אַזויפיל פאַר דער פאַרטיי, ווי פאַרגיטיקונג. דאָס משרתל קריגט אַ הוספה פון אַ האַלבן קערבל אַ וואָך און סחורה אויף אַן אַנצוג. רב שמעון איז מבטיח צו האַלטן די הענט אין קימפּעט און זיך נישט וואַרפן מיט קיין פּעטש, ווייל, פאַטאַקעוועט דאָס יונגע משרתל, היינטיקע צייטן פּאַטשט מען נישט.

רב שמעון האָט מקבל פּסק געווען. די פּאַרטיי איז געווען צופרידן און אַז די פּאַרטיי איז אַוועק איז ער געבליבן זיצן קעגן טאַטן מיט גזלנישע אויגן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיך גענומען שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין.

יצחק, — האָט ער געשריגן צום טאַטן, — איך וועל זיך אַ מעשה אָנטאָן, איך וועל זיך פאַרוואַרפן אַ שטריק אַרום האַלדז. אַז מען קען שוין נישט שלאָגן אַן אייגענעם מענטש, איז דאָך שוין עק וועלט. אַז מען קען נישט האָבן דאָס פאַרגעניגן אויסצופּראַסקען אַזאַ סמאַרק אויף ביידע באַקן און אים ווייזן ווער עלטער איז, איז למה זה אנוכי, צו וואָס־זשע דאַרף מען אַזאַ פאַרסראַליעט לעבן?

יאָ, אַ סך פּאַר ניקאָלייען האָט שמעון בערגער דערפילט די רעוואָ־לוציע אויף זיינע אייגענע פּלייצעס און ער האָט זיך אונטערגעגעבן. ער האָט שוין מער דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן. ער איז אַרומגעגאַנגען אַן איינגעהויקערטער און איז געווען שוואַרץ ווי די ערד. די רעוואָלוציע האָט אין אים אָפּגעפּייערט דעם ערשטן זיג.

דעמאָלט זענען אָנגעקומען אומרויִקע טעג. די חברה האָט געמאַכט דעם אָנהייב מיט אַ שלעכטן סטרוזש. דאָס איז נישט געווען קיין סטרוזש, נאָר דער אמתער צערבער פון זיין הויף, און אַלץ דערפאַר וואָס ער האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט דינענדיק דעם קייסער. דער סטרוזש האָט געקוקט פון אויבן־אַראָפּ אויף זיין בעזים און אויף זיין שמיעטניק — דאָס זענען אַלץ ביי אים געווען בייזאַכן אַנטקעגן זיינע העכערע פליכטן. ער האָט געאַרבעט מיט לייב און לעבן. ער האָט גע־טרייבערט די אָדערן וועגן איינמעלדעווען און געהאַלטן אַן אויג אויף ניעלעגאַלניע 1). די קינדער זיינע זענען געגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגע־שליסן און געבעטלט שטיקלעך פלעצל ביי די ייִדישע קינדער. די סטרו־זשין און דווקא די סטרוזשין האָט געשיכורט און זיך געוואַלגערט לעבן שמיעטניק און געשאָלטן דעם מאַן און די קינדער מיט טויטע קללות. אָבער דער סטרוזש אַליין איז געווען אַ ניכטערער מענטש. ער האָט גע־שפּירט, אַז די מאַשעניקעס 2) קענען אים אונטער דער נאָז אָפּשפּילן אַ

1) ניעלעגאַלניע — אומגעזעצלעך.
2) מאַשעניקעס — גנבים, שווינדלערס.

רעוואָלוציע און ער האָט געהיט זיינע פליכטן מיט דער גרעסטער קאָנ־צעלאַרסקער פּינקטלעכקייט. איינמאָל אַ פאַרטאָג האָט מען געמאַכט אַ סוף צו דער קאַריערע פון דעם צאַרס געטרייעסטן דינער ביי אונדז אין שטאָט.

נאָך דעם דאָזיקן אָנהייב זענען שוין געפאַלן סטראַזשניקעס, רעווע־ראָוועס און אַפילו אַ פּאָמאָשטשניק־פּריסטאַוו. אַמאָל, געדענק איך, האָב איך אויף דער ייִדנגאַס געהערט עטלעכע טרוקענע קנאַלן, ווי מען וואָלט האַסטיק אָנגעקלאַפּט מיט אַ שטעקן אין אַ לאָדן. עטלעכע טריט פון מיר איז געפאַלן אַ רעווערעאָווע, וואָס האָט נאָר וואָס געהאַט איינגעקויפט אַ בייטל מעל. דער בייטל האָט אים אינגאַנצן פאַרמעליקט דאָס פּנים, אָבער דורך דעם ווייסן, בלאַזנשן פּנים האָבן זיך אָנגעהויבן דורכרייסן פאַר־גליווערטע שטיקער בלוט און געבליבן ליגן לעבן דעם רעווערעאָווע 1) ווי שטיקער לונג־און־לעבער. דער רעווערעאָווע איז לאַנג געלעגן מיט די טויטע אָפּגעפּוצטע שטיוול און ייִדן האָבן זיך געשראָקן, ווי מען וואָלט אים אונ־טערגעוואָרפן פאַר אַ בלוט־בילבול, ביז דאָס געזעץ פון יענער זייט שטאָט־זייגער איז געקומען, געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל און אים צוגענומען.

און צו יענער צייט האָט זיך אויך אונטערגערוקט די מעשה אַבעלע צימרינג. קיין ייִד אין שטאָט האָט נישט געהאַט קיין לענגערע באָרד פאַר אַבעלען — ס'איז געווען אַן אמת שטיקל צירונג פאַרן פּנים. ער איז גע־גאַנגען פּאַמעלעך, ווי ער וואָלט שטענדיק שפּאַצירט, די הענט פאַרלייגט אויפן זייט־זשע־מוחל און געקוקט מיט זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן פון אונטער דיקע, שוואַרצע ברעמען. ער איז שוין געווען גרוי ווי אַ טויב, אָבער די ברעמען האָבן בשום אופן נישט געוואָלט גרוי ווערן. ער האָט געוואָרפן אַ קוק אַהין און אַ קוק אַהער און פון צייט צו צייט האָט ער גענומען די רעכטע האַנט פון זייט־זשע־מוחל און לאַנגזאַם געגלעט און גע־צערטלט די שיווע באָרד זיינע. זיין קוקן איז געווען אַ סאָרט אינספּעקציע און דאָס ערשטע בעסטע ייִנגעלע, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן וועג פלעגט ער צורופן און זאָגן:

— בני, זון מיינער, פון קוקן האָט נאָך קיינער קיין געלט נישט דערלייגט. האָסט שוין געדאַוונט? נאַדיר אַ גראָשן און קויף דיר סאָכ־מעראָזש.

1) רעווערעאָווע — פּאָליציאַנט.

דעם גראַשן האָט קיין ייִנגעלע ביי אים נישט גענומען, ווייל אַבעלעס גוטסקייט האָט גלייך געגעבן קלעמעניש אין די קישקעס.

אַבעלע איז געווען אַ ייִד, וואָס האָט געהאַט צוטריט אין מאַגיסטראַט, אין קאַנצעלאַריע און אין דער גובערניע. ער איז געווען אויסגעקאָכט מיט נאַטשאַלסטוואָ און ס'איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַז אַבעלע איז אַ מסור און אַז ער האָט אָפּגעשפּאָרט עטלעכע קאָמעניצעס פון זיין פרנסה. יונגערהייט האָט ער געמאַכט אַ לעבן בלויז פון פריזיוו, אָבער אין די שפּעטערע יאָרן האָט ער גענומען מסרן פּאָליטישע אויך. אין שטאָט האָט מען אים פאַרשאָלטן דאָס געביין, אָבער מען האָט פאַר אים געציטערט, מען האָט מורא געהאַט פאַר זיין קוק און ער, ווי נישט אים מיינט מען, איז געגאַנגען אויף דער ייִדנגאַס אין זיין לאַנגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און געשנאַפּט און געשפּיעגעוועט 1).

אָבער קיין קויל האָט אים אַזוי גיך נישט גענומען. מען האָט אים איינמאָל געשאָסן און לייכט געראַניעט. ס'האָט געדויערט עטלעכע טעג און ער איז שוין ווידער געווען ביי דער „אַרבעט". אַ צווייט מאָל האָט מען אים געשאָסן און שווער פאַרוווּנדעט, אָבער פון ייִדישן שפּיטאָל, ווו ער איז געלעגן איז געקומען די „פריילעכע" בשורה, אַז ער בעסערט זיך און וועט געזונט ווערן. נאַטשאַלסטוואָ האָט אַבעלען איבערגעפירט אין רוסישן מיליטער־שפּיטאָל, כדי ער זאָל דאָרט זיין זיכערער. דאָס וואָיעננע 2) שפּיטאָל, אַרומגערינגלט מיט הויכע דיקע מויערן, האָט שטענדיק געהאַט אַ שווערע שמירה, אָבער אויך דאָרט האָבן זיך עטלעכע יונגעלייט אַרייגעכאַפּט אים „מבקר חולה" זיין און מען האָט אים אויפן קראַנקן בעט אָוועקגעלייגט.

אַבעלעס לוויה איז געווען אַ פריילעכע. אין קיין חדר האָט מען דעמאָלט נישט געלערנט. און כאָטש ביים לעבן איז אַבעלע געווען אַ שטיקל נאַטשאַלניק און מען האָט פאַר אים מורא געהאַט, האָבן אַלע איצט דערשפּירט אַז ווי אַ ייִדישער מת איז ער אינגאַנצן אַן אונדזעריקער. דער קאָסטן האָט זיך גיך געהאָצקעט לויפנדיק צום גוטנאָרט און קינד און קייט האָבן אויפן

1) געשפּיעגעוועט — שפּיאָנירט.
2) וואָיעננע שפּיטאָל — מיליטערישער שפּיטאָל.

וועג געוואָרפן שטיינער אין ארון. אַבעלע צימרינג מיט דער צעשפּרייטער באָרד איז באַגראָבן געוואָרן ערגעץ ביים פּלויט, און וואָכנלאַנג האָבן ייִדן אָפּן הנאה געהאַט פון דעם שטיקל אַרבעט און עס אַפילו באַרעכטיקט מיט דעם פּסוק „ובערת", זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

דעמאָלט האָט פּאָניע באַשלאָסן, אַז מען דאַרף ווייזן דער שטאָט זיין שוואַרצע גבורה, כדי אָנצוּוואַרפן אַזאַ שרעק, אַז עס זאָל זיך אָפּגלוסטן מיט אים צו פאַרמעסטן, ווייל מיט אַ רעוואָלווער מער, אָדער ווייניקער, ליגט נאָך אַלץ דער גאַנצער כוח ביי אים.

פריִער זענען געגאַנגען די מיליטערישע פּייקלערס — בום — טאַ־ ראַראַרום, בום — זיי האָבן געפירט דעם פּאַראַד, וואָס איז אייגנטלעך גע־ ווען אַן אויסשטעלונג פון מיליטערישער קראַפט. די פּייקלעך האָבן ווי צוזאַמענגערופן די שטאָט אַ קוק צו טון אויף דער אַרטילעריע, פּיעכאָטע 1), גרענאַדירן און קאָזאַקן אויף ווילדע פערדלעך. די קאָזאַצקע פערד זענען געווען אַזוי ווילד, אַז זיי האָבן נישט געקענט גיין אין שפּאַן, זיי זענען אַלעמאָל אַרויסגעלאָפן פון דער ריי און זיך געדרייט אַרום און אַרום אין עטלעכע צירקלען, אַז ס'איז געווען אַ וווּנדער, ווי אַזוי דער קאָזאַק מיט דער פּיקע, ביקס, שווערד און נאַגייקע איז נישט אַרונטערגעפאַלן און געבראָכן האַלדז און נאַקן. אַנדערע רייטער האָבן אויף געצאַמטערע פערד געפירט די פּולעמיאָטן. ס'האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, געבראַזגעט און גע־ הוידעט אַראָפּ און אַרויף, אויף די נישט־ברוקירטע גאַסן, די האַרמאַטן מיט די אָפענע אייזערנע פּיסקעס. די זעלנערשע אָנגעשטייפטע און רצי־ חותדיקע פּנימער זענען געווען געווענדט צו די פאַרחושכטע הייזער, וואָס זענען געלעגן איינגעלייגט פון שרעק. צווישן ראָטע און ראָטע זענען גע־ גאַנגען פּייקלערס און אַלץ אויסגעפּייקלט זייער בום — טאַראַראַרום, בום טאַראַראַרום.

אָבער נישט נאָר איז די שטאָט זיך נישט צוזאַמענגעלאָפן, נאָר מען האָט פאַרהאַקט טיר און טויער. אינסטינקטיוו האָט מען דערשפּירט אַז דאָס איז נישט קיין גאַליעווקע 2), די פּייקלערס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק־ לעכע מרה־שחורה. די נעכט זענען סיי ווי געווען לאַנגע און דערשראָקענע

1) פּיעכאָטע — פוס־אַרמיי.

2) גאַליעווקע — פאָלקס יום־טוב.

פון דעם סטאַן־וואַיעני 1), און דאָ קומען זיי נאָך פאַרסמען די טעג אויך. אַלע געשעפטן זענען צוגעשלאָסן געוואָרן, ס׳איז שוין געווען אין דר׳ערד מיטן לייזעכץ. יעדן זענען געלאָפן, יידענעס האָבן ווי די הינער צוזאַמענגערופן די קינדער, איין טויער נאָך דעם אַנדערן האָט זיך פאַרהאַקט און די גאַנצע יידנגאַס איז געוואָרן ווי אויסגעשטאָרבן.

בלויז איך אַליין האָב נישט באַוויזן גיך גענוג אַריינצולויפן אין טויער, ווו איך האָב געלערנט אין חדר. דער טויער איז געווען אַ הויכער און איך האָב געמוזט אויסזען אין גרייס ווי אַ קליין, דערשראָקן קעצל, וואָס האָט געציטערט דורך דעם גאַנצן, לאַנגן מיליטערישן פּאַראַד. איך בין אפשר געווען דער איינציקער לעבעדיקער נפש אויף דער גאַנצער יידנגאַס. אָפּי־צערן האָבן צו מיר געוווּנקען, קאָזאַקן האָבן מיך דווקא געוואָלט נאָך מער איבערשרעקן און זיי האָבן מיר אַרויסגעשטעקט די לעקערס, אַנדערע, גרעסערע חכמים, האָבן אויף מיר געצילט די ביקסן, און ווען די פּיקלערס זענען מיך פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיי העכער געפּייקלט דעם בום־טאַראַראַרום, ווי זיי וואָלטן עס ספּעציעל אָפּגעשפּילט פאַר מיין כבוד וועגן און מיר איז דער מאַמעס מילך אַנטלאָפן געוואָרן.

ווען דער לעצטער זעלנער איז שוין געווען פאַרבייגעגאַנגען האָבן זיך די טויערן געעפנט און גנביש, ווי אויף פראָבע. מיין מלמד יאַנקל פּיילעץ איז צו מיר צוגעפאַלן ווי צו אַ געפונענעם און מיר געקיצלט דאָס פּנים מיט זיין גוטער באָרד. די קינדערלעך האָבן מיך אַרומגערינגלט און געבעטן אַז איך זאָל זיי אַלץ דערציילן. אַפילו דער בעלפער האָט זיך צוגעהערט, ווי איך האָב געבראַקט ווילדע גוזמאס. איך האָב נישט פאַרגעסן צו דערציילן, ווי מען האָט מיך געוואָלט פאַנגען און מיך מאַכן פאַר אַ קאָזאַק, נאָר איך האָב זיי אַלעמען פאַרטריבן מיט שמע ישראל.

און ווי האָב איך מקנא געווען די שוסטער־יינגלעך און שניידער־יינגלעך, די יונגע, פערצן־פופצן־יעריקע געזעלן, וואָס פלעגן טראָגן פאַמעשעפער אויף דער לער, אָבער נאָך דער אַרבעט האָבן זיי זיך אויסגעפוצט אין די קאַלירטע העמדלעך, געקנאַקט באַניקערן און ראָמאַנסירט מיט מיידלעך. דאָס איז געווען דער פּאָמאָץ־בונד. אַז מען האָט באַדאַרפט עמעצן אָנפּאַטשן, האָבן זיי געפּאַטשט. ווען מען האָט באַדאַרפט אַריינוואַרפן

---

1) סטאַן וואַיעני — קריגס־צושטאַנד.

אַ שטיין אין אַ וויסטאַוועֿ פֿון אַ געשעפֿט, ווו דער אייגנטימער האָט נישט אָפּגעהיט די רעגולירטע געשעפֿט־שעהן, האָבן זיי געוואָרפֿן. נישט איינמאָל האָב איך דעם טאַטן געזאָגט, אַז איך בין מקנא די יאַטן, אָבער דער טאַטע האָט מיר קורץ און שאַרף דערקלערט, אַז מעט שוין מאַכן די רעוואָ־לוציע אָן מיר. די מאַמע האָט צוגעגעבן פֿון איר זייט, אַז מעט זיך גאַנץ גוט באַדרייען אָן מיר, און דער זיידע האָט ביי מיר געקויפֿט פֿאַר אַ דרייער אַ פּרשה חומש. קיין גרויסער למדן איז ער נישט געווען, האָט ער הנאה געהאַט, ווי איך האָב פֿאַר אים אָפּגעגלעקלט אַ פּרשה חומש און נאָך אַריינגעוואָרפֿן אַ שטיקל רש״י פֿאַר אַ צולאָג. דער זיידע האָט גע־האַלטן, אַז קיין בעסערע סגולה צו דער רעוואָלוציע ווי אַ פּרשה חומש איז נישטאָ, און זאָלן זיי זיך פֿאַרדרייען זייערע אייגענע קעפּ.

אָבער איך בין שוין דעמאָלט געווויר געוואָרן וועגן דעם אוצר ביים פּעטער וועלוול. דער פּעטער וועלוול האָט פֿאַרמאָגט הונדערטער ביכער, פֿון שמ״רן ביז דער דעמאָלטיקער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. אָבער ער האָט געהאַט אַ טבע, אַז ער וועט אייך באַדיי שענקען אַ גילדן, איידער באָרגן אַ ביכל. ער האָט שטענדיק געטענהט, אַז ווען ער באָרגט אַ ביכל פֿעלט אים עפּעס אין שטוב, ווי מען וואָלט אַרויסגעטראָגן אַ בענקל אָדער אַ טיש. קומען צו אים, זיצן און לייענען, איז מיט דעם שענסטן פֿאַרגע־ניגן, אָבער אַרויסטראָגן אַ בוך פֿון הויז איז געווען שטרענג פֿאַרבאָטן.

דער פּעטער וועלוול איז געווען מיין פּראָלעטאַרישער פּעטער, דער היפּוך פֿון פּעטער חיל־אשר, וואָס איז געווען צו יענער צייט מיין רבי. דער פּעטער חיל־אשר, דער עלטסטער פֿון די זיבן ברידער, איז געווען אַ שיינער הויכער ייִד, דער שענסטער ייִד אין באָד. אין דער באָרד זיינער האָבן נאָך געקעמפֿט די שוואַרצע מיט די גרויע האָר. די אויגן זענען געווען יונגע. דער איינציקער פּגם אויף זיין קערפּער איז געווען, ביים רעכטן ווינקל, אַ קליין שטיקל אויפֿגעשוואָלן קישקעלע, וואָס האָט גע־זוכט אַ וועג אַרויסצוקריכן, און וואָס דער פּעטער חיל־אשר האָט גע־האַלטן אין צאַם מיט אַ בענדל.

דעם פּעטער חיל־אשרס חדר האָט זיך גערעכנט דריטער קלאַס — ביי אים האָט מען שוין אַריינגעכאַפּט אַ שטיקל גמרא. ער האָט מיט די קינדער געלערנט אויך אַביסל תנ״ך־העברעיש. אַז ס'איז געקומען ניטל,

האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַרפעצטע גמרא, ווי אַ שטיק קאָנטראַבאַנד. און האָט פון דאָרט פאַרגעלייענט די גאַנצע מעשה מיט יאָסל פּאַנדעריק — דער מענטש וואָס האָט דווקא געוואָלט ווערן אַ גאָט ביז מען האָט אים אַרונטערגעפּישט פון זיין גדולה. ער האָט געלייענט און געלייענט ביז צו דער גרויסער שטראָף, אַז ער מוז זיך אייביק פּרעגלען אין זיי־דיקער כבעט־איבער־אייער־כבוד.

דער פּעטער איז געווען אַ גוטמוטיקער. ער האָט געהאַט פיינע ווי־צעלעך פאַר יעדער צרה. די קינדער זענען אים ממש געקראָכן אויפן קאָפּ און ס׳האָט אים נישט געאַרט. זיין צווייט ווייב, וואָס האָט זיך נישט געעקנט ספּראַווען מיט אירע פליכטן צו באַהאַנדלען די טאָכטער פון ערשטן ווייב ווי אַ שטיפמאַמע און איר צווילינג ווי אַ הייסע מאַמע, איז אים אויך געקראָכן אויפן קאָפּ און ס׳האָט אים אויך נישט געאַרט. דער צווילינג זיינער וואָלט אים אויך געקראָכן אויפן קאָפּ, אָבער דערווייל האָבן ביידע מיידעלעך זיך גערוקט אויף די בייכער. זיי האָבן זיך גע־ראַטשקעט און זיך געקערעוועט אין דערזעלבער ריכטונג און קיינמאָל נישט אָפּגעשטאַנען איינע פון דער אַנדערער אויף אַ האָר. זיי האָבן גע־פויזעט אויף דר׳ערד ווי שלענגלעך און געגעסן פון דער פּאַדלאָגע. די חדר־קינדער האָבן נישט פאַרמאָגט קיין וואַרעמקייט פאַר די ווערימלעך צוליב דער שטיפמאַמע, און בגנבה פלעגן זיי אָנטרעטן אויף אַ הענטל אָדער אַ פיסל. זיי האָבן געהאַט אַ ווילדע הנאה צו הערן ווי די שטיפ־מאַמע לאָזט אַרויס אַ געשריי: אוי, אַ בראָך אויף חיל־אשרן, מען האָט מיר שוין דערהרגעט דעם צווילינג!

דער פּראָלעטאַרישער פּעטער איז געווען אַ קאָמאַשנשטעפּער. ער האָט געהאַט איבערגעפירטע נעגל און אויפגעפּרעסענע הענט. ער האָט געצימבלט אויף מאָדנע הויכע און בייכיקע זינגער־מאַשינען און געזונגען בעת־מעשה גאָלדפאַדנס לידלעך. ער איז געווען אַ ביטערער אָרעמאַן און אין שטאָט האָט ער געהאַט אַ שם פון אַן אויפגעקלערטן, כמעט אַן אַפּי־קורס, כאָטש זיין גאַנצע אפּיקורסות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיך דערלויבט צו רעדן ביים דאַווענען.

ביים פּעטער אין וואַרשטאַט האָט געשטונקען מיט לעדער. כאָלע־ווען זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אומעטום און ס׳איז געוואָרן זאַלציק

אויפֿן גומען פֿון בלויזן גערוך. קיין געזעלן האָט ער נישט געהאַט. ער איז אַליין געשטאַנען איינגעהויקערט ווי אַ קעמל איבער די הויכע מאַ־שינען און געזונגען. ער איז געווען דער ערשטער צווישן די ברידער, וואָס האָט פֿראַנק און פֿריי געמאַכט די קינדער פֿאַר בעל־מלאכות. זיין טאָכטער איז געוואָרן אַ נייטאָרן, אַ זון האָט ער געמאַכט פֿאַר אַ מאַליער און אַ טאָכטער האָט ער אַפֿילו חתונה געמאַכט מיט אַ שוסטער.

ביילע־פֿערל די נייטאָרין איז געווען אַן עס־עסאָווצע און זי האָט מיך דווקא געוואָלט אַגיטירן. כ׳האָב געמוזט אַלט זיין אַ זיבן־אַכט יאָר און זי איז שוין מסתמא געווען אַ 17־יאָריקע מויד, מיט לאַנגע, דיקע צעפּ. זי האָט צו מיר גערעדט וועגן ד״ר הערצל און וועגן קאַמף פֿון אַר־בעטער פֿאַר אַ בעסער לעבן, און מיט מיר אָפּגעמאַכט צו קומען אַ שבת נאָכמיטיק אויף דער פּאַרטיי־בירזשע, הינטער דעם נייעם וועג. אָבער מיין יינגערער ברודער האָט מיך פֿאַרמסרט און מען האָט ביי מיר באַצייטנס צוגענומען די הויזן און די שטיוועלעך און זיי באַהאַלטן. מיין טאַטע איז באַשטאַנען דערויף, אַז אַפֿילו די ציוניסטישע רעוואָלוציע זאָל מען אויך מאַכן אָן מיר און איך וואָלט געמאָגט שווערן, אַז די באַהאַלטענע שטי־וועלעך האָבן אויף אייביק אָנועקגעהרגעט מיין פּאָליטישע קאַריערע.

אָבער דעם פֿעטער וועלוולס ביכער זענען געווען פֿריי. איך האָב זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די סאָציאַליסטישע בראָשורן, וואָס זענען געווען אַביסל צו־האַרט און קרוכלע ווי אייערקיכלעך. איך האָב געלייענט אַפּי־קורסישע ביכער, אָבער איך האָב מער הנאה געהאַט פֿון מעשה־ביכלעך און פֿון שלום־עליכמען.

צוליב די ביכלעך פֿלעג איך אַריינפֿאַלן צום פֿעטער וועלוול אויף שבת־אויבס. די מומע בינע, וואָס איז געווען מיט אונדז געקניפּט און געבונדן — זי איז געווען אי דעם פֿעטער וועלוולס וויב, דעם טאַטנס שוועגערן און אויך דעם זיידנס שוועסטער פֿון מאַמעס צד — איז געווען אַ קליינע, פֿרומע יידענע, אַ גוטע נשמה, וואָס האָט נישט פֿאַרלאַנגט ביי גאָט מער ווי איר געזיכערט שטיקל אָרעמקייט. די מומע האָט שוין גע־האַט צוגעגרייט אַ טעלערל מיט אַגרעס, וויינפּערלעך, אַרבעסשויטן און ביבער. דער פֿעטער איז געלעגן און געשנאָרכט. דאָס שנאָרכן איז געווען מיט מאָס און טאַקט און האָט ווי אַ גריל אָנגעוואָרפֿן אַ שלאָף אויפֿן גאַנצן

הויז. די מומע בינע, וואָס האָט שטענדיק געפּרעפּלט אַ יידיש וואָרט, האָט געלייענט טײַטש־חומש מיט אַ שלעפּעריקן ניגון. די מומע האָט געוווּסט, אַז די ביכער זענען נישט גאַנץ כשר און זי האָט מיט מיר געפּרוווט אײַנ־קנעלן, אַז פאַר מײַן גוט קעפּעלע, איז אַ שטיקל גמרא אַ סך געזינטער. אָבער נאָך דעם ביסל מוסר, האָט זיך די גוטע מומע בינע אַוועקגעזעצט ביים פענצטער און באַטעמט יעדער וואָרט אין טײַטש־חומש, בעת איך האָב מיטגעציטערט מיט די העלדן פון „פאַמיליע צבי״. איך האָב דורכ־געלעבט דעם גאַנצן גרויל פון פּאָגראָם און געקייט מעליקע ביבער, זויערע ווײַנפּערלעך, רויטלעכע אַגרעס מיט הערעלעך, און פלײשיקע מאַרעלן וואָס האָבן זיך צעגאָסן אין מויל מיט דער ווייניקייט פון אַ געראָטענעם זומער. כ׳האָב געלייענט עדעלשטאַטס לידער, געלייענט אַ ליד און אַלע־מאָל צוריקגעמישט צום בילד. איך האָב הנאה געהאַט צו קוקן אויף זײַן שיינער באָרד און אויסגעאיידלטן פּנים. זײַן אַרבעטער־קלאַס איז מיר פאָרגעקומען עפּעס ווי אַ פאַלק פון פּרינצן, וואָס לײַדט און טראָגט די שווערסטע יאָכן ווי וואַסערטרעגער. עדעלשטאַטס אַרבעטער־קלאַס האָב איך קוים פאַרבונדן מיט אונדזערע אייגענע פאַרחושכטע אַרבעטער פון שטאָט.

און, איינמאָל, ווען איך בין אַזוי געזעסן איבערגעבויגן איבער עדעל־שטאַטס לידער האָבן אָפּגעהילכט עטלעכע שאָס. אַ געלאַף פון אַלע גאַסן, געשרייען, יללות. כ׳בין אַרונטערגעלאָפן די פינצטערע טרעפּ ביים פּע־טער אין הויז. אויף דעם דרויסנדיקן גאָרן, איז האַלב געלעגן און האַלב געזעסן אַ פאַרבלוטיקטער מענטש. דער גאַנצער קאָפּ איז אים געווען פאַרדעקט מיט זײַן היטל. די טרעפּ זענען געווען פאַרבלוטיקט. אין איין מינוט איז די שטאָט גלייך געוואָר געוואָרן, אַז דער יונגער אַטלאַסאָוויטש איז דערשאָסן געוואָרן.

אויפן אַנדערן טאָג זענען איבער דער גאַנצער שטאָט געווען אויס־געקלעפּט העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציעס, אַז אַטלאַסאָוויטש, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון איין פאַרטיי צו דער אַנדערער, איז דערשאָסן געוואָרן פאַר אַרויסגעבן פאַרטיי־סודות.

מיט אַטלאַסאָוויטשן האָבן זיך געבענטשט אַלע מאַמעס. ער איז גע־ווען אַ פרומער יונגערמאַן, מיט שוואַרצע געקרייזלטע האָר, וואָס זענען

געווען אַזש בלאָ; אַ ווייסע הויט און טיפֿע, כמעט מיידלשע אויגן. ער איז געווען אַ גוטער לערנער און פֿון אַ פֿיינער משפחה. אַטלאַסאָוויטשעס טאַטע איז געווען אַ שטרענגער ייִד אַ שווייגער. אָבער אינדערשטיל האָט דאָס האַרץ ביי אים אָנגעקוואָלן פֿון זיין איינציקן זון. ער האָט געוווּסט אַז דאָס וואַקסט אַ כלי, אָבער ער האָט געשוויגן, ער האָט זיך אַליין קיין עין־הרע נישט געוואָלט געבן. ער האָט געפֿילט, אַז דער זון וועט אַמאָל מיט זיין ליכט פֿאַרשיינען דעם גלות.

אָבער מיטאַמאָל איז דער יונגער אַטלאַסאָוויטש אַרונטער פֿון גלייכן וועג און דער טאַטע איז איבערנאַכט גראָ געוואָרן. ער האָט אָבער אַלץ געשוויגן, געדריקט אין זיך און אַרויפֿגעלייגט אַ שלאָס אויפֿן מויל.

מען האָט דעם אַלטן קוים באַוויגן צו גיין צו דער לוויה. ער איז געגאַנגען שטאָלץ, מיט דעם קאָפּ הויך־געהויבן און גאָרנישט ווי אַן אבל, כאָטש דאָס וויב האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ. זיינע אויגן זענען געווען ווי גלאָז. פֿרעמדע האָבן געוויינט און געפּונען אַ זכות אויף דעם יונגן בוים, וואָס איז געפֿאַלן אַ קרבן פֿון דער צייט, אָבער דער טאַטע איז אַלץ געגאַנגען אַ שטאָלצער און אַ רויִקער.

אַז מען האָט שוין דעם מת געטון זיין רעכט און ס׳האָט שוין געע־האַלטן ביי קדיש, און אַלע האָבן געוואַרט מיט געבויגענע קעפּ, האָט זיך דער אַלטער אַטלאַסאָוויטש נאָך מער אויסגעגלייכט און אַריינגעשפּיגן עטלעכע מאָל אין קבר, אויסשרייענדיק הויך מיט יעדער שפּיי: „ימח שמו וזכרו!״.

ער האָט איבערגעלאָזט די עטלעכע מנינים אבלים און גענומען שפּאַנען צוריק אַהיים און די פּיס האָבן זיך אים אַפֿילו נישט געבויגן.

אָבער נאָך די אַלע צוגרייטונגען און ווייען איז געקומען די רעוואָ־לוציע ווי אַ גרויסער יום־טוב. פּלוצים איז זי געקומען. מ׳האָט זיך אויפֿ־געהויבן אין דער פֿרי און גלייך דערשפּירט, אַז דער טאָג איז נישט קיין געוויינלעכער, נאָר אַ געבענטשטער; ווי ס׳דערפֿילט אַ קינד ביים עפֿע־נען די אויגן, נאָך פֿאַר דעם ערשטן איבערטראַכט, אַ זיסקייט אין אַלע ביינער און ס׳צעשמייכלט זיך דער האַלב־שלעפֿעריקער מוח פֿון געפֿיל, אַז ס׳איז יום־טוב און מ׳דאַרף נישט גיין אין חדר. יענעם יום־טוב האָט מען אויך דערשמעקט פֿון סאַמע ערשטן מאָמענט, ווען די זון האָט אַ זעץ

געטון אין פענצטער מיט אַזויפיל ליכט, אַז זי האָט שיעור אויסגעזעצט די שויבן.

אויף אַלע פּנימער, אויף אַלע גאַסן זון און פרייד. אָפּיצערן קושן זיך מיט ייִדישע מיידלעך. פּריצים פאַלן ייִדן אויף די העלדזער. מ׳גייט איבער די גאַסן פראַנק און פריי מיט דער רויטער פאָן. מען זינגט לידער, מוזיק שפּילט. דער טאַטע הייבט מיך אויף אינדערהויך, איבער אַלע־מענס קעפּ, און טראָגט מיך צווישן געדיכטן עולם:

זאָלסט נישט פאַרגעסן, יאַנקעלע, אַז דו האָסט דאָס אַלץ זוכה געווען צו זען מיט דיינע אייגענע אויגן.

איך, אַ דאַרס און אַ גרינס, פיל זיך איצט גאָר ווינטיק, לייכט און ווי אַ פלאַטערדיקע פאָן אין טאַטנס הענט. דער קייזער האָט געשענקט די קאָנסטיטוציע. סאָלדאַטן ברידערן זיך מיט דעם עולם, קאָזאַקן לאַכן, קאַלמיקן מיט פאָדעשווע־פּנימער שטשירען די ווייסע ציין. טראָטואַרן זינגען. עס איז אַ מאַרש און מאַרש און מאַרש אַ גאַנצן טאָג. רויטע סטענ־געס אין צעפּ, מען פאָכעט מיט רויטע פענדלעך, מען וויינט פון שמחה, מען פאַלט אויף די גאַסן און מען צלמט זיך. יונגע חסידים מיט קאָזשע־בערדלעך און לופטיקע קאַפּאָטעס האָפּקען און זינגען ווי אין שמחת־תורה. מיין קליין הערצל ווערט שיעור צעשפּרינגען. פאַרפּומירטע הענט־לעך קיצלען מיך מיט בלומען און וואַרפן אויף מיר קאָנפעטיע. אויף אַ סך געוועלבער האָט מען אַרויסגעהאָנגען רויטע פענער; מען האַנדלט נישט, מען וואַנדלט נישט, מען לייזט נישט. מיין טאַטע טראָגט מיך נאָך העכער. איך בין ווי שיכור און אומזיכער אין זיינע הענט. אָט וועט ער מיך אַראָפּלאָזן און איך וועל צעטראָטן ווערן פון אַזויפיל פרייד, פון דאַמסקע שיכלעך מיט הויכע אָפּצאַסן און פון קאָזאַצקע פערדלעך, וואָס שטייען איצט באַרויקטע אויף די טראָטואַרן צווישן עולם און הירזשען אָן כעס. מיינע אויגן פרעסן אַלץ. דער קלאַפּ־טאַראַראַם פון די פּאַראַדן באַרוישט מיך.

אין און אַרום דעם קרימינאַל זענען פאַרזאַמלט הונדערטער חברים. מ׳רעדט דורך די קליינע פענצטערלעך מיט די פּאָליטישע. די צעקאַרבטע און צעגראַטעטע פּנימער וויינען און לאַכן. אָט־אָט וועט מען אויפפּראַלן די טויערן. מען זינגט, מען שרייט, מען האַלדזט זיך, מען לאַכט הויך פון

ווילדן אומגעצאַמטן גליק. דאַמען, וואָס מען זעט קיינמאָל נישט הינטערן שלאָס,ביים קרימינאַל, זינגען איצט צוזאַמען מיט די פּאַרסאַזשעטע אַר־בעטער פֿון דער אייזנגיסעריי:

נאַ באַריקאַדי ליודו ראַבאָטשי
טשערוואָני שטאַנדאַר

יאַנקעלע, זאָלסט עס נישט פֿאַרגעסן —

אָבער עטלעכע גרייז־גרויע פֿרומע ייִדן שלייכן ווי שאָטנס, אָפּגע־טיילט פֿון דער גאַנצער ברויזנדיקייט, און זיי וואָרענען. זיי, די פֿאַר־שטערערס פֿון דער שׂמחה, האָבן פֿאַרפֿינצטערטע פּנימער און קרומע פּלייצעס, ווי זיי וואָלטן אויף זיי איבערגעטראָגן גזירות ת״ח, אַלע ייִדישע תּשעה־באָבס און חורבנס. זיי, די ירמיהוס, האָבן זיך געדרייט צווישן עולם און געוואָרנט די ייִדן: ייִדן גייץ אַהיים! סיניש אייער שׂמחה!

און אויף צומאָרגנס האָט מען מיט בושה, האַרצווייטיק און מורא דערציילט וועגן דער גרוילעכער נאַכט, וועגן דער לאַנגער נאַכט פֿון שרעק, וועגן די פּוליעס, וואָס זענען געפֿלויגן אויף אַרבעטער ביים קרימינאַל, וועגן צעיושעטע קאָזאַקן, וועגן בלוט, און הינטישע אָפּיצערן און סאָל־דאַטן, שפּיאָנען און הונדערטער אַרעסטן; פֿון דעם ווי ניקאָלייקעלע האָט מיט דער רעכטער האַנט אונטערגעשריבן די קאָנסטיטוציע און מיט דער לינקער געמעקט. אויף די גאַסן האָט זיך נאָך געוואַלגערט די נעכטיקע פֿרייד, נאָר זי איז איצט געווען — פּאַניק. די סטרוזשעס האָבן גערייניקט קויטיקע קאָנפֿעטיע.

די רעוואָלוציע איז צוגעוואָרגן געוואָרן און כמעט ווי אינגאַנצן פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון קינדישן באַוווּסטזיין. מיר זענען אַלע געוואַקסן בלויז מיט אָפּגעפּליקטע שטיקלעך דעראינערונגען. דער לעבעדיקער ווי־דערשטאַנד איז געווען טויט. ביי די אַרבעטער איז דער מוט אינגאַנצן געפֿאַלן. אָט האָבן זיי געהאַט אַ גוטע זאַך אין דער האַנט און ווער ווייסט ווי לאַנג עס וועט נאָך נעמען ווידער עס צו קריגן. פֿאַרעלטערטע מייד־לעך האָבן שטאָט רעוואָלוציאָנערע לידער איצט געזונגען פֿון נישט־גע־שטויגענע און נישט־געפֿלויגענע חתנים. אויסגעקרומטע פּלייצעס זענען

**יעקב גלאַטשטיין**

געזעסן איבער די מאַשינען, אַרונטערגעבויגענע קעפּ האָבן געזונגען טעאַ־טער־לידלעך פון „בר־כוכבא״, „שולמית״ און „אַ מענטש זאָל מען זיין״.

> אוי, אוי, מיט קיין געלט טאָר מען נישט שטאָלצירן,
> ווייל מען קען עס גלייך פאַרלירן,

האָבן זיך געטרייסט די גאָלדשפּינערס. ס׳זענען פאַרגעקומען אָרעמע אויפרופעכצן און געשטעלט געוואָרן נאָך אָרעמערע חתונות. מיידן האָבן זיך, ווי נישט ווי, צוגעדעקט די קעפּ און זיך פאַרשלייערט מיט אַ מאַן. די נויט איז געוואַקסן. שקראָפּעליטשנע קינדער מיט אַרויסגעשטאַרטשע־טע אויגן, גרויסע קעפּ און ברייטע טעכעסלעך האָבן זיך געפּליעסקעט אין די בלאָטעס. פון צייט צו צייט האָט דער בויכטיפוס אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. עטלעכע איידעלע בחורים, וואָס האָבן זיך אָנגעלייענט מיט שאָ־פּענהויערן און גענומען דעם פּעסימיסטישן היפּאָקריט בוכשטעבלעך, זע־נען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. לוויות האָבן זיך געמערט. די רעוואָלוציע איז פאַרטריבן געוואָרן.

און מיר, די גאָלדענע יוגנט פון שטאָט, די איידעלע פּוסטע־פּאָס־ניקעס, האָבן זיך געטרייסט אין זאַקסישן גאָרטן, אויף אַ טונקעלער אַלייע, מיט גאָרקיס „מוטער״. מיר האָבן געזען די שאָטנס פון פאַרשוואַרצטע אַרבעטער, פינצטערע פאַבריק־מויערן, געהערט דעם רוף צו שטרייק, געזען די פויסטן, די שטאַרקע מוסקולן און דאָס געשטאַלט פון אַן אַר־בעטערס מוטער — אַן אַרבעטאָרערישע זשאַן ד׳אַרק.

ס׳איז שוין אָבער געווען אַן עסטעטיש־צוגעפּאַרבטע רעוואָלוציע. מיר האָבן קריטיקירט די העלדן, אַנאַליזירט זייערע האַנדלונגען און גע־פרעגט „אויב זיי זענען פּסיכאָלאָגיש אויסגעהאַלטן״? מיר האָבן זיי גע־מאָסטן מיט דער ליטעראַרישער מאָס פון נאָראַס צוגעקלאַפּטער טיר — האָט זי יאָ באַדאַרפט פאַרלאָזן דעם מאַן אָדער נישט? מיר האָבן געלייענט „הונגער״, „די וועבער״, און בעת אויף יענער זייט זאַקסישן גאָרטן האָט געשמייעט מיט פּריצים און מעקלערס און קליינע קרישקעס פּרנסה, וואָס ייִדן האָבן אויפגעקליבן ווי הענער, זענען מיר אַרומגעגאַנגען ווי האַמלעטס און געדרייט מיט די שטעקעלעך. אַ דריי אַהער — זיין, אַ דריי אַהין — ניט זיין.

איז איינער פון אונדז געוואָרן אַ בוכהאַלטער אין אַ צוקער־פאַבריק, אַ צווייטער — אַ געהילף ביי אַ פּראָשעניע־שרייבער 1), איינער איז אַוועק־געפאָרן קיין קראָקע אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, אַן אַנדערער אין דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. אַ דריטער איז געוואָרן אַ העברעיִשער לערער, אַ פערטער האָט בשתיקה געטראַכט וואָס מען טוט מיט אַן אַטעסטאַט זרעלאָסטי 2) אָן אַ גאָלדענעם מעדאַל, און ווי זיין טאַטע וועט אויפנעמען די בשורה, אויב ער וועט זיך טויפן אויף לוטעראַניש. איינער האָט געשיקט לידער אין דער „ניוואַ" און געוויזן זיסע בריוו פון דעם גוטן וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש.

און איך האָב שוין דעמאָלט געסטראַשעט דעם טאַטן מיינעם מיט זעלבסטמאָרד, אויב מען וועט מיר נישט אויסשרייבן אַ שיפסקאַרטע אין אַוועקשיקן קיין אַמעריקע.

III

סאָניאַ יאַקאָווליעווגאַ האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער קורצער סאָפע, אין דער קאַיוטע, און אונטערגעשפּאַרט די מידע, אויסגעטאַנצטע פיס אויף אַ בענקל. דער בלאָנדער רוס איז געשטאַנען און איר אויסגעגלייכט די צעפּאַטלטע האָר און געגלעט די באַקן. די אויגן ביי איר זענען געווען געשלאָסן, אָבער מען האָט גאַנץ גוט געקענט זען, אַז זי האָט שטאַרק הנאה פון דעם בלאָנדנס צערטלעכע הענט. דער בלאָנדער האָט מיט זיינע ציטערדיקע פינגער גענומען גלעטן פאַכמעניש אירע פיס, ווי ער וואָלט פון זיי געוואָלט אַרויסגלעטן די גאַנצע מידקייט. ער האָט אָנגעשטעלט אַ שלעפעריקע שטימע, ווי מען שטעלט אָן אַ גראַמאָפאָן, און געזונגען לערמאָנטאָווס באַיו־באַיושקי־באַיו 3), און נאָך יעדער פערז האָט ער צו־געגעבן אין רעטשיטאַטיוו די אַמאָל באַרימטע איינשוריקע ליד:

„פּאַרדעק דיינע בלייכע פיס!"

דער סטוארד, וואָס איז אויך געווען געלאַדן צו דער שמחה, כדי

1) פּראָשעניע־שרייבער — שרייבער פון געריכט־פאָרמולאַרן.
2) אַטעסטאַט זרעלאָסטי — גימנאַזיע־דיפּלאָם.
3) באַיו־באַיושקי באַיו — צוזינג פון רוסישע וויג־לידער.

צוצוגעבן פּראָלעטאַרישן קאָלאָריט, איז געזעסן מיט אַ פלאַש אין האַנט און געטרונקען סאָלאָ, — ער האָט אָבער נישט פאַרגעסן אויף קיין איין מינוט אַז אַ סטואַרד האָט אַן אייגענע ווירדע. ער האָט געהיט זיין רעפּו־טאַציע מיט אַ געפיל, אַז מען טאָר נישט זיין צופיל דעמאָקראַטיש און פּאַניבראַט מיט קיין שיכורע פּאַסאַזשירן, ווייל מען קען עס נאָך אַמאָל אויסקרענקען, ווען זיי ניכטערן זיך אויס.

און איך, פאַר זיך, האָב נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין איבערחזרן די ווערטער, וואָס, אויב זיי האָבן אין סאַמע אָנהייב געהאַט אַ קנאַפּע באַ־דייטונג, זענען זיי איצט אינגאַנצן געוועזן פאַרבראַנפנט —

אָט דאָס איז עס.

ווי אַ שיכור, וואָס טשעפּעט זיך אָן אין אַ זאַץ, און עס ווערט דער רעפריין פאַר זיין גאַנצן געמיט, האָב איך זיך אַלץ געהאַלטן ביי דעם — — אָט דאָס איז עס. אמת, אַז אַ סך, אַ סך זאַכן האָבן זיך ביי מיר גע־נומען אויסוועפּן, אויב נישט אינגאַנצן אויסניכטערן. ביי מיר האָט זיך אָבער איצט געלייגט אויפן שכל, אַז מיין לובלין פון 1905 האָט אויס־געכאָוועט און אויסגעוויטיקט אָט־די פיינע יונגען. מיינע שניידערס, שוס־טערס און נייטאָרינס, וואָס ליגן שוין לאַנג מיטן פּופּיק קאַפּויר, האָבן געפּעכניעט פון הונגער און דערצויגן די באַפרייטע יונגעלייט.

ערשט ווען איך האָב זיך גוט אויסגעניכטערט האָב איך געדענקט, ווי איך האָב געפּאָדערט ביי דעם אָקטיאַבער צו טרינקען אַ טאָסט פאַר מיין לובלין. איך האָב זיך געשאָלטן און געזידלט אויף אַזויפיל רוסיש, ווי איך האָב נאָר געקענט. איך האָב געשריגן, אַז מאָסקווע דאַרף זיך נישט בלאָזן. איר מעג איצט אָנשטיין צו וויסן, אַז ס'איז דאָ אַ לובלין אויף דער וועלט און זי איז איר שולדיק אַ חוב. מיין שטאָט דאַרף קריגן דעם לענין־אָרדן.

העי, העי, דאַלאָי פּאָליציי,
דאַלאָי סאַמאָדערזשעץ איוו ראָסיי!

און ביינאַכט זענען מיר געזעסן האַלב־ניכטערע אין באַר און זיך געבריִדערט. מיר האָבן געשפּילט שאַך און איך האָב געהאַלטן אין איין פאַרלירן. אָבער אין מיינע שפּילערס איז נישט קענטיק געוועזן קיין סימן

פון קאַניבאַלישער זיג־פרייד. זיי זענען אַלע געווען פּאַציפיסטישע שפּי־לערס און פּאַציפיסטישע זיגערס. זיי האָבן נאָך יעדער מפּלה מיינער מיר געהאַלטן אין איין פאַררעדן די ציין, אויס מורא טאָמער געהער איך צו דער אַלטער שולע פון בלוט־שפּילערס און מיין פאַרלוסט קען מיך נאָך חס־וחלילה קאָסטן געזונט.

מיר האָבן געטרונקען סקאָטש מיט סאָדאַ ביי אַ גרויסן קיילעכדיקן טיש, און געפילט ווי דער דיל האָט זיך קוים־קוים באַוועגט און ווי די שטולן האָבן זיך עטוואָס געבויגן און געהויבן. מיר האָבן אָבער פאַרגעסן דעם ים, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז דאָ דורכגעווייקט מיט בראָנפן. אונדזער געשפּרעך האָט דורך דעם געקראָגן נאָך אַ מער פאַרוויגנדיקן טאָן, ווי מיר וואָלטן נישט גערעדט נאָר קוים וואַלסירט.

פון טאַנצזאַל האָבן דערגרייכט די טענער פון אַן אָפּערע־פּאָפּורי, — אַ שטיקל וואַגנער, אַ לעק פּוטשיני, אַ כאַפּ ווערדי, ביז אַ קרעשטשענדאָ פון לעאָנקאַוואַלאָס פּאַיאַצישן געוויין.

ביי אונדזער טיש זענען אויסער דער רוסישער קאָלאָניע און, פאַר־שטייט זיך, אַ חוץ סאָניא יאַקאָווליעוונאַ, געזעסן עטלעכע דאַמען, וואָס זענען צוגעצויגן געוואָרן צו אונדזער קרייז אין אַ דראַנג נאָך אַ ביסל עקזאָטיק.

איינע פון די דאַמען האָט געהאַט אַ שטיקל שייכות צו אונדזער טיש: זי איז געווען אַ לאַטוויש־יידישע פרוי. זי האָט אויסגעזען צו זיין ביים טויער פון דרייסיק. איר פּנים האָט נאָך נישט אינגאַנצן געהאַט אַרונ־טערגעוואָרפן די סימנים פון מיידל, אָבער זי האָט דווקא געוואָלט שפּילן די דאַמע. זי האָט גערעדט אַ זעקס־זיבן שפּראַכן, צווישן זיי אויך אַ גאַנץ גוטן רוסיש מיט אַ דייטשן אַקצענט. אין אַמעריקע איז זי ערשט געווען דריי יאָר, אָבער זי איז שוין געפאָרן אויף באַזוך צו איר פאַמיליע אין ריגע. איר מאַן איז אַ רייכער אימפּאָרטירער מיט אַ הויז אין פלעטבוש, און זי האָט זיך געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס פון אַזאַ גיכער בענקשאַפט.

די ריגערן האָט געהאַט די מאַנירן פון אַ גראַנד־דאַמע און זי האָט דערפאַר אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט מיט דעם מולאַטישן דיפּלאָמאַט פון האַיטי. געאָרעמט האָבן זיי ביידע געשפּילט אַ פלירט אויף פראַנצויזיש. לויט אַלע קניקסן פון דער עטיקעטע. אין איר קליידונג, אין איר גאַנ־

צער האַלטונג, אין איר אַליוועך הויט, אין אירע הענט און אין אירע מיט געשמאַק באַשוכטע פיס, האָט מען געקענט זען וויל־דערצויגנקייט. זי האָט געהאַט איין גרילצנדיקן חסרון: אַזוי גיך ווי זי איז געוואָרן אַ ביסל אויפגעלייגט, דערוואַרעמט און צוגעלאָזן, האָט זי אַריינגעפּלאָכטן אין געשפּרעך אַ „ווי מיין מאַן זאָגט״, אַקוראַט, ווי זי וואָלט געוואָלט באַטאָנען, אַז זי איז נאָך אַלץ אַ געטריי און איבערגעגעבן ווייב, און מען זאָל זי נישט נעמען אויף דער צונג; אָדער, ווי זי וואָלט דעם גייסט פון איר מאַן געדאַרפט האָבן פאַר אַ שמירה, ווייל אָט־אָט וועט זי זיך אויסגליטשן. די אײדעלע פינגער אירע האָבן זיך געשפּילט מיט דעם גלעזל סקאָטש. מיט אירע פינקלענדיקע, שוואַרצע אויגן, האָט זי געבליצט צו דעם און צו יענעם ביים טיש: נו, טשטאָזש, טאָוואַרישטש, ניע פּלאָכאָ זשיט נאַ סוויעטיע ! 1)

סאָניאַ יאַקאָוולעוונאַ איז געווען אַ ביסל מעלאַנכאָליש, ווייל זי האָט געהערט צו דעם מין פרויען, וואָס זעען זיך גאָר שטאַרק אָן און לייכטן, ווען זיי זענען אַליין צווישן מענער, אָבער מיט נאָך פרויען דרייען זיי אַריין אַלע לאָמפּן און זיצן צוריקגעצויגן אין דער פינצטערניש.

אַן ענגלענדערין פון שטאַרק איבער פערציק, מיט וועלכער מיין דענישער פריינד האָט מיך מזכה געווען, איז אויך געזעסן ביים טיש און איז געווען פול מיט באַוווּנדערונג:

„אַרענט דהיעס ראָשענס פּוירפּעקטלי עקסקוויזיט!״ 2)

זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, זי האָט אָבער געהאַט איין גרויסע מעלה — זי האָט געקענט טרינקען. דער בלאָנדער, וואָס איז אין זיין קאַוואַלערישקייט נישט נאָר געווען ברייט־רוסיש, נאָר אויך הומאַניטאַר, האָט אויס מורא, אַז די ענגלענדערין וועט פאַרנאַכלעסיקט ווערן פון ענגהאַרציקע מענער, דווקא זי אויסגעקליבן פאַר די פיילן פון זיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט איר געמאַכט הייסע רוסישע קאָמפּלימענטן. ער איז נאָך געווען יונג גענוג צו זיין איר דערוואַקסענער זון, אָבער ער האָט

1) נו, טשטאָזש, טאָוואַרישטש, ניע פּלאָכאָ זשיט נאַ סוועטיע — נו, וואָס, חבר נישט שלעכט צו לעבן אויף דער וועלט.

2) ארענט דהיעס ראָשענס פּוירפּעקטלי עקסקוויזיט — זענען נישט די רוסן געוואַלדיק צויבערלעך.

זי באַמבאַרדירט מיט ליבע און זי איז געווען רויט פון דעם אַריינגע־גאַסענעם סקאַטש, דערהיצט פון די קאָמפּלימענטן, האָט זי מיר אַלץ געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז די דאָזיקע „ראַשענס" זענען „פּויר־פעקטלי עקסקוויזיט".

אַ גאַסט ביים טיש איז אויך געווען אַן אַמעריקאַנער פינלענדערין. זי איז געווען געוואַלטיק צופרידן מיט מיר, ווייל כ׳האָב זיך ביי איר נאָכגעפרעגט „וואָס עס מאַכט" די קאַלעוואַלאַ. איך האָב דערמאָנט די ברידער וואינאַמאָינען און אילמאַרינען און זייער בלוטיקן שונא לעמינ־קאַינען. אָבער גאָר שטאַרק האָב איך ביי איר אויסגענומען, ווען כ׳האָב מיט מיינע לעצטע כוחות פון אַ מנגן פאַר איר געזונגען שטיקלעך פון סיבעליוסעס „שוואַן פון טואָנעלאַ".

ווייט פון יונג און נאָך ווייטער פון שיין האָט זי נאָך דערצו געהאַט אַ גרויסע שפּיציקע נאָז, וואָס איז געווען אַזוי פּאָליפאַרמיש, ווי ס׳וואָלט געווען אַ שטיקל באַשעפעניש פאַר זיך, אַ מין פויגל, אָדער אַ קליין חיהלע.

זי איז געווען אַ נוירס און זי איז מיר געווען אויסערגעוויינלעך דאַנקבאַר, וואָס איך האָב זי פאַרבונדן מיט וואָרצלען, בעת פאַר מערסטע אַמעריקאַנער איז פינלאַנד נישט מער ווי אַ טויבשטומער קלאַנג, אַ וואָרט אָן שאַטנס און אָן אַ פּונוואַנען.

פון גרויס דאַנקבאַרקייט האָט זי מיך אָפּנהאַרציק געלאַדן, אַז איך זאָל אַמאָל קומען צוגאַסט צו איר אין האָבאָקען. אמת, זי האָט אַ קליין צימער און ענג בעט, אָבער אַפילו אירע שפּיטאָל־דאָקטוירים זאָגן איר, אַז זי איז נאָך נישט אויף אַרויסצוואַרפן. סיי־ווי — גיט זי מיר אַ דריק די האַנט, קען מען דאָך איינשטעלן. וואָס קען מען דען דערביי פאַרלירן?

אויך זי איז געווען פול מיט אַריבערשוימענדיקער באַוווּנדערונג פאַר די סאָוועטישע יונגען.

ביים טיש מיט אונדז איז אויך געזעסן אַ יונגע אַמעריקאַנערין פון וויסקאָנסין, פון אַ יאָר צוויי־דריי־און־דרייסיק. זי איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון הויך. אַזוי ווי זי איז געווען די פראַנצויזישע לערערקע אין אַ פּרויען־אוניווערזיטעט, האָט זי געהאַט אין זיך אַ סך פון דער אַלטער מויד. כדי אויסצוזען אַפילו נאָך ווירדיקער, האָט זי פון צייט־צו־צייט

אָנגעטאָן איר פּענסנע וואָס האָט זיך געבאָמבלט מיט אַ זילבערן קייטל אויף איר הויכן האַלדז.

די מאָנאַטאָניע און צאַם פון אַ גאַנץ יאָר ווירדיקייט ברעכט זי מיט אַ רייזע יעדער זומער קיין פּאַריז. ווו זי נעמט זיך אָן מיט צען וואָכן באָהעמיע (און באָהעמיע פאַר אַן אַמעריקאַנער לערערקע מיינט אַ סך מער ווי דאָס וואָרט באַטייט). זי ווערט, דערציילט זי אַליין, אַן אַנדער סאָרט מענטש אין פּאַריז, אַן אַנדער גוף און אַן אַנדער נשמה. אין פּאַריז דערקענט מען זי אינגאַנצן נישט. די וויסקאָנסינער לערערקע פאַרשווינדט. זי ווערט אַ פרוי, וואָס פאַרברענט צען וואָכן ווי אַ מעת־לעת. די שווערסטע זאַך איז, זאָגט זי, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פון אירע דערוואַקסענע סטו־דענטקעס, וואָס כאַפּן זיך אויך אַריבער קיין פּאַריז אַביסל אָפּצוּעטעמען — מוז זי זיך אויסוואַלגערן אין צווייפלהאַפטיקע האָטעלן אויף זייטיקע גאַסן.

דאָ, אויף דער שיף, געפינט זיך די לערערקע שוין ערב יענער פּאַ־ריזער מעטאַמאָרפאָזע. ווען זי נעמט אַרונטער די פּענסנע זעט מען אַ קלוג, פאַרשטענדיק פּנים און אַ קלוגע געצאַמטקייט, וואָס האַלט ביים פּלאַצן אויף אַלע רייפן. איר אַלטמוידישקייט באַהאַלט זיך הינטער איר אַטלעטישער פיגור. דאָס געזונטקייט אירס רייצט, ווי ס'רייצן אירע שטאַרקע הענט און פיס, וואָס האָבן קראַפט צו מאָנען.

יאָ, אין פּאַריז האָט זי אַ סך נאָענטע רוסישע פריינט, אָבער יענע, פאַרטרויט זי זיך פאַר מיר, זענען גאָר אַנדערע רוסן — ווייסע גוואַר־דייצעס. זי איז צופרידן מיט דער געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער אַנדער זייט פון דער רוסישער מטבעה.

די זייט וואָס איר קענט, איז די אָפּגעריבענע זייט פון דער רוסישער מטבעה, — זאָג איך איר און כאַזשעוו באַמערקט נאָך אָפּהאַרציקער וועגן אירע פּאַריזער רוסישע חברים:

דהעי אָט טו בי שאָט! 1)

פאַרוואָס? — ברוגזט זי זיך אָן. — זיי זענען זייער ווילע, געזונטע, שטאַרקע און וואַרעמע יונגען, — און כדי צו פאַרהויכן אַ פלוצימדיק

---

1) דהעי אָט טו בי שאָט — זיי דאַרפן דערשאָסן ווערן.

פלעמל אין די אויגן, טוט זי צוריק אָן די לערערישע פענסנע, אַז עס זאָל אויסזען ווי אַ קאַלטבלוטיקע דיסערטאַציע איבער וואַרעמע ווייס־גוואַרדייער.

איר זענט אויך ווילע, טייערע מענטשן, זאָגט זי. אַלע רוסן זענען ווילע — וויל זי פּלוצים זיך נעמען די מיסיע איבערצובעטן דאָס אַלטע מיטן נייעם רוסלאַנד. אָבער כאַזשעוו לאָזט נישט. מיט זיין באַשרענקטן ענגלישן וואָקאַבולאַר האַלט ער זיך אַלץ ביי זיינס. —

יאָר פרענדס אָט טו ביז שאָט! 1).

זי לאַכט פון גרויס פאַרלעגנהייט. עס כאַפּט איר אָן אַ מורא, ווי עס וואָלט שוין געהאַלטן דערביי. אָט פירט מען אַרויס יעדער איינעם פון אירע פריינט, מען שטעלט זיי אַוועק ביי אַ ווענטל און פּיף — נישטאָ! 1930 — פאַריז, 1931 — פאַריז, 1932 — 33 — אַלע אויסגעשאָסן. אַלע ווילע פאַריזער זומערן, וואָס גיבן כוח אויסצוהאַלטן די ווינטערס ערגעץ אין אַ שטעטל אין וויסקאָנסין, — פּיף־פּאַף אויסגעשאָסן.

אויף וואָס דאַרף מען שיסן? — בעט זי זיך מיט אַ מוטערלעכער שטים, ווי זי וואָלט זיך איינגעשטעלט פאַר איר בלוט און פלייש. פאָד־זשאַלוסטאַ, קאָקעטירט זי מיט אַ צעקאַליעטשעט רוסיש וואָרט. טרערן שטעלן זיך איר אין די אויגן און זי ענדיקט מיט אַן אויסגעלערנטן „יאַ וואָס ליובלו, ספּאַסיבאָ!".

אויסגעשעפּט איר גאַנצן רוסישן לעקסיקאָן בלייבט זי אויך זיצן מיט גאַנצע בוקעטן פאַרוווּנדערונג. עס קרענקט זי בלויז, וואָס מען קען נישט מאַכן שלום צווישן אירע ווייסע גוואַרדייצעס און די באַלשעוויקעס ביי אונדזער טיש.

איך ווער אַריינגעצויגן אין דער ראָלע פון אַן איבערזעצער צווישן די יונגע באָלשעוויקעס און דער אַמעריקאַנערין. דער בלאָנדער רוס כעסט זיך חבריש אויף כאַזשעוון, הלמאי ער רעדט וועגן שיסן.

שיסן איז נישט קיין טעמע פאַר אַ געשפּרעך. מען דאַרף אַזוי נישט רעדן. שיסן איז אַ טאַט, אָפּטמאָל אַ נויטיקער טאַט, אָבער אַז מען רעדט נאָך, האַלט מען נאָך נישט דערביי און מען דאַרף זאָגן פאַרוואָס שיסן.

1) יאָר פרענדס אָט טו בי שאָט — אייערע פריינד דאַרפן דערשאָסן ווערן.

מען דאַרף דער דאַמע געבן צו פאַרשטיין, אַז מיר זענען נישט קיין מערדערס. שיסן קומט שפּעטער, אַ סך שפּעטער. צום ערשט קומען רייד, מענטשלעכע רייד. די וואָס מיט זיי קענען מיר זיך אײַנגאַנצן נישט צוזאַמענלעבן, די, וואָס זענען אַ געפּאַר — נו, ברודערקע, דעמאָלט ווען מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה, טוען מיר אונדזער רעוואָלוציאָנערע פליכט און נוצן די מאַקסימום שטראָף — פאַלט ער אַרײַן אין באָלשעוויסטישער פּעדאַגאָגיק.

איך מוז דאָס אַלץ איבערזעצן, און בײַ דער מיטליעריקער ענגלענדערין, וואָס האָט שוין פאַרלוירן דעם חשבון פון דעם סקאָטש, וואָס זי האָט אויסגעזופּט, נעמט דאָס אַזוי שטאַרק אויס, אַז זי דערלאַנגט איר בלאָנדן קאַוואַליער און דיאַלעקטיקער אַ קוש, גיט פלינק אַ וואָרף אַרײַן נאָך אַ סקאָטש און שרײַט אויס צום צוויפלטן מאָל —

אַז מען מוז צוגעבן, די רוסן זענען „קיוט" 1) און „פּוירפעקטלי עקסקוויזיט!"

אויף די קאַנאַפּעס בײַ די ווענט און אין אַלע ווינקעלעך זיצן פּאָרלעך און רעדן שטיל. ס'איז שוין נאָך האַלבער נאַכט, די שעה פון קלוגער לאַקאָנישקייט, ווען ס'רעדן אויגן, הענט און שיכלעך. אָבער אַפילו די שטומע געשפּרעכן זענען אין דעם באַר פון דער ענגלישער שיף אָנגעפירט געוואָרן מיט אַן אַנגלאָזאַקסישער צוריקגעהאַלטנקייט.

צו אונדז האָבן זיך די אַלע אָפּגעריסענע רייד דערטראָגן פון ווײַטנס ווי געזאַנג, ווי די סענטימענטאַלסטע ליבעלידער, אָבער איצט האָט דאָס אַלץ געהאַט דעם זיבעטן חן. אונדזער טיש, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער און איז ביז איצטער געגאַנגען אויף רעדלעך, האָט זיך אויך, ניט ווילנדיק, גענומען אונטערגעבן צום זינגענדיקן שעפּטשען.

עמעצער בײַ אונדזער טיש האָט באַמערקט, אַז די באַזונדערע און פרעמדע פּאָרלעך זען אויס ווי איין קאָלעקטיווע ליבע. דער פּראָסטער אַרבעטער, וואָס האָט געוווּנען אַ וועלט־רייזע נעמט אויספּייפן שוּבערטס סערענאַדע.

חברים, שרײַט דער בלאָנדער, איר קענט מיר שטעלן צום וואַנט און דערשיסן ווי אַ הונט פאַר סענטימענטאַליטעט, אָבער פּונקט ווי ער

1) קיוט — חנעוודיק.

פייפט, אַזוי־אָ פיל איך. ער האָט מיר צוגעטראָפן. אַן אַנדערש מאָל האָט דאָס ליד מיט די נאַכטיגאַלן אַ טעם פון מאַרינירטן הערינג, אָבער איצט בין איך אַליין גרייט זיך צו שטעלן אויף די קני פאַר איינער פון אונדזערע דאַמען, און זינגען אַזוי האַרצרייסנדיק ווי מעגלעך שובערטס ליד. לעבן זאָל די סאָוועטן־מאַכט און אייביק לעבן זאָל די ליבע.

און דער בלאָנדער האָט גענומען מיטפייפן און זיך צוטוליען צו דער ענגלענדערין.

און אין דער דאָזיקער לירישער צעגאָסנקייט האָט איינער פון דער סאָוועטישער גרופּע זיך דערנענטערט צו מיר, ווי יוסף צו זיינע ברידער, און מיר דערציילט, וואָס ס׳איז סיי־ווי גאַנץ לייכט געווען זיך אָנצו־שטויסן, אַז ער איז אַ ייִד. ער האָט זיך באַמיט דעם דאָזיקן סוד אויפצו־דעקן אַזוי פאַרבייגייענדיק ווי מעגלעך, אָבער ווי נאָר ער האָט זיך געלאָזט דערקענען, איז ער שוין געפאָרן איבער דעם גאַנצן שאָסיי. און זאָלן מיר אַלע אינטערנאַציאָנאַלע געטער מוחל זיין, זיינע רייד האָבן פאַר מיר, אין דעם פאַרביקן געזעמל, גענומען שמעקן מיט טייערער ייִדישער היימיש־קייט, מיט פריש־געבאַקענעם קוילישט, מיט הייסע פעפּערדיקע פיש, וואָס שטייען אין פולמיסיקביים פענצטער און קילן זיך, מיט אַ שמע־קעדיקער הינערשער יויך און אַ סך גאָלדענע אויגן און אַפילו מיט ערשט אָנגעריבענעם כריין, וואָס גיט אַ זעץ אַ אין דער נאָז.

און דאָס אַלץ איז אויפגעגאַנגען פאַר מיר גלייך ווי ער האָט גענו־מען אויפוויקלען זיין פאַרמעטענע גענעאַלאָגיע און גלייך ביים ערשטן זאָג, אַז זיין טאַטע איז אַ מלמד אין אַ קליין שטעטל ערגעץ אין פּוילן. ער האָט גערעדט שטיל און גיך. מיר זענען געזעסן ביים זעלביקן טיש, אָבער ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט מיך אָוועקגענומען פון דער גאַנצער גרופּע און זיך באַמיט צו דערציילן, אַז אייגנטלעך איז ער פונקט אַזוי אַקוראַט ווי אַלע ביים טיש, ס׳זאָל פעלן אַ האָר, אָבער דאָך איז ער נאָך עפּעס אַ קלייניקייט, וואָס מען מוז אַראָפּרעדן פון האַרצן און פּטור ווערן.

זיין טאַטע איז אַ ייִד אַ קבצן, וואָס גייט אויס פון הונגער און ער, דער זון פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווו מען שטאַרבט טויזנטערווייז אין די גאַסן פאַר אַ שטיקל ברויט (וואַרפט ער מיר אַריין אַן איראָניעלע) שיקט

דעם טאַטן געלט חודשלעך, כדי אים אַביסל צו דערהאַלטן ביי דער נשמה, גליקלעך איז ער, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעריסן באַצייטנס פון פוילן, אויסשטודירט אינזשיניער און איצט האָט ער אַ פּאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע אין אַ זאַוואָד. אָט האָט אים דער זאַוואָד געשיקט קיין אַמעריקע אויף זעקס וואָכן. אַ שאָד וואָס בלויז אויף זעקס וואָכן, ווען ער וואָלט געווען פאַרבראַכט אין אַמעריקע כאָטש עטלעכע חדשים, וואָלט ער זיך אַ ביסל אויסגעלערנט די שפּראַך, ער וואָלט שוין גערעדט ענגליש און נישט ווי כאַזשעוו, וואָס רעדט נישט, נאָר שטאַמלט.

יעוורעיסקאַיאַ גאַלאָוואַ! 1) — גיט זיך ביי מיר אַ ריס אַרויס הויך אַן אומשולדיקער קאָמפּלימענט. אַמאָל פלעגן עס אַפילו רוסן זאָגן אין זייער התפעלות פאַר יִדישע פעיִקייטן, אָבער דאָס מאָל איז עס געפאַלן ווי אַן אומגליק. מיין ייִד איז בלאַס געוואָרן, ער האָט מיך פּרובירט ראַ־טעווען, אָבער איך בין אַלץ געזונקען טיפער און טיפער. ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר, פאַר באַנוצן זיך מיט אַן איבערבלייבעכץ פון צאַ־רישן רוסלאַנד, די אַנדערע האָבן געשמייכלט אין העפלעכער פאַרלעגנ־הייט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך האָב מיטאַמאָל פאַרלוירן ביידע וועלטן פון דער ניי־געשאַפענער פריינדשאַפט מיט דער רוסישער קאָלאָ־ניע. ערגער פון אַלע האָט זיך אָבער געשפּירט דער ייִד — ווי איך וואָלט אים פאַרפאַטשט דאָס פּנים מיט מיין קאָמפּלימענט. ס'איז געווען דער אמתער פּאַ פּאַ פון אָוונט און ס'האָט געדויערט אַ היבשע ווײַלע, ביז מיין ייִד האָט מיך ביסלעכוויז, ביסלעכוויז אַרויסגעראַטעוועט.

און פאַמעלעך, פאַמעלעך האָט ער צוריק איינגעפעדעמט דעם שמועס און מיר ווייטער געגומען דערציילן, ווי אַזוי ער, אַ פּויליש־ייִדיש חדר־ייִנגל האָט זיך אַרויסגעריסן פון עיפּוש — אויף דער ברייטער וועלט אַרויס. ווען ער פאַרשפּעטיקט בלויז אויף איין יאָר, וואָלט ער איצטער זיכער געווען דעם טאַטנס בעלפער און ער וואָלט געטראָגן קינדערלעך, מיט געוואַלט, „קעפּטשעלע־מע‟, אין חדר אַריין. אָבער אָט איז ער גע־ווען אין אַמעריקע, ווי אַ פאַרטרעטער פון אַ גרויס לאַנד און ער פאָרט צוריק אין אַרבעטערס פאָטערלאַנד. אגב אורחא גליטשט זיך ביי אים אַרויס, אַז געפאָרן קיין אַמעריקע איז ער אויף אַ דייטשער שיף.

---

1) יעוורעיסקאַיאַ גאַלאָוואַ — יידישער קאָפּ.

אויף אַ דייטשער שיף? — פרעג איך אים איבער מיט פאַרוווּנ־דערונג.

— יאָ, אויף אַ דייטשער שיף, — ענטפערט ער מיר מיט אַ שטאָלע־נער גלייכגילטיקייט, ווי מיין פראַגע וואָלט בלויז געווען אַ פראַגע פון רוטינע. מיר האָט עס פשוט געשניטן ביים האַרצן, ווען איך האָב געהערט וועגן דער רייזע אויף דער דייטשער שיף, אָבער ער האָט דערפון גערעדט מיט אַזויפיל גלייכגילטיקייט, אַז איך האָב אים אַזש גענומען מקנא זיין.

אָט איז אַן עמאַנציפּירטער ייִד! דער טאַטע אַ מלמד פון אַ קליין פּוי־ליש שטעטל און דער זון פאַרט איצט, אין דער צייט פון מגילת־היטלער, גלייכגילטיק, אויף אַ דייטשער שיף.

די עסנס זענען געווען געשמאַקע, פּאַסמאַקעוועט ער זיך, און מיר האָבן נישט גערעדט קיין פּאָליטיק. זיי זענען געווען פאַרזיכטיק און מיר נאָך פאַרזיכטיקער.

און ווי פילט זיך עפּעס אַ ייִד היינטיקע צייטן אויף אַ דייטשער שיף? קאָן איך שוין נישט אויסהאַלטן און איך פּלאַץ ווידער אַרויס מיט אַ פראַגע.

ער קוקט מיך אָן מיט אַ באַדויערנדיק שמייכעלע.

איר פרעגט אַ סענטימענטאַלע פראַגע און מיר האָבן נישט קיין צייט פאַר סענטימענטאַליטעטן.

בין איך ווידער מקנא מיין באַפרייטן ברודער און איך וויל טרינקען מיט אים צוזאַמען אַ טאָסט פאַר דעם נייעם ייִדן, וואָס רופט זיך נישט אָפּ קרענקלעך אין מאָסקווע, ווען מען שלאָגט ייִדן אין אַלזשיר. אַ טאָסט פאַר דעם נייעם ייִדן! — שריי איך מיט אַ מאַזאָכיזם, ווי כ׳וואָלט זיך געשטאָכן נאָדלען אין לייב.

ווידער אַ סענטימענטאַליטעט — קנעלט ער מיט מיר — לאָמיר טרינקען פאַר דעם נייעם מענטשן!

און ער נעמט פאַר מיר מאָלן אַ טאָג אין ראַטנפאַרבאַנד, ווי אַן אידיליע. מען אַרבעט שווער, אָבער פאַר וועמען אַרבעט מען? פאַר זיך, פאַרשטייט זיך. אַז מען אַרבעט גאָר שווער און מען ווייזט אַרויס פעיִקייטן, איז מען באַרעכטיקט צו וואַקאַציעס, רייזעס, ספּעציעלע טעאַטער־פאָר־שטעלונגען, באַלעט, פאַרגעצויגענע פּלעצער אין די קינאָס, דאָם־אָטדיכאַ 1).

1) דאָם אדיכא — אָפּרו־הויז.

פרייע מעדיציניִשע באַהאַנדלונג. און אַז עמעצער וויל אַלץ אַרבעטן נאָך מער, קריגט ער באַצאָלט פאַר יעדער ברעקל אַרבעט. אָט איז ער אַליין בײנאַכט, נאָך זיין אַרבעט אין פאַבריק, לעקטאָר אין אוניווערזיטעט, פאַר דעם קריגט ער ווידער באַצאָלט; און ווען ער איז נישט אין אוניווער־זיטעט, כאַפּט ער זיך גאַנץ אָפט אַריין שפּעט אין אָוונט צו זיך אין פאַבריק און אַרבעט אויף אַ פּלאַן. דער פונדאַמענט פון ראַטנפאַרבאַנד איז אַרבעט, אָבער עס איז זיס, ווייל מען אַרבעט פאַר זיך.

פאַראַן אַזעלכע וואָס פאַרדינען אַזויפיל, אַז זיי קענען גאָרנישט פאַר־לעבן זייער געלט און זיי שפּאָרן אָפּ שיינע טויזנטער רובל. אָבער, נישט געשראָקן זיך, ביי אונדז וועלן קיין מיליאָנערן זיך נישט אָנפּלאָדיען. וואָס טוט מען מיט געלט? מען העלפט אַ פריינט, מען גיט עס אַוועק, מען גיט עס צוריק דער רעגירונג דורך אַ זייטיקן וועג, אין דער פאָרם פון גע־קויפטע אַקציעס פאַר רעגירונגס־הלוואות.

ער מאָלט אַזוי געלאַסן און שיין, אַז אַלץ זעט אויס גלאַט און פאַר־שטענדלעך, ווי אַ סאָוועטישער פילם — זאַטע פעלדער, פעטע קי, שווערע איבערגעלאָדענע אייטערס, לאַכנדיקע פּנימער. מען אַרבעט און מען זינגט, מען זינגט און מען אַרבעט. מילעניום!

פון טאַנצזאַל דערטראָגט זיך איצט טאַנצמוזיק און דער קליפּ־קלאַפּ פון פיס און פיסלעך אויף דער לייכט־שאָקלדיקער פּאָדלאָגע, וואָס וויגט זיך ערגעץ אויף אַן אומזעעוודיקן ים, וואָס ליגט איצט קיינעם נישט אין אין דער לינקער פּאה. ס׳זעט אויס ווי מען טאַנצט און מען שפּילט צו אויף דער אידיליע פון דעם סאָוועטישן לעבן, ווי עס שילדערט עס פאַר מיר מיין יידישער פריינד.

איר פאַרשטייט? איך ווייס באמת נישט, אויב ס׳וועט מיר געלינגען זיך אויסצופלאָנטערן, אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין. איך קום פון לובלין — אַ קליינע שטאָט. איך געדענק די רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס מיינע בעל־מלאכות, האָבן געזונגען. ווי זיי האָבן געהאָפט, ווי זיי האָבן די אויגן אויסגעקוקט אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זיי האָבן די רעוואָלוציע פּאַקטיש אויסגעוויינט מיט זייערע פאַרטערטע, געליאַמעוועטע אויגן. אָט־די געבויגנקייט האָט געזוכט צו ווערן אויסגעגלייכט. אויסגעגלייכט איז

דאָס ריכטיקע וואָרט, אויסגעגלייכט מיט ראָטשילדן, פּאָזנאַנסקין, בראָדס־קין, וויסאָצקין, שערעשעווסקין און מיט אונדזער שטאָט־גביר שײנברון.

דאָס לעבן איז אָבער אַ פּאַסקודנע אַקושערקע, ביים אָפּנעמען צע־פּלעטשט זי עמעצנס מוח, עמעצנס הענט, עמעצנס פיס, ווייס דער טייוול פון וואָסערע פינצטערע אורקוואַלן, אָדער אורעלטערן ס׳נעמט זיך, און עמעצן גיט זי גאָר אַ גלעט איבערן קעפּל און הענגט אים אָן אַ רויט סטענגעלע.

וואַקסט איינער אויס מיט אַ גלאַט צינגל, דער אַנדערער קען נישט דעם סוד פון צונויפפּאָרן ווערטער, די צונג ליגט ביי אים אין קימפּעט און ער איז שוין געבוירן אַ קנעכט צו די אַלע, וואָס קאָנען אים גלאַטער זאָגן וואָס ער וויל אָדער וואָס ער דאַרף װעלן. וואַקסט איינער אויס מיט קלוגע הענט, ביי אַן אַנדערן באַמבלען זיי זיך, אַן אַנדערער ווערט געבוירן מיט אַ טעמפּן מוח, אַ צווייטער מיט אַ ליכטיקן קאָפּ און נייגונג צו מאַ־טעמאַטיק. אַזוי באַפעלט די דעספּאָטישקייט פון צענדליקער טויזנטער פינצטערע יאָר און עלטער־עלטער־עלטער באָבעס, זיידעס, מומעס, פע־טערס און דער טייוול ווייס, וואָס נאָך פאַר אַ ספערם־סודות פון קראָ־מאַניאָן אָדער נעאַנדערטאַל.

און איר, באָלשעוויקעס, שפּילט דער דאָזיקער פּאַסקודנער אַקושערקע אַריין אין די הענט אַריין. איר נעמט אָן אירע דעקרעטן. פאַר פעיִקייט באַצאָלט איר, און די אומבאַהאָלפענע, פאַרשאָלטענע, נעבעכאַפּגעשטאַטעטע אומ־פעיִקייט בלייבט אומבאַלוינט. פעיִקייט טרינקט קאַוואַזער ווייַן, אומפעיִ־קייט קריגט קוים אַ האַרט שטיקל ברויט. די פאַרחושכטע שניידערס און שוסטערס מיט די פאַרווייַנטע מוחות האָבן נאָך גאָרנישט אויסגעפירט. ווו זענען ערגעץ דאָ די לוסט־שיפן וואָס זאָלן שווימען איבער די ימים מיט די הונדערטער טויזנטער פון אָט־די פאַרצאָרנטע שלימזלען. ווען קומט זייער יום־טוב? און זיי זענען דאָך די צענדליקער מיליאָנען און איר די געראָטענע זענט דאָך די פאַרטיי. ווו איז די באַלוינונג דווקא פאַר זייער הילפלאָזיקייט? זייערע פאַרטרערטע, געשטאַמלטע רייד האָבן דאָך אויס־געקעמפט די רעוואָלוציע פאַר אייך קלוגע, אינטעליגענטע און, גלייבט מיר, אַז איך מיין עס אויפריכטיק, באמת טייערע, ווילע אינזשיניערן. און שוין זיצט איר, בניה־ביה און אײדער מען קוקט זיך אום, אויבנאָן,

און זיי, די מיליאָנען אומפּעיִקע און געבויגענע — זייער רעוואָלוציע, מיין פריינט, דאַרף ערשט קומען.

אָט נעמט אייער חבר דאָ, אַ גליק האָט אים געמוזט טרעפן, ער האָט געמוזט געווינען אַ לאָטעריי, כדי זיך אויסצוגלייכן מיט אייערע פעיִקייטן, כדי זיך צו קענען אָפּרוען אַ יאָר צייט. קיין אַנדער ברירה האָט ער נישט געהאַט — פאַר זיינע אומפעיִקייטן וויל נישט באַצאָלן, נישט דער קאַפּיטאַליזם און נישט דער באָלשעוויזם. ער מוז אייביק חלומען פון סוויפּסטייקס 1). און אָט־דער שלימזל איז דאָך דער מיליאָניקער, ווי מען האָט אַמאָל געזאָגט, פּראָסטער נאַראָד 2). ער איז נישט פּיפּיק, ער קען נישט שפּילן קיין פּאָליטיק, ער קען נישט האַלטן קיין רעדעס, ער איז נישט קיין גוואַלטיקער רעכנמייסטער, אָבער ער האָט דאָך אויף אַן אמת געהאָלפֿן בויען דאָס נייע לעבן, נישט בלויז פאַר זיידענע, פעיִקע יונגעלייט אין מזלדיקע האָזן, וואָס כאַפּן זיך גלייך אַרויף אויפן וואָגן און האַלטן שוין די לייצן אין די הענט.

מיר זענען שוין אַלע געגאַנגען אויפן דעק אַרום און אַרום. ס'איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט, אַז מען האָט געקענט ציילן פּערל. פון ים איז געקומען אַ לופט, וואָס האָט דערכאַפּט און געקרעפּטיקט דאָס האַרץ.

איר זענט אַ סענטימענטאַלער בורזשוי און אַ שונא פון סאָוועטנפאַרבאַנד — האָט ער מיר פריינטלעך אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער פּלייצע — און איך פאַרשטיי גלאַט נישט וואָס איר בעבעט.

אַ שיף מיט פייערלעך האָט אונדז אָנגעיאָגט פון ערגעץ און האָט גענומען באַגלייטן אונדזער שיף ווי אַ נאָענטער פּלאַנעט. צום ערשטן מאָל האָט אַרומגעכאַפּט אַ געפיל, אַז מיר זענען נישט אַליין, אַז עס איז דאָ אַ גאַנצער ים־פאַרקער און מיר זענען אַ טייל פון אַ גרויסער סכעמע.

סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ האָט זיך אַזש צעטאַנצט פון פרייד אַקוראַט ווי אַ ראָבינסאָן קרוזאָ, וואָס האָט פּלוצים דערזען רעטונג. כאַזשעוו און די הויכע אַמעריקאַנער לערערן זענען געשטאַנען אָנגעלענט אויף דער שיף־פּאָרענטש און געקוקט אויף די פינקלענדיקע פייערלעך פון אונדזער

1) סוויפּסטייק — לאָטעריי.
2) נאַראָד — פאָלק.

באַגלייטערין. די פינלענדערין האָט געזונגען אַ פינלענדיש פאָלקס־ליד, די ריגערין האָט געהאַלטן אין איין דעקלאַמירן שורות פון ים־לידער אויף פינף־זעקס שפּראַכן.

די מיטליעריקע ענגלענדערין, וואָס איז געגאַנגען געאָרעמט מיט דעם בלאָנדן רוס, און איז אַלעמאָל געבליבן הינטערשטעליק מיט אים אין אַ ווינקל, איז נאָך אַלץ געווען באַגייסטערט.

און יעדער מאָל וואָס זי האָט זיך אָפּגעזוכט נאָך אַזאַ באַהאַלטעניש, האָט זי מיר אַריינגעשעפּטשעט גלייך אין אויער מיט אַ בריִענדיקן אָטעם: אַרענט דהיעס ראַשנס פּוירפעקטלי עקסוויזיט!

## 1

אויב מען זאָל װעלן צוריקרופֿן דעם אַראָמאַט פֿון אַ טאָג אויף דער ענגלישער שיף, מוז מען אָנהייבן מיט דעם געזאַלצענעם פֿרישטיק, דעם געשטאַנק פֿון חזיר־גריװן, געבראָטענע, געבאַקענע אָדער געפּרעגלטע פֿיש און הערינג, איבער דעם גאַנצן גרויסן עס־זאַל.

דער טויבער פּראָפֿעסאָר כראָמשקעט דאָס צוגעברוינטע ברויט. לעבן אים זיצט אַ מיטלװוקסיקער סטודענט, מיט ברייטע אַטלעטישע פּלייצעס, געזונטע הענט און געזונטע פֿיסקעס. דער פּראָפֿעסאָר האַלט דאָס טויבע אויער מיט דעם טרייבל אַנטקעגן דעם סטודענט, הערט זיך צו װי איבער אַ טעלעפֿאָן און ענטפֿערט מיט אַ פֿול מויל עסן און אַן איבערראַשנדיק קװיטשיק שטימעלע, װאָס איז אַ שרייענדיקער דיסאָנאַנס צו זיין אויטאָריטעטן קאָפּ און שטאָל־גרויע האָר.

דער סטודענט איז אויך אַ שטיק איבערראַשונג. לויט זיין אויסזען װאָלט ער באַדאַרפֿט זיין פֿאַרקאָכט אין ספּאָרט, אָבער ער איז גאָר אַ גאַנצער עילוי אין עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ער האַלט איין באַװאַרפֿן דעם פּראָפֿעסאָר מיט קשיות איבער לאַנדװירטשאַפֿט, אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ. אַגראָ־ענינים און מיט צענדליקער ציטאַטן, װאָס האָבן אַ טעם, װי דאָס צוגעטריקנטע ברויט װאָס דער פּראָפֿעסאָר אַטאַקירט מיט די פֿאַלשע ציין.

דער פּראָפֿעסאָר, װאָס פֿאָרט אַרבעטן אויף אַ װערק אין דעם „ברי־טיש מיוזיאום", װייזט אַרויס גרויס אומגעדולד צו דעם צודרינגלעכן סטודענט. ער, דער פּראָפֿעסאָר, װאָלט דווקא געװאָלט רעדן פֿון פֿריילע־כערע זאַכן, אָבער דער סטודענט מאָנאָפּאָליזירט אים. ער דולט אים אַ קאָפּ מיט דעם קאַמפּוס־לעבן פֿון סטודענטן, מיט די דאָרמיטאָריס, ער

פֿאַרגלייכט עס מיט דעם סטודענטן־לעבן אין אייראָפּע און פֿאַר אַלץ האָט ער גלייך גרייט ציפֿערן און ציפֿערן און ציפֿערן.

דער סטודענט קוקט נישט אויף קײנעם. ער עסט שנעל און קוקט אַפֿילו נישט אויפֿן טעלער. ער זעט בלויז דעם פּראָפֿעסאָר און ער לאָזט אים בשום אופֿן נישט אָפּווענדן דאָס פּנים און קוקן אויף אַן אַנדערן ביים טיש. ער זעט אויס ווי אַ גרויסער לויתן, וואָס איז גרייט אַרייַנצוכאַפּן און שלינגען תּורה. ער האַלט, אַז מען טאָר נישט פֿאַרנאַכלעסיקן די געלעגנהייט צו לערנען. אַפֿילו שפּעטער, אויפֿן דעק, ווען דער פּראָפֿעסאָר טשעפּעט זיך שוין ענדלעך אָפּ פֿון אים, זיצט ער פֿאַר זיך מיט שווערע ביכער און האַלט אין איין פֿאַרצייכענען. ער קוקט נאָך אַלץ נישט אויף קײנעם, ער פֿאַרשווענדט נישט קיין שמייכל. אַזאַ מענטש האָט ביי זיך פּינקטלעך אָפּגעמאַכט ווי אַזוי צו לעבן און ווי אַזוי צו שלאָגן קאַפּיטאַל פֿון יעדער מינוט, ווייל אַ קאַריערע וואַרט נישט, אַ קאַריערע דאַרף מען קולטיווירן, אַז נישט קען זי נאָך אַן אַנדערער אויסכאַפּן.

אַז דער פּראָפֿעסאָר וויל זיין העפֿלעך צו מיר ביים טיש און ער וואַרפֿט מיר אויך צו עטלעכע גוטמוטיקע ווערטער, קוקט דער סטודענט אויף מיר מיט אַ קרומען פּראָפֿיל. דער פּראָפֿיל ווייזט אַרויס סימנים פֿון אומגעדולד, ער וואַרט אויף דעם סטראַטעגישן מאָמענט, ווען ער וועט ווידער קענען אַרייַנקריגן דעם פּראָפֿעסאָר צו זיך אין די ברייטע הענט און ביי אים ווידער זייגן תּורה ווי אַ פּיאַווקע.

ערשט אַז דער פּראָפֿעסאָר און דער סטודענט הייבן זיך אויף, ווערט עס אַ ביסל לייכטער. דאָס דרייצניעריקע מיידעלע ביי אונדזער טיש פֿאַרלירט נישט קיין רגע, זי נעמט גלייך נאָכמאַכן דעם פּראָפֿעסאָרס קוויטשל און דעם סטודענטס טרוקענע באַסאָווע שטימע. זי שטעלט צוזאַמען גאַנצע אַבסורדע זאַצן מיט דרייגאָרנדיקע ווערטער, אימיטירנדיק דעם הויכן שטאַפּל פֿון דעם געלערנטן דועט.

דער פֿאָטער אירער, אַ האָרעפּאַשנער אַמעריקאַנער, מיט אַ רויט פּנים, אַ רויטן קאַרק און אַן אויסשלאַג פֿון פּרישטשיקעס, וואָס צעטיילן דאָס פּנים אין בערגלעך און טאָלן, שרייט אויף איר אָן מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט, אָבער ער קען זיך נישט איינהאַלטן. ער פּלאַצט אויס מיט אַ שטורמיקן געלעכטער אין זיין שאָל טיי. ער הוסט, שטיקט זיך, אָבער

זיין טעכטערל שפּילט אַלץ קאָמעדיע און ענטפערט דעם טאַטן מיט דעם פּראָפעסאָרס פּאַלצעט.

דער האָרעפּאַשנער אַמעריקאַנער מיט די שווערע פּאַרמאַזאָליעטע הענט און מיט דעם פּנים, וואָס זעט אויס פאַרבלאָנדזשעט צווישן די אַלע גרויסשטעטישע פּנימער אין עס־זאַל, ווערט אַליין אויך אַביסל צוגעלאָזענער. ער ווערט לעבעדיקער, ווי ס׳וואָלטן נאָר־וואָס אַוועק צוויי באַגרעבער.

צווישן איין זופּ טיי און דעם אַנדערן, דערציילט ער מיר, אַז ער איז אַן אלמן, זיין ווייב האָט אים איבערגעלאָזט מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט און ער האָט דאָס קינד אַליין דערצויגן.

איז די דרייצניעריקע טאָכטער, פּאַרטייטשט ער מיר, אַרויסגעקומען אַ זעלטענע קאָמבינאַציע פון מיידלשקייט און יינגלשקייט. זי איז שטיפעריש ווי אַ יינגל און קאָקעטיש ווי אַ מיידל. זי פילט, אַז אין איר טאַטנס הויזגעזינט איז זי די איינציקע פרוי, קאָקעטירט זי מיט דעם אייגענעם טאַטן. די קאָנטראַסטן זעען זיך אַפילו אָן אין איר פעסטן קערפּער און אין דעם פעטן רונדן מיידלשן פּנים מיט די לאַכנדיקע שטיפערישע בלויע אויגן. די הויט־קאָליר איז טונקל און געזונט. זי איז אינגאַנצן אויסגעקנאָטן פון געשמאַק ראַזעווע ברויט.

די באַציִונג פון טאָכטער צום טאַטן איז ווי פון אַ יינגל צו זיין חבר. זי רעדט צו אים ווי צו אַ גלייכן. זי דערלאַנגט אים אַ שפּילעוודיקן פּאַטש מיט די געזונטע הענטלעך. זי זידלט אים אויך אויס ווי אַ ווייבעלע און גיט אויף אים אַכטונג, אַז ער זאָל נישט עסן צו גיך און נישט צופיל.

דער טאַטע איז אַזוי סענטימענטאַל פאַרליבט אין זיין טאָכטער, אַז ער האַלט די סענטימענטאַליטעט שטאַרק אַרומגעוויקלט מיט פופצן הויטן פון האַרטקייט, אויס מורא טאָמער וועט ער זיך צעוויינען ביים מינדסטן קוק אויף דער שפּילעוודיקער קאַץ, וואָס זיצט און פּלאַפּלט די גאַנצע צייט ביים טיש און האָט אַפילו דעם מוט אַריינצופּאַלן דעם טויבן פּראָפעסאָר אין די רייד אַריין. שפּילט דער טאַטע אויך דער טאָכטערס ראָלע. ער איז אומגעהובלט און גאַסיק־פאַמיליאַר מיט זיין קינד.

ער פאָרט זיך אָפּרוען אויף אַ גאַנץ יאָר ביי זיינע עלטערן אין ענגלאַנד. ער וויל דעם קינד געבן אַ וואַקאַציע און זי, אגב, באַקענען מיט

זיידע־באָבע. ער אַליין איז אויך באַרעכטיקט זיך אָפּצורוען. אויסער דער פרייד פון זיין טעכטערל, פּאַרטרויט ער מיר, האָט ער נישט געהאַט קיין גליקלעכע מינוט אין זיין לעבן. ער האָט אין זיין לעבן געאַרבעט ווי אַ פערד און געציטערט איבערן קינד. דאָס ציטערן איבערן קינד איז געווען די שווערערע אַרבעט, ער איז געווען דער טאַטע, די מאַמע, דער קוכער און דער אַרבעטער. געאַרבעט האָט ער אין אַ גאָלד־מינע.

ס׳איז קיין נוצן, זאָגט ער, אין זיין ברייטן, פאַמיליאַרן ענגליש, צו קריגן סימפּאַטיע ביי אַ דורכשניטלעכן מענטשן, ווען מען זאָגט אים, אַז מען אַרבעט אין אַ גאָלד־מינע. אַ געוויינלעכער מענטש, אַז ער הערט גאָלד, ווערט אים פריילעך אויפן האַרץ און ער טראַכט זיך, אַז ביי גאָלד ווערט מען רייך, ווייל ווי קלעפּט זיך נישט צו אַ שטיקל גאָלד אַפילו צום אַרבעטער, און דאַן, טראַכט זיך אַ געוויינטלעכער מענטש, איז גאָלד אַזאַ איידעלער מעטאַל, אַז מען קען דערביי שווער נישט אַרבעטן. אָבער צו אַרבעטן אין אַ גאָלד־מינע איז פּונקט אַזוי שווער ווי צו אַרבעטן אין אַ קוילן־מינע. די מאַגנאַטן מאַכן דאָס גאָלד און מיר קריגן אַביסל קופּער און פאַר דעם קופּער דאַרף מען האָרעווען.

איז ער אויך באַרעכטיקט זיך אָפּצורוען. ער וועט ליגן גאַנצן טאָג אונטער דער זון און זיך וואַרעמען ווי אַ הונט. ער באַקלאָגט זיך שטאַרק אויף דער אָנגעצויגנקייט פון די פּאַסאַזשירן אויף דער שיף. ער דער־ציילט, אַז אויף דער שיף, וואָס ער איז געפאָרן פון קאַליפאָרניע קיין ניו־יאָרק, איז געווען לעבעדיק, ווייל אַלע זענען געווען אַמעריקאַנער. אַלע זענען געווען צוגעלאָזענע מענטשן און נישט ווי די לערערס, דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן, וואָס הייבן שוין אָן שטינקען מיט אייראָפּע, אַזוי גיך ווי זיי קומען אויף דער שיף. דאָס זענען אַלץ צווייטקלאַסיקע מענטשן, וואָס ווילן שפּילן אָן ערשטקלאַסיקע ראָלע. ער איז טאַקע נישט געבילדעט, אָבער, ער איז אויך זיי אַ גרויסער מבין און ער האָט זיי פיינט.

ער איז איינער פון די איינזאַמסטע מענטשן אויפן דעק. אַפילו זיין טאָכטער האָט געקראָגן חברטעס, אָבער ער געפינט נישט דעם שליסל צו קיינעם. ווען ער איז שוין גאָר זיכער, אַז זיין טאָכטער זעט נישט, פאַר־גנבעט ער זיך אין באַר און גיסט אַריין שנעל אָן אָפּשטעל, עטלעכע טרינק בראָנפן.

און ווען די טאַטער טרעפט אים און דערשמעקט גלייך, אַז דער טאַטע האָט זיך אַביסל צופיל געלאָזט ווילגיין, דערלאַנגט זי אים עטלעכע גוטע פראַסק אין רויטן פּנים און ער שווערט זיך מיט טויטע שבועות פאַר דעם קליינעם פּעטן מיידעלע מיט דעם שאַרפן צינגל, אַז דאָס איז פּאָזיטיוו דער לעצטער טרונק. זאָל זי אים וואַרפן צו די שאַרקס 1), אויב ער וועט נישט האַלטן וואָרט און נעמען נאָך אַ טרונק.

אויפן דעק איז דאָ אַזויפיל זון, אַז ס'דאַכט זיך יעדער איינער איז אַרומגעוויקלט מיט אַ דינעם שיכט זון ווי מיט צעלאָפאַן. צווישן שמייכל און שמייכל איז דאָ זון. צווישן גוטמאָרגן און גוטמאָרגן אַ שטיק זון. זון אויף הענט, העלדזער, דעקאָלטירטע פּלייצעס, פּנימער. די אַנצוגן, קליי־דער, זאָקן און אויגן זעען אויס וואַרעמער, ליכטיקער און דורכזיכטיקער. די הערעלעך אויף די נאַקעטע פּרויענפּיס, וואָס זענען אויסגעשטרעקט אויף די זונשטראַלן, ווי אויף באַשוי, שפּילן זיך אין דער זון ווי גרעזלעך. דער פלאַטערדיקער פוך קוקט אויס קינדיש־ליב, אַקוראַט ווי דימענטלעך פון זון־שטויב אין דעם בעזים, וואָס שיסט אַמאָל אַריין, אַן עק פון אַ קאָמעט אין אַ זון־באַגאָסן צימער.

דער פּרייז־פייטער, וואָס פלעגט ליגן גאַנצע טעג אַ באַשמירטער מיט פעטס און זיך שמעלצן, גייט שוין אַרום אויף די פיס און שמייכלט אויך זוניק. ער האָט זיך שוין א היבש ביסל אַקלימאַטיזירט און אַרונטער־געלאָזט פון זיין אַטלעטישער ווערדע. ער גייט שוין אַרום מיט אַ ווייבל ווי אַ ליאַדע מאַנספערשוין און פאַרגעסט אַפילו צו אַקצענטירן זיינע טריט אָדער צו הייבן דעם ברוסטקאַסטן. ער טראָגט נאָך אַלץ דעם ווילייזנגע־רישן סוועטער, פאַרקאָלנערט אַרום האַלדז און דעם דאַשעק פון היטל אַן אַ זייט, אָבער ער שרעקט שוין מער נישט מיט זיין גוווּרע. פאַרקערט, זיין דאַמע וואָס ער האָט זיך אָפּגעזוכט זעט גאָר אויס ווי אַ פּרייז־פייטערן. זי טרעט שווער אויף אירע סאַנדאַלן מיט איר גאַנץ היבשער וואָג. אירע רויט־געפאַרבטע פיספינגער, פעטגעפאַרבטע באַקן, קלעפּיק־געפאַרבטע ליפּן, עטלעכע גאָלדענע ציינדלעך און איר אונטערגעהויבענער שווערער בוזעם באַלאָדן מיט אַלדאָס גוטס, פאַסן זיך אַזוי שטאַרק צו זיין איינגעפאַ־

---

1) שאַרקס — גרויסע געפערלעכע פיש.

לענער נאָז, אַז קײן בעסערן שידוך האָט אים קײנער נישט געקענט צוקלײַבן.

הינטער אים, מיט טריטעלעך פֿון אַ שערלאָק האָלמס, גײט אַלײן פֿאַר זיך זײַן מענעדזשער און „מאַן־פֿרײַטאָג". ער מאַכט זיך כּי לא ידע, װי ער װאָלט געקוקט אױפֿן נעכטיקן טאָג און געטראַכט פֿון הימל אַ יאַריד, אָבער אין דער אמתן לאָזט ער נישט אָפּ קײן אױג פֿון זײַן שטיקל ברױט. ער גײט אַלײן פֿאַר זיך, װײַל ער איז צופֿיל געשעפֿטמאַן, ער זאָל זיך לאָזן פֿאַרדרײען דעם קאָפּ מיט שיף־װײַבער — אַז בײַ אים איז גאָר דער קאָפּ פֿאַרנומען מיט פּלענער, חשבונות און גאַנצע סטראַטעגיקעס.

דער דאָקטער, װאָס טשאַטעװעט שױן אױף מיר עטלעכע טעג, האָט מיך ענדלעך דערטאַפּט. ער האָט אַן צערעמאָניעס געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט צו זײַן װײַב, אַז זי זאָל זיך פֿאַרנעמען און גײן איר װעג און ער האָט מיר גלײַך געגומען דערקלערן מיט אַלע אײנצלהײטן, װי אַזױ ער האָט ענדלעך אַנטדעקט אַ רפֿואה פֿאַר דער אומהײלבאַרער „אַדיסאָן־קראַנקײט".

דער כירורג מיט די קלײנע פֿעטע הענטלעך און דעם קײלעכדיקן פּנים, כאַפּט דעם אַנבליק פֿון אַ קלוגן הונט. ערטערװײַז זענען די באַקן זײַנע באַצירט מיט רױטע, אַזש בלױע פּלעקן. ער איז אַ נידעריקער, אָבער בעת ער רעדט טענצלט ער אונטער און שפּרינגט אין פּנים אַרײַן. זײַן פּראַקטיקע איז אײַנגעטײלט אױף אַ האַלב יאָר אַמעריקע און אַ האַלב יאָר אײראָפּע. אַמאָל האָט אײראָפּע געמײנט דײַטשלאַנד, אָבער איצט, זאָגט ער מיט אַ זיפֿץ, איז עס אױסגעשלאָסן! פֿאָרט ער קײן עסטרײַך צו אַ קאָנגרעס פֿון דאָקטוירים, װוּ ער װעט אױפֿטרעטן און אַנטפּלעקן זײַן הײלמיטל פֿאַר דער „אַדיסאָן־קראַנקײט".

ער איז מיר מסביר אױף זײַן גראַטעסק פֿון ייִדיש־דײַטש־ענגליש און עטלעכע גוט־אָפּגענוצטע העברעיִשע פּסוקים, אַז אין אַלגעמײן זענען דאָקטוירים אײגנטלעך — דאָ קומט אַ ביסל אַ גרעבלעך װאָרט, װאָס דער דאָקטער רעדט אַרױס מיט אַ װילדער הנאה. ער מאַכט אַ שטיקל פּױזע צו זען, װאָס פֿאַר אַן אײַנדרוק דאָס שאַרפֿע װאָרט האָט געמאַכט אױף מיר און צי איך האָב געכאַפּט אױף װי װײַט זײַנע פֿאַך־קאָלעגן זענען נישט

קיין חכמים. דאָס וואָרט זאָגט ער אין מערצאָל און ער פּאַסמאַקעוועט זיך, ער שרייט עס אויס הויך, אַז אַלע זאָלן הערן.

אָט־וואָס דאָקטוירים זענען! יו טינק 1) — זאָגט ער אויף זיין דייטש־מערישן ענגליש און ער פֿאַלט גלייך אַריין אין אַ יידישער אינטאָנאַציע. אַז אַ דאָקטער איז מי יודע וואָס פאַר אַ קלעווער מען, אָבער, ווענדט ער זיך שוין צוטרוילעך צו אַ קריסטלעכער דאַמע וואָס שפּאַצירט מיט מיר, די טרוט איז אַ פיזישן איז אַ —

ער ענדיקט זיין זאַץ ווידער מיט דעם יידישן וואָרט און ווידער מיט חסידישער התלהבות, דאָס וואָרט וואָס איז פאַר אים דער נאָן פּלוס אולטראַ פון איבערגעבן די אומגעהייערע טיפּשות פון דאָקטוירים. די באַגליי־טערן מיינע זוכט שוין ביי מיר קעגן דעם אומפאַרשטענדלעכן אויסדרוק. און דער דאָקטער באַשטייט דווקא, אַז איך זאָל עס איבערזעצן.

טעל האָר, זאָגט ער, וואַט איט מיענס, איטס נאָ שעים! איטס יומען.

די קריסטין כאַפּט זיך, אַז עס איז עפּעס נישט גאָר דעליקאַט און אויס מורא, טאָמער נעם איך און זעץ עס טאַקע איבער, גליטשט זי זיך זייער עלעגאַנט אַרויס פון אונדזערע הענט און פאַרשווינדט.

איר זעט — רייבט ער זיך די פעטע הענטלעך פון גרויס פאַרגעניגן.

— איך האָב זי פאַרטריבן. איך האָב פיינט, אַז ס׳פּלאָנטערן זיך ווייבער, ווען מענער רעדן פון ערנסטע ענינים.

און דאָ גייט ער אַביסל אַוועק אין אַ זייט און גיט מיר אַ גאַנצע לעקציע, ווי עקאָנאָמיש מען דאַרף זיין מיט ווייבער: פלירטן, פריילעך מאַכן, זיך נאַריש מאַכן, מהיכא־תיתי, אָבער — פרעזערווירט אייער מע־נערשע ענערגיע, אייער לעבנס־זאַפט! פאַרשווענדט נישט אייערע כוחות! לערנט זיך אויס הנאה צו האָבן פון לעבן און צו זיין שפּאָרזאַם! ס׳איז נישט קיין „מעין המתגבר״! דאָס זאָגט אייך אַ גרויסער דאָקטער און נישט גלאַט אַזוי אַ דאָקטערל וואָס איז, איר ווייסט שוין אַליין, וואָס. אָבער ער וויל, חלילה, נישט ריזיקירן מיט מיין זכרון, זאָגט ער מיר ווידעראַמאָל וואָס דאָקטוירים זענען. דאָס ווייב זיינס קומט אים אַנטקעגן און ער טיילט זיך מיט איר אויך וואָס דאָקטוירים זענען — זאָל זי אויך הנאה האָבן. זי שמייכלט אין פאַרלעגנהייט און גייט ווייטער איר וועג.

1) יו טינק — איר האַלט.

די לאַטווישע דאַמע גייט פאַרביי און באַגריסט מיך. איך שטעל פאַר דעם דאָקטער און ער נעמט גלייך אויסנוצן די געלעגנהייט. ער שפּאַצירט איבער איר מיט די הענט אונטער דעם אויסרייד, אַז זי האָט אַ שיינעם האַלדז, אַ געזונטע הויט, אַ פיין אַנטוויקלטן ביוסט, אַן אמת פּראָפּאָר־ציאָנעלע פּלייצע. זיינע פעטע הענטלעך לאָזן זיך ווילגיין, ביז זי דער־שמעקט, אַז דאָס איז עפּעס מער ווי אַ דאָקטערשע אונטערזוכונג און זי אַנטשולדיקט זיך.

אָט האָב איך אייך געגעבן אַן אילוסטרירטע לעקציע. מען קען נישט זאָגן, אַז כ'האָב קיין הנאה נישט געהאַט פון אַ גלעט אַהין און אַ גלעט אַהער, אָבער דער עיקר איז זיך צו האַלטן ווי אַ מאַן און פּרעזערווירן דעם קוואַל פון ענערגיע.

ער דערקלערט מיר, אַז דעם פאַטאַלסטן טעות וואָס דאָקטוירים מאַכן איז צו רעדן וועגן פאַרשידענע קראַנקייטן. דער אמת איז, אַז ס'זענען נישטאָ קיין באַזונדערע קראַנקייטן. מענטשן ווערן איינגעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס — אין געזונטע און קראַנקע. אַזוי עלעמענטאַר איז עס, נאָר דאָקטוירים האָבן עס פאַרפּאַטשקעט מיט קאָמפּליצירטע טעאָריעס. אַ גע־זונטער מענטש האָט אַלע קראַנקייטן, אָבער ער באַמייסטערט זיי, ער האַלט זיינע גלידער אין האַרמאָניע, ער ריטמיזירט זיין לעבן. ביי אַ קראַנקן מענטשן צעשפּילן זיך אַלע זיינע אַזוי גערופענע קראַנקייטן מיטאַמאָל און זיי ווערן די הערשער פון דער סיטואַציע. נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי ראַק אַליין פאַר זיך. אַז אַ מענטש איז קראַנק האָט ער די נייגונג צו האָבן אַ ראַק, האַלט ער ביי קריגן סוכאָטע, איז ער גרייט צו שטאַרבן פון לונגען־אַנטצינדונג — הכלל, ער האָט אַלץ וואָס אין פּסוק שטייט. א דאָקטער אַ — איר ווייסט שוין אַליין וואָס איך מיין, טאַפּט־אַן און זוכט־אויס אַ באַ־זונדערע קראַנקייט. אַ גליק האָט אים געטראָפן! דיאַגנאָזע! ער נעמט גלייך און באָמבאַרדירט די דאָזיקע קראַנקייט מיט מעדיצינישע שמאָכטעס און פאַרזעט דאָס גאַנצע פעלד, דעם מענטשלעכן קערפּער. אַזאַ פּראַקטיקע איז ווי אַמאַטאָרישע קונסט. ס'האָט גאָרנישט צו טון מיט לעבן און איז נישט מענטשלעך. ער טאַפּט אַ קראַנקייט אין דער פינצטער און פאַרזעט בעת־מעשה דעם קראַנקן מענטשן, וואָס אַלץ איז ביי אים אַרויס פון די האַלאַבליעס. ער, דאָס דאָקטערל, פאַרשטייט נישט, אַז ער האָט צו טון

מיט האַרמאָניע און דיסהאַרמאָניע. ער לייגט צו דעם סטעטאָסקאָפּ, הערט זיך צו צום האַרץ — איר ווייסט, וואָס אַזוינס אַ האַרץ איז? יענער דאָקטער ווייסט אויך נישט, פייפט אים אַריין אין די אויערן. ווען מען הערט זיך גוט צו צום האַרץ הערט מען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, אַ גרויסע וואַגנער־דראַמע. אָט פּאָמפּעט עס זיגרייך ווי ביים רייטן פון די וואַלקיריע, אויף די הימלישע קאַפּיטעס און אָט קומט דער קול דממה דקה — ליבעסטאָד. **ברוך דין אמת!**

ער פאַרשלעפּט מיך אין אַ ווינקל און נעמט אַרויס אַ בראָשור פון בוזימקעשענע.

אָט וועל איך אייך פאָרלעזן אַ לעקציע, וואָס איך האָב געהאַלטן אין 1900. די לעקציע וואָס איז דאַן פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט געמאַכט אַ פוראָר אין דער גאַנצער מעדיצינישער וועלט און האָט מיך גלייך אַוועק־געשטעלט אין די פאָדערשטע רייען פון די גאָר גרויסע מעדיצינערס פון אונדזער דור.

אַנטקעגן וואָס וויל איך אייך פלוצים לייענען אַ מעדיצינישע לעק־ציע? ווייל איך וויל אייך באַווייזן, אַז מעדיצין איז די אַלערהעכסטע פּאָע־זיע. הערט זיך פריער צו צום קלאַפּ און פאַל פון ווערטער, וואָס זענען שוין קלאַסיש; קיינער צווייפלט שוין מער נישט, אַז דאָס איז פּאָעזיע, אַז דאָס איז געזאַנג פון זילבן:

שי וואָקס אין ביוטי, לייק די נייט
אָף קלאַודלעס קליימס ענד סטאַרי סקאַיס;
ענדל אָל דאַטס בעסט אָף דארק ענד ברייט
מיט אין האַר אַספּעקט ענד הער אייס — 1)

יעדעס חדר־ייִנגל ווייסט, אַז דאָס איז פּאָעזיע —
שי וואקס אין ביוטי, לייק די נייט.

ער דעקלאַמירט עס מיט טראַפּ און טאַנצט אויס בעת ער מעסט די־

1) זי שוועבט אין שיינקייט ווי די נאַכט.
פון ליכטיקע לענדער און אויסגעשטערנטער פראַכט
און אַלץ וואָס איז צום שענסטן אין טונקל און ליכט
באַגעגענען זיך אין אירע אויגן און אין איר געזיכט.

שורה, אונטערשטרייכנדיק די אַקצענטירטע זילבן און אַרונטערפּאַנפּנדיק די ניט־אַקצענטירטע. ער שטרענגט זיך אָן צו לייענען אַזוי, אַז מען זאָל קריגן אַ באַגריף ווי שיין די שורה איז געשניצט.

האַלט אין קאָפּ דעמזעלביקן ריטם און דיזעלביקע מוזיק און איר וועט זען, אַז אָט־די מוזיק איז אייגנטלעך געווען דער פונדאַמענט פון מיין מעדיצינישער לעקציע. געדענקט־זשע נאָכאַמאָל —

ענד אָל דאטס בעסט אָף דאַרק ענד ברייט

אָבער לייגט צו קאָפּ. ס'כאַפּט זיך נישט אַזוי לייכט, לאָזט פריי אייער נשמה, נעמט אַרונטער די לאַפּעס פון איר און זאָל זי זיך צעזינגען — אַנדאַנטע קאַנטאַבילע.

ער ווערט גאָר אַן אַנדער מענטש. זיינע אויגן ווערן פאַרהויכטע שויבן אין אַ רעגן. דאָס פאַרגרעבטע פּנים ווערט אַביסל געלייטערט. ער קלאַפּט צו מיט דעם פוס צום טאַקט ביי יעדער זאַץ. אויף זיין פּנים רויטלט זיך אַ געמיש פון שעמעוודיקייט און גרויסהאַלטעריי. ער זעט אויס ווי אַ פּראָווינציעלער מחבר. ער לייענט אַ ווערק, וואָס האָט אים געקאָסט האַרץ. ער פילט, אַז דערפאַר קומט אים דער סאַמע אויבנאָן ביים טיש פון אומ־שטערבלעכקייט, ווו מען שניידט די גרויסע לאַכמעס לויב־געזאַנגען און שטיקער לויתן אָנערקענונג און מען כאַפּט שיריים פון האָמערס און שעקספּירס זינגענדיקע פינגער.

דער בייראָנישער צויבער פון זיין פּאַטיישן מוסטער איז שוין לאַנג אויסגעוועפּט געוואָרן פון מיין זכרון, אָבער ער זינגט נאָך אַלץ אויס זיין טראַקטאַט. די לענגסטע מעדיצינישע טערמינען, וואָס באַטייטן אַלערליי מיאוסע און עקלהאַפטיקע בלוטקראַנקייטן, הויטקראַנקייטן, מאָגנקראַנ־קייטן, זינגט ער אויס און מאַכט מיט די פיסלעך טערפּסיכאָריש, ווי די ווערטער וואָלטן געווען חלום־שפּראַך, בלויז דינער פאַנטאַמין־מאַטעריאַל פאַר אַ טאַנץ.

ער לייענט און פלאַקערט, פלאַקערט און לייענט. נאָך אַ שעהדיקער דעקלאַמאַציע לייגט ער צוריק די בראָשורע אין בוזימקעשענע מיט אַ דערקלערונג, אַז ער האָט מיר בלויז געוואָלט באַווייזן וואָס אַזוינס מעדי־צין איז. מעדיצין איז מיסטיק, אינטויציע, מוזיק, פּאָעזיע. פאַרשטייט זיך. אויב ס'ווערט פּראַקטיצירט פון אַ דאָקטער און נישט פון אַ —

און דאָ גיט ער אַ צעפּראַל די מגושמדיקע ליפּן און ס׳גיט זיך ווידער אַ קייקל־אַרויס זיין באַליבט וואָרט. דאָס פּנים קריגט צוריק די בלוי־רויטע פלעקן, אַלץ ווערט צוריק איינגעפּלעטשט. ער שרייט אויס דאָס וואָרט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, כדי צו זיין אַבסאָלוט זיכער, אַז יעדער איינער הערט עס. און מיט דערזעלביקער התפּעלות וואָס ער האָט ערשט געכאַפּט פון בייראָנס שורות, און דערצו נאָך מיט אַ היבשן צוגאָב פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, רופט ער אויס:

אַ מכה האָבן גויים אַזאַ מחיהדיק וואָרט!

## II

אויף אַ באַנק זיצט אַ מאַן וואָס טראָגט אַ פראַנצויזיש יאַרמולקעלע אויפן קאָפּ און וואָס קאָקעטירט מיט אַ פּירעקעכדיקער גרייז־גרויער באָרד. ער האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט זיינע פלעגמאַטישע גימנאַסטישע איבונגען, און איצט זיצט ער און טענהט זיך אויס מיט צוויי יונגע מיידלעך וואָס דאַמלען זיך. זיי קוקן דעם אַלטן אָנשטעלער אין מויל אַריין און דער אַלטער האָט אַ פאַרפירערישע יונגע שטים, ווי ער וואָלט געשפּילט פּלייט. די שטים איז מאַרגנדיק דורכגעשווענקט און ריין, ער פאַרהאַלט אונדז עלעגאַנט מיט דער באַמערקונג, אַז דאָס איז שוין דאָס 67סטע מאָל, וואָס ער קרייצט דעם אַטלאַנטיק, אָבער אַזאַ וווּנדערלעכע רייזע געדענקט ער נישט.

די לופט איז שאַמפּאַניער! — ער פּאָכעט מיט די נאָזלעכער און אָטעמט אַריין און אַרויס מיט שטודירטער רעגלמעסיקייט עטלעכע מאָל.

דער דאָקטער פאַרלירט נישט קיין רגע. ער נעמט גלייך פּראַקטיצירן אויף די יונגע מיידלעך, אָבער זיי אַנטלויפן ביידע ווי צוויי דערשראָקענע הינדלעך.

אַז די מיידלעך האָבן זיך אָפּגעטראָגן און דער באַבערדלטער דערפילט זיך אין מענערשער קאָמפּאַניע, גיט ער אַ זאָג אַרויס אַ גראָב וואָרט אויפן חשבון פון די מיידלעך, אָבער אַלץ מיט דערזעלביקער איידעלער פּלייטן־שטים. ער רעדט און רעדט און דערציילט וועגן זיך, אָבער וואָס מער ער דערציילט, אַלץ ווייניקער ווערט מען געוואָר, ווער

ער איז. ער הייסט לאָוסאָן און אַמאָל זאָגט ער, איז ער געווען גאָר־גאָר, כמעט אין מיליאָנערן־קלאַס. היינט איז ער — ווער ווייסט וואָס ער איז?

ער ווייסט אַלץ. ער רעדט אויסגעצייכנט אַ פיר־פינף שפּראַכן און אַלץ מיט דערזעלביקער זיכערקייט און אויף דערזעלביקער פליט. כאָטש ער איז אַ קריסט, איז ער גוט באַהאַוונט אין יידישע ענינים, ווייסט אַלץ וואָס מען דאַרף וויסן וועגן ציוניזם, קען אַפילו די נעמען פון יידישע צייטונגען און —

איך האָב ליב אַ ייִד, אָבער ער זאָל זיין אַ ייִד. איך האָב פיינט בלאָף. בלאָפן קען איך אַליין. אַמאָל האָב איך געזאָגט צום באַנקיר אָטאָ (מיר האָבן זיך גערופן ביי די ערשטע נעמען) ביזסט אַ לויז! נישט קיין ייִד און נישט קיין טערק. אַ לויז ביסטו, אָטאָ! און ער, אָטאָ, ענטפערט מיר — ווינסענט, ביסט גערעכט, אָבער מען דאַרף לעבן אויף דער וועלט און מאַכן עטלעכע דאָלאַר. דערפאַר איז דער ראַביי אייערער אַ פרינץ. סטיפען! זאָג איך צו אים, זאָג איך, פאַלט דיר עפּעס שווער צו פירן דאָס האַרט־נעקיקע יידישע פאָלק, און סטיפען לאַכט און ברומט אויף זיין באַס. פאַר־שטייט זיך, אַז פעליקס איז גאָר אַן אַנדער טיפּ ייִד ווי אָטאָ איז געווען. אַוודאי האָב איך געקענט דעם אַלטן דזשייקאָב, דעם קליינעם יאַהודי וואָס האָט געשאַרט גאָלד אין אַמעריקע, גערעדט מיט אַ דייטשן אַקצענט, דער פילאַנטראָפּ וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ פייג פאַר ישראל. אוי איז דאָס געווען, און זיין זון, אָבער דער מאַרטואיס ביל ניסי באַנום, כאָטש אָטאָ איז שוין אויך מיט די הייליקע. איך וואָלט געוואָלט זען מיט וועלכע היי־ליקע אָטאָ האָט זיך אַוועקגעזעצט. איך וועט זיך, אַז ער האָט געסנאָבט אייער באַנדע הייליקע און גלייך געטראָפן צו אונדזערע מאַרטירערס פון דער קירכע. איך האָב ליב יידן. אין מיר מוז זיצן אַ יידישע נשמה. ניינ־ציק פּראָצענט פון מיינע געליבטע זענען געווען יידישע, און מיינע ערש־טע צוויי ווייבער זענען אויך געווען יידישע און דווקא זיי, די יידישע האָבן קיינמאָל נישט פאַרלאַנגט קיין סענט אַלימאָני 1). און אַמאָל מאַך איך אַזוי צו רוזוועלטן: וועמען בלאָפסטו? וועמען ווילסטו בלאָפן מיט סאָציאַ־ליזם צווישן קאַפּיטאַליזם און קאַפּיטאַליזם צווישן סאָציאַליסטן? אָבער

---

1) אַלימאָני — אַלימענטן.

רוזוועלט פאַרשטייט אַ קיבעץ, ער איז אַ דורכגעטריבענער פּאָליטישן וואָס שפּילט אויסגעצייכנט דעם שטאַטסמאַן, ער איז אַן אמתער אַמעריקאַנער. וואָס איז אַזוינס אַן אמתער אַמעריקאַנער? קודם־כל אַ גוטער פאַמיליען־פאָטער. ווען איך וואָלט געווען אַ גוטער פאַמיליען־פאָטער, וואָלט איך געווען אויפן סאַמע שפּיץ פון לייטער. האָב איך אָבער, אין דר'ערד אַריין, ווילד בלוט אין זיך.

דער דאָקטער וואָס האָט געמוזט שווייגן אונטער דעם מבול פון רייד, האָט ענדלעך געקראָגן אַ געלעגנהייט זיך אַנצוכאַפּן אין דעם ווילדן בלוט. ער האָט גענומען דערלאַנגען אַ לעקציע ווי אַזוי מען דאַרף צאַמען אַזאַ ווילד בלוט, אָבער מר. לאַוסאָן האָט אים איבערגעשלאָגן און גענומען רעדן אויטאָריטעטיש איבער מעדיצין אויך. דאָס איז שוין געווען צופיל פאַר דעם דאָקטער און ווען איך האָב געזען, אַז ער איז גרייט אָט־אָט צו עקספּלאָדירן, האָב איך באַצייטנס גענומען און דערקלערט מר. לאַוסאָנען, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך איינעם פון די באַרימטסטע ניו־יאָרקער כירורגן.

מר. לאַוסאָן איז נישט געפאַלן ביי זיך און איז קנאַפּ נתפּעל געוואָרן, ער האָט שוין געהאַט גרייט אַ געשיכטע וועגן זיין נאָענטשאַפט מיט ד"ר אַלעקסיס —

אָבער נאָך איידער ער האָט געקראָגן אַ געלעגנהייט אַרויסצורעדן דעם צווייטן נאָמען, איז דער דאָקטער אויפגעשפּרונגען, זיינע בלויע פלעקן זענען געוואָרן אָנגעגאָסן מיט אַלט בלוט און דאָס גאַנצע פּנים האָט אויסגעזען ווי די שאָלעכץ פון אַ פּאַטלאַדזשאַן.

זאָגט אייער אַלעקסיסן, אַז ער איז אַ — און דער דאָקטער האָט פאַר לאַוסאָנען אַרויסגערעדט דאָס ליבע וואָרט מיט אַזוי פיל האַרץ, אַז אַפילו אַ קריסט זאָל עס קענען כאַפּן. — ווייסט איר וואָס דאָס איז אַזוינס?

צי לאַוסאָן ווייסט? ער האָט געלאַכט מיט אַ ווילד געלעכטער. אַוודאי ווייסט ער גאַנץ גוט וואָס דאָס איז אַזוינס. בלויז דער פאַקט וואָס אַ קריסט פאַרשטייט גוט דעם טעם פון זיין באַליבט וואָרט האָט דעם דאָקטער אַביסל באַרויקט.

רעגט זיך נישט אויף! אייער פּולס מוז איצט שלאָגן ווי אַ האַמער, אייער בלוט־דרוק האָט מסתמא אַרויפגעטאַנצט און אייער האַרץ —

זאָרגט זיך נאָר נישט פאַר מיין פּולס און פאַר מיין האַרץ, זאָגט שוין

דער דאָקטער אַביסל גועלאַסענער — האַרץ און בלוט־דרוק לאָזט איבער צו מיר. וואָס איז אייער פּראָפּעסיע?

מר. לאַוסאָן האָט דערויף געגעבן אפשר גאַנצע צוואַנציק ענטפערס, אָבער מיר זענען ביידע נישט קליגער געוואָרן. עס זאָל הייסן, אַז ער איז עפּעס אַ נאָענטער שמעלקע מיט גרויספינאַנץ, מיט וואָל־סטריט און מיט געלט, געלט. געלט וואָס קלעטערט אַרויף און געלט וואָס ליגט אין דער אדמה. היינט יאַכטשיפן און מאָרגן די גאַז־רער אָדער אַ שטריק אויפן האַלדז, דזשאַנגל, חיות, מען בייסט זיך און גלייך אין די גאָרגלען. גנבים וואָס נעמען ביי דיר אַרויס עטלעכע מיליאָן מיט אַ שמייכל, אָבער ער קען זייער שפּיל אויסגעצייכנט. ער איז אַזוי קלוג ווי זיי און פּונקט אַזאַ פערד־גנב. אָט לאָמיר נעמען קופּער —

אָ, ניין! דער דאָקטער וועט אים נישט לאָזן נעמען קופּער — דאָ איז ער שוין אויפגעשפּרונגען מיט מער כעס, ווי בעת עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן האַרץ און וועגן בלוט־דרוק — אים וועט ער דערציילן וועגן קופּער! אַ שאַרלאַטאַן זענט איר, אַן אויסוווּרף, אַ ליגנער! אים וועט ער געבן אַ לעקציע אין קופּער, ער וועט נישט דערלאָזן, אַז אַ ליאַדע־וווער זאָל אים לערנען וועגן קופּער. 250 טויזנט דאָלאַר האָט ער אַוועקגעלאָזט מיטן רויך אויף קופּער, זיין גאַנצע מי און האָרעוואַניע איז אַוועק אויף קופּער און דאָס איבעריקע האָט אויסגעליידיקט מר. מאַרקוס און זיין פּאַטריאָטישע באַנק, וועט דער־אָ אים לערנען וועגן קופּער. ליגנער! וואָל־סטריטער 1) גנב!

דאָ איז אונטערגעקומען דעם דאָקטערס ווייב. זי האָט אים גענומען באַרויִקן מיט אַלע בעסטע מיטלען. דער דאָקטער האָט אינגאַנצן געצי־טערט. אים האָט ספּעציעל פּאַרדראָסן וואָס דער מר. לאַוסאָן זיצט רויִק מיט אַ גנביש שמייכעלע, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין אַ שטרוי און אויס־געשריִען:

קופּער ווייסט ער אויך אָט־דער קופּערנער —

ער האָט זיך געלאָזט אַוועקפירן ווי אַ קליין קינד און צום ווייב האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין שרייען —

1) וואָלסטריטער — די בערזע־גאַס אין ניו־יאָרק.

אָט דער־אָ — דאָ איז ווידער געקומען ווי אַ באַלזאַם דער ליבער עפּיטעט — וויל עס מיך לערנען וועגן קופּער.

מר. לאַוסאָן איז אַלץ נישט געווען געפּלעפּט. ער האָט צוריק אָנגעשטעלט זיין בעסטע שטים און מיט גרויס רחמנות כמעט דעקלאַמירט אויף דעם מוזיקאַלישן גאָרגל.

אָט דאָס זענען זיי, די קרבנות, אין די צענדליקער טויזנטער איבער גאַנץ אַמעריקע. אָט־די צוטרוילעכע, וואָס האָבן צוריק אויסגעשפּיגן די גאַנצע קולידזש־פּראָספּעריטי 1), הוּוערס צוויי הינער אין יעדן טאָפּ, און גלייך אין די קעשענעס פון וואָלסטריט. אַ רחמנות. ווען איך וואָלט געווען געוווּסט וואָלט איך נישט דערמאָנט קופּער, ווען מען גיט מיר אַ מיליאָן. אַזאַ מענטשן טוט עס ווי — זאָגט מר. לאַוסאָן מיט אַ געמאַכטער פייערלעכקייט. אָבער מען זעט, אַז ער עסט זיך קנאַפּ אָפּ דאָס האַרץ פון דער גאַנצער געשיכטע, אַפילו נישט פון די באַליידיקונגען.

דער דאָקטער שפּאַנט אַרום און אַרום דעם גאַנצן דעק איינמאָל און צוויי מאָל. ער וואַרפט בייזע, פאַרניכטנדיקע בליקן אויף מר. לאַוסאָנען. מר. לאַוסאָן קוקט אים נאָך אַלץ אָן מיט אַ געמאַכטער רחמנות־מינע און מיט דעם באַהאַלטענעם גיפטיקן שמייכעלע, וואָס וואָלט דעם דאָקטער נישט געגעבן קיין ניקל אַפילו, ווען ער זאָל זיך האַלטן ביי אויסשטרעקן אָדער ביי פאַרוואַרפן אַ פּעטליע אַרום האַלדז. ביי דעם דריטן אַרום און אַרום בלייבט דער דאָקטער ווידער שטיין פאַר אונדז און ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען פרעגט ער מר. לאַוסאָנען:

איר שפּילט אפשר שאַך? יאָ! איר שפּילט? אַז איר זענט שוין יאָ אַזאַ חכם, קריגט איר ביי מיר אַ ריטער פאַר און אויב איר וועט מיך שיין בעטן אַ גאַנצן ראָך — קומט וועט איר קיבעצן.

איך זאָג זיך אָפּ פון פאַרגעניגן און בלייב אויפן דעק.

דער בעסאַראַבישער ייִד פון באָגאָטאַ כאַפּט זיך גאָר מיט מיר אַרום. ער זוכט מיך שוין עטלעכע טעג און קען מיך נישט געפינען.

ווּ דריי איך זיך אַרום? מיט גויים? אָדער מיט שיקסעס? איי די שיקסעס! איר זעט דאָרט אַ שיקסל? די־אָ מיט די נאַקעטע פיס, וואָס זיצט

1) קולידזש־פּראָספּעריטי — די שפע וואָס פרעזידענט קולידזש האָט צוגעזאָגט.

און שטריקט און כאַטש גיב איר אַ מכה, קוקט זי נישט אויף קיינעם. איך דריי זיך שוין הקפות אַרום איר זייט דעם ערשטן טאָג אויף דער שיף. און מיינט איר נאָר איך אַליין? אַ גאַנצע טשאַטע הונגעריקע וועלף. אָבער זי שענקט נישט קיינעם אַ קוק. מיינט איר, אפשר, די גנבטע ווייסט נעבעך נישט, אַז מען קוקט אויף איר? אוי ווייסט זי! זי לעבט דערפון. זי האָט עס ליב. און אפשר פאַלט אייך חלילה איין, אַז דאָס איז אַ קראַ־סאַוויצע, אַ נעבכטיקער טאָג! דאָס הייסט, וואָס מענטשן רופן געוויינלעך אַ קראַסאַוויצע איז דאָס שטיק שלאַק ווייט דערפון, ווי איך בין איצט ווייט פון באָגאָטאַ. הויט און ביינער און פיסלעך ווי שלאַנגען. איר זעט עפּעס ווי זיי קאָרטשען זיך אַרויף און אַראָפּ, ווי זי פאַרשלייפט איין פוס אין דעם אַנדערן און שלייפט אים אָפּ — קען אַלע קעצישע שפּיצלעך. האָט אַפילו אונטערגעשאָטנטע אויגן פון אַזויפיל זינדיקע מחשבות. וואָס אַרט אייך? איך בין אַ מבין אויף די זאַכן. איך בין זיך גרייט צו וועטן, אַז די אַלע שיינהייטן, די וואָס מען לייענט פון זיי אין די היסטאָריעס און מעשה־ביכלעך, די וואָס האָבן גוט אויסגעזויגן די מאַנסבילן, זענען געווען קנאָפּע קראַסאַוויצעס, די שיינע העלענאַס, די קלעאָפּאַטראַס — אַזעלכע דאַרע כאַליערעס זענען דאָס געווען ווי דאָס שיקסל. רשעים וואָס האָבן אין זיך געזאַמלט גהינום־פייער, פייער אויף פייער, נישט פאַרגונען קיינעם קיין שמייכל, טאָמער וועט יענער חלילה הנאה האָבן און טאָמער וועט עס אַליין האָבן אַביסל פאַרגעניגן. פאַרברענט געוואָרן טאָג און נאַכט, ביז זיי האָבן ענדלעך אַריינגעכאַפּט דעם ריכטיקן לעשטש, ווען זיי האָבן געוואָלט און, ווי צו זיין לעבן, מיט אַזאַ חברהמאַן רעכענען זיי זיך אָפּ פאַר אַלע צייטן און פאַרשרפן אים, פאַרברענען אים אויף טויט. איר מיינט איך ווייס נישט, מען דאַרף פון אַזעלכע מכשפות וויכן און לויפן ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, אָבער גיי לויף, אַז איך דריי זיך שוין עטלעכע טעג אַרום דעם שיקסל ווי אַ לעקיש און, גלייבט מיר, ווען איך וואָלט געווען אַ ציבעלע, אָדער אַ רעטאַך, וואָלט זי מיך אַ סך מער באַמערקט, זייט־זשע מיר געזונט. איך גיי זיך שוין ווייטער דרייען. ס'איז נעבכטיקע טעג און אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט, אָבער אפשר וועט פאַרט עפּעס אַרויס־קומען דערפון.

נישט ווייט פון מיר פלאַקערט אַ הייסער שמועס וועגן ביכער, און

אַזוי ווי מיין אַלטבאַקאַנטער דענישער פריינט איז איינער פון די שמועס־סערס, באַנוצט ער זיך מיט פאַרשידענע שפּיצלעך מיך אויך אַריינצוציִען ער פאַרטשעפּעט מיך מיט ווערטער און לייגט גאַנצע נעצן מיך צו פאַנ־גען, אָבער איך ווער זיך מיט אַלע כוחות.

אַן אויסגעדאַרטער יונגערמאַן מיט אַ קליין, שמאָל קעפּל רעדט עקספּערט־מעסיק וועגן דער אַמעריקאַנער בוך־אינדוסטריע, וועגן שריי־בערס, וועגן גריניטש ווילעדזש, 1) וועגן זיין ברודער וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אין ווילעדזש און וועמענס שטענדיקע באַשעפטיקונג איז — פּראָ־פעסיאָנעלער פרייגייסט. ער איז שוין געווען אַן אַנאַרכיסט, אַן איי־דאַבליו־דאָבליו, 2) אַ סאָציאַליסט, אַ קאָמוניסט און איצט איז ער שוין ענדלעך אַ האָמאָסעקסואַליסט.

דער סקאַנדינאַווער האָט מיר נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק געגעבן די פולסטע איינצלהייטן וועגן דעם אויסגעדאַרטן יונגנמאַן — אַז ער איז, ערשטנס, ניט אַזאַ יונגערמאַן ווי ער זעט אויס, אַז ער איז אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן און מיט געלט, אַז ער איז דער פּרעזידענט פון אַן אַלטן אַמע־ריקאַנער פאַרלאַג, וואָס גיט אַרויס טעקסטביכער פאַר אונדזערע אוניווער־זיטעטן און מיטלשולן. די פאַרלעגעריי האָט ער געירשנט פון זיין טאַטן און זיידן. דער דאָזיקער יונגערמאַנטשיק, ווייסט אַלץ דער סקאַנדינאַווער צו דערציילן, האָט שוין אָפּגעגט צוויי ווייבער און מיט יעדער ווייב האָט ער געהאַט צו צוויי קינדער. איצט פאָרט ער, צום ערשטן מאָל אין די לעצטע צוועלף יאָר, אויף אַ וואַקאַציע. פאָרן פאָרט ער קיין דייטשלאַנד, וווּ ער וויל זיך נענטער באַקענען מיט דייטשע מעטאָדן פון ביכער־פאַר־לאַגן, מיט וועלכע ער זוכט אויך געשעפטלעכע פאַרבינדונגען. דורך דער גאַנצער רייזע האַלט ער אין איין שיקן ראַדיאָגראַמען צו זיין פירמע, ווייל ער איז אומרויִק, — ער האָט איבערגעלאָזט דאָס געשעפט אויף פרעמדע הענט און ער איז אַ מענטש וואָס האָט אַליין ליב צו אַרבעטן שווער און האָט ליב צו זען ווי אַנדערע יאָגן פון זיך אַרויס די נשמה.

אָבער אַ חוץ דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע קען איך אַליין דעם פאַר־לעגער פאַר אַ שטיק דזשעקל און מר. הייד. אַ גאַנצן טאָג פאַרברענגט ער

1) גריניטש ווילעדזש — דער לאַטיינישער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק.
2) איי־דאַבליו־דאָבליו — אַ פרייהייטלעכע באַוועגונג אין אַמעריקע.

בלויז מיט מענער און קוקט אַפילו נישט אויף קיין פרוי, אָבער ביינאַכט פוצט ער זיך אויס און גייט אין טאַנצזאַל. פון טאַנצזאַל האַלט ער אין איין שלעפּן מיידן אין באַר און פון באַר שלעפּט ער זיי אויפן דעק, ווו ער וואַלגערט זיך אויס אין די פינצטערסטע ווינקעלעך. ביינאַכט ווערט ער פלוצים קורצזיכטיק אויף מענער. ער דערקענט בוכשטעבלעך קיינעם נישט פון די פריינט מיט וועמען ער האָט ערשט־אָ פאַרבראַכט אַזוי גע־מיטלעך. אָבער דערפאַר ביי טאָג דערקענט ער שוין קיינעם נישט פון די פרויען. ער גריסט זיי אַפילו נישט. עס איז ביי אים אַ טאָפּלטע בוכהאַל־טעריע — דער טאָג איז פאַר טראַכטן און פאַר שאַרפן דעם מוח, און די נאַכט איז פאַר ליבעריי.

די גרופּע אַרום דעם פאַרלעגער האַלט אין איין וואַקסן, אָבער דער סקאַנדינאַווער קען אַליין נישט ליידן, וואָס איך שטיי פונוויטנס. ער האָט נאָך נישט אויפגעגעבן די האָפענונג מיך אַריינצוציִען אין דעם אַלגע־מיינעם געשפּרעך. דערפאַר שרויפט ער אַן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט צו מיר מיט אַן אויסרוף, וואָס איז אַ לעצטער סטראַטעגישער צוג מיך צו באַזיגן.

פאַרזיכטיק! נישט גערעדט קיין נאַרישקייטן. דאָ שטייט פונוויטנס אַ שרייבער, וואָס הערט זיך צו, פון אַ באַהעלטעניש, און איז גרייט אונדז אַלעמען צו באַשרייבן.

דער סקאַנדינאַווער האָט זיינס אויסגעפירט. עס וואָלט שוין געווען גאָר גראָב פון מיר נישט צוצושטיין צום קרענצל. איך פאַרבלייב אָבער נישט מער ווי אַ פאַרעקשנט־פלעגמאַטישער צוהערער. דער פאַרלעגער נעמט אַלעמען באַרויִקן.

מיר האָבן דאָ גאָרנישט קיין מורא פאַר קיין שרייבער. דאָ, אויפן וואַסער, זענען מיר קיין מענטשן נישט, און דערפאַר איז אַ שרייבער קיין שרייבער נישט. דער ים האָט אונדז אימוניזירט קעגן שרייבערישע אַטאַ־קעס. אַ שרייבער מוז האָבן מענטשן און מיר זענען — פּאַסאַזשירן. דאָס איז גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע. מיר זענען דאָ אַלע אַן באַדן און באַ־שריבענע מענטשן מוז האָבן באָדן, ערד אונטער די פיס. בלויז ביי מאַט־ראָזן ווערט דער ים ערד, אָבער ביי אונדז איז ים אַ שטיק צופעליקייט, אפשר איז דער ים, אונטערבאַוווסטזיניק, אונדזער אַלעמענס אָפּגרונטלאָ־

זער שרעק. אָבער וואָס קען דאָ אַ שרייבער טון מיט אונדז? ווי אַזוי וועט ער אונדז פאַרקניפּן? ווי אַזוי וועט ער צווישן אונדז שאַפן צוזאַמענשטויסן, קאָנפליקטן, אַז מיר זענען דאָ היפּער־פּאָרזיכטיק, נישט אַרויפצוטרעטן איינער אויף דעם אַנדערנס הינעראויגן. וואָס פאַר אַ פּראָבלעמען וועט ער אונדז צוקלעפּן, אַז מיר זענען אַלע פּראָבלעמלאָז. אויב מיר האָבן אַלע ווען עס איז געהאַט אַ באָדן, ניט בלויז אַ בוכשטעבלעכן, נאָר אַן עטיש־מאָראַלישן הינטערגרונט, זענען מיר פון דעם אַוועקגעשווומען. אָבער וויכטיקער פון אַלץ איז דאָס, וואָס מיר זענען נישט פאָרויסבאַשטימט, נאָר אַזוי פאַרדאַמט צופעליק. מיר האָבן אַלע צופעליק געקראָגן די „אָלימפּיק" און מיר פאָרן אַלע צופעליק צוזאַמען, אָבער אונדז פאַרבינדט גאָרנישט. אויב מיר ווילן, קענען מיר זיך איינרעדן, אַז מיר זענען דאָ אַ לעצטער דור אָן מאָראַל, אָן וואָרצלען, בלויז מיט אַ באַהאַלטענעם געמיינשאַפט־לעכן שרעק — אויב די שיף זאָל אונטערגיין, וועט איין גורל אונדז פאַר־בינדן, אין אַנדערע ווערטער, אַלגעמיינער אונטערגאַנג. אָבער דאָס איז אַלט און אָפּגעבליאַקעוועט און איך גלייב קוים, אויב אַ שרייבער וועט זיך צו אַזאַ טעמע וועלן צורירן.

עס האַלט ביי אַן אַלגעמיינער דיסקוסיע וועגן ליטעראַטור אויפן ים און אויף דער יבשה. אַלע ווילן הערן פון מיר אַ וואָרט אין דער פראַגע, אָבער איך ווער פלוצים און גאַנץ אומדערוואַרט געראַטעוועט דורך אַ שנעלן איבערבייט פון טעמע.

דער פאַרלעגערס אַ מיטשמועסער, אַ פּרינציפּאַל פון אַ מיטלשול ערגעץ אין דער וועסט, מיט גרויסע טאַבאַק־אויפגעפרעסענע ציין, אַ גע־זונטער געמבע און אַ פעסטער פויסט, וואָס ער ביילט אַלעמאָל, ווען ער קומט צו אַ שטאַרקן אויספיר, דערקלערט אַקסיאָמאַטיש, אַז שרייבערס זענען געגליכן צו גיפטיקע שלאַנגען.

כ׳מיין, ווי מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט זענען שרייבערס די סאַמע ערגסטע און נידעריקסטע — שרייט דער פּרינציפּאַל — שרייבער דאַרפן געהאַלטן ווערן אין אייזערנע שטייגן און יעדער מאָל ווען זיי הייבן אָן צו קוואָקען, אַז זיי זענען גרייט צו לייגן אַ מאַנוסקריפּט, דאַרף מען מיט אָבסטעטרישער פאָרזיכטיקייט אָפּנעמען ביי זיי זייער שאַפונג דורך אייזערנע גראַטעס, ווי פאָרזיכטיק מען רייסט אַרויס גיפטיקע ציינגלעך

פון שלאַנגען. די שאַפונגען געהערן צום פאָלק, אָבער זיי, די פסיכאָפּאַטן און מאַניאַקעס, דאַרפן זיין אָפּגעטיילט פון דער געזעלשאַפט און נישט נאָר פון דער געזעלשאַפט, נאָר שרייבערס דאַרפן זיין אָפּגעטיילט אויך איינער פון אַנדערן, ווייל זיי קענען זיך אויפפרעסן ווי קאַניבאַלן. שרייבעריי, דרשנט ווייטער דער פּרינציפּאַל, איז די עגאָצענטרישסטע פּראָפעסיע און עגאָצענטריקער זענען מאַרך־קראַנקע און מאָראַליש־בידעריקע מענטשן. מען דאַרף זיך היטן פון זיי.

דער דענער הייבט אָן פּאַדען אַרום מיר. ער האָט מורא, אַז ס׳קען נאָך חלילה קומען צו אַ סקאַנדאַל. ער פילט, אַז איך דאַרף זיין באַליידיקט ביזן ביין, דערפאַר וויל ער מיך באַרויקן און ער דערקלערט מיר אָן אַ זייט, אַז אַ שרייבער האָט ביי דעם פּרינציפּאַל צוגענומען דאָס ווייב און אַנטלאָפן מיט איר, און פון דאַן אָן טראָגט ער אַ שרעקלעך האַרץ אויף מענטשן פון דער פען.

אָבער נישט נאָר וועגן שרייבער האָט דער פּרינציפּאַל קיילעכדיקע און אויסגעשפּראָכענע מיינונגען. ער איז אויך געפערלעך אין כעס אויף ניו־יאָרק און ניו־יאָרקער. ווען מען לאָזט אים, וואָלט ער ניו־יאָרקער מסתמא אויך אַריינגעזעצט אין שטייגן.

די ניו־יאָרקער זענען אַ גיפטיקע ראַסע. איך בין אַמאָל געווען עטלעכע טעג אין ניו־יאָרק, איז עס געווען אַ קאָשמאַר, אַ שטאָט פון פּיראַטן. מען פאַרגינט נישט איינער דעם אַנדערן דאָס ביסל ווייב. אויף בראָדוויי ביסטו נישט זיכער ווען דו גייסט פאַרביי מיט דיין פרוי. פון אַלע ווינקעלעך לויערט מען אויף איר מיט די אויגן. אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן באַגלייטערינס ווילן איצט דווקא דיינע. ס׳איז פּשוט אַ רחמנות אויף די מענטשן, וואָס האַלטן זיך איין מיט אַלע כוחות און פּראַקטיצירן אַביסל ציוויליזאַציע. דו דערוואַרטסט, אַז יעדער מינוט זאָל דיר עמעץ דערלאַנגען מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ און ביי דיר אַרויסרייסן דיין באַגלייטערין. אַזוי זשעדנע זענען ניו־יאָרקער דווקא אויף דיין ווייב. טפו, אַ פּאָרנאָגראַפישע שטאָט, וואָס פּאַסט זיך פאַר בולוואַר־ראָמאַנען. עקלהאַפטיק!

אין דער גרופּע אַרום דעם שטורמישן פּרינציפּאַל, וואָס האָט איבערגענומען די לייצן פון געשפּרעך, שליסן זיך אויך אָן דער דענטיסט און זיין זיבעציניעריקער זון וואָס פאָרן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד און האַלטן אין

אין לייענען אַ גאַנצן טאָג פֿון איין בוך. דער דענטירט פֿאַרט שטודירן דאָס פּראָבלעם פֿון היגיענע אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד און כדי נישט אַריינצו־פֿאַלן ווי אַ גרינער, לייענט ער כסדר דאָס פּאָפּולער־געוואָרענע בוך „רעד מעדיסין", 1) און צווינגט דעם זון צו לייענען מיט אים צוזאַמען. דער זון לייענט גיכער פֿון אים און, אַז ער דאַרף אונטערוואַרטן אויפֿן טאַטן, קוקט ער אויפֿן הימל, אויפֿן ים און חלומט. דער טאַטע יאָגט זיך נישט. ער לייענט אַ בלעטל איינמאָל, צוויי מאָל און אַפֿילו דריי מאָל, און באַשרייבט דאָס בלעטל מיט נאָטיצן. דער זון שטעקט אַרויס די צונג און פֿאַרגעסט זי אַריינצונעמען. ער וואַרעמט זי אויף דער זון און מאַכט גיכע באַקסינג־באַוועגונגען אַרום זיך און אַרום דעם טאַטן, וואָס ווייסט גאָרנישט פֿון דער געפֿאַר, אַז ס'פֿליִען אַרום אים פֿויסטן. ווען דער טאַטע מישט שוין ענדלעך איבער, גיט דער זון אַ זופּ אַריין דאָס גאַנצע בלעטל מיטאַמאָל, ווי אַן עלעקטרישער שטויבריינער, און ער איז שוין ווידער אַ פֿרייער פֿויגל.

דער דענטיסט רעדט אַ האַרטן ענגליש פֿאַרבראָקט מיט רוסיש. דאָס מאַכט ער גענעראַל־רעפּעטיציע מיט דער שפּראַך פֿאַר סאָוועטנ־פֿאַרבאַנד. ער איז אַ ספּעציאַליסט, וואָס פּראַקטיצירט אויף פּאַרק עוועניו. אין די גאָר הויכע פֿענצטער. מיטן ערשטן קלאַס, זאָגט ער, איז ער נישט געפֿאָרן, ווייל ער איז אַ דעמאָקראַט. אַמאָל איז ער געווען אויסגעקאָכט מיט דער איסט־סייד, אָבער שוין לאַנג ווי ער איז אַוועק דערפֿון און ס'איז אַלץ ווי אַ חלום.

ער האָט געקענט אַלעמען. ווער האָט ער נישט געקענט? ער פֿרעגט זיך נאָך זייער צערטלעך, וואָס עס מאַכט יעקב גאָרדין.

ער מוז שוין זיין אַ זקן. אַזוי, אַזוי גאָר? שוין אויף יענער וועלט? טאַקע. איך רייס ציין אויף פּאַרק עוועניו, און מיין אַז די וועלט שטייט אויף אַן אָרט. שוין אַזוי ביסלעכווייז אַוועק פֿון דער איסט־סייד אַ 40 יאָר. דער גאָרדין האָט געהאַט אַ פֿיינע באָרד און ער איז אַלעמאָל געגאַנגען מיט אַ גראָבן שטעקן. ער איז געווען אַ בייזער ייִד. ער האָט ליב געהאַט, אַז אַן אַקטיאָר זאָל אים פֿאָלגן, אַז נישט האָט ער געקענט דערלאַנגען

1) רעד מעדיסין — רויטע מעדיצין.

מיט דעם שטעקן איין מאָל און צוויי מאָל. ער האָט גערעדט אַ שיינעם רוסיש, אָבער ער האָט זיך געקענט זידלען ווי אַ קאַצאַפּ. געהאַט דראַמעס מיט פּראָבלעמען, אָבער שוין לאַנג פאַרגעסן, אי די דראַמעס, אי די פּראָבלעמען. איך אַליין רעד נאָך אויך אַ גוטן אָדעסער רוסיש, אָבער איך מאַמע־לשון בין איך שטומפּיק. שוין באַלד פאַרגעסן זשאַרגאָן. און וואָס מאַכט עפּעס מאָריס ראָזענפעלד? און גאָלדפאַדן? און דער אַלטער, קאַק יעוואָ, אין דער סאָכע איז דאָ מזל ברכה? און ער־אָ, דער שיכור פון דער התקוה, און מילערקע מיט דער בריטשקע און מיט די פיינע פערדלעך, וואָס האָבן מיט די פּאָדקאָוועס פאַרברענט די איסט־סייד? געשטאָרבן! געשטאָרבן! טשטאָ ווי גאָוואָריטיע?[1] מיין גאַנצע יוגנט אויסגעשטאָרבן נו, אוודאי, איך זיץ און רייס ציין אויף פּאַרק עוועניו, און מיין אַז די וועלט שטייט און וואַרט אויף מיר. און דער רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער צייטונג? ער לעבט! גאָט צו דאַנקען. ער, וואָס האָט זיך געזידלט מיט גאָרדינען און מיט מילערן און מיט אַלעמען, ער לעבט! מאָלאָדיעץ! און וואָס מאַכן עפּעס די אַנאַרכיסטן? איי האָבן זיי אַמאָל גערודערט מיט זייערע בויערן־בעלער און יום־כיפּור־בעלער, פרייע ליבע און געבורט־קאָנטראָל. איר הערט? איך קוק אויף אייך און דערמאָן זיך אין ד״ר זאָלאָטאַראָוו פון דער יוגנט. אויך געשטאָרבן? טפו, יעי באָגו![2] דאָס איז דאָך קיין קונץ נישט. אַלע כאַפּן און שטאַרבן. אַלע מיינע קינדעריאָרן זענען שוין אויסגעשטאָרבן און איך זיץ אויף פּאַרק עוועניו. איר מיינט אפשר אַז איך בין אַ יונגערמאַנטשיק? מעט שוין אויך באַלד זיין גרייט — ווירימאַ זאַסטופּאָם יאַמאַ גלובאָקאַיאַ.[3] — איך וויל אָבער אַ קוק טון אויף אָדעסאַ, אָדעסאַ־מאַמאַ, יוזשנאַי קראַסאַוויצאַ[4]. און זאָל מיין זון אויך זען, ווו זיין טאַטנס וויגעלע איז געשטאַנען. ער מיינט דאָך, אַז ס׳איז אַלץ אַזוי, אָבער ס׳איז שוין גאָרנישט אַזוי, ס׳איז אַביסל אַנדערש. און דאָ קומט דער באָלשעוויזם. אָ! דאָס איז אַ שווער פּראָבלעם! איך מוז

---

1) טשטאָ ווי גאָוואָריטיע — וואָס זאָגט איר

2) טפו, יעי באָגו — טפו, ביי גאָט.

3) ווירימאַ זאסטופּאָם יאַמאַ גלובאָקאַיאַ — אויסגעגראָבן מיט לאָפּאַטע אַ טיפע גרוב.

4) יוזשנאַיאַ קראַסאַוויצע — דרום־שיינהייט.

זען ווי עס אַרבעט, ווי עס קלאַפּט. מיר, אַ גרופּע דענטיסטן און דאָק־טוירים, האָבן אַ קלוב, ווו מען דעבאַטירט פּראָבלעמען. מיר האָבן שוין דעם באָלשעוויזם אויסדעבאַטירט פון אַלע זייטן. אפשר קומט איר צו אונדז האַלטן אַ לעקציע, זאָל עס הייסן אַ גרוס פון דער איסט־סייד, אָדער אַ גרוס פון יענער וועלט. איז דער גאָרדין מיט דער לאַנגער באָרד שוין קאַפּוט!

ער רוקט זיך צו צום קרענצל און ער נעמט פּאַרטיידיקן ניו־יאָרק קעגן די אַטאַקעס פון דעם פּרינציפּאַל, וואָס דערקלערט, אַז דאָס מאָל איז ער געווען אין ניו־יאָרק בלויז אַזוי לאַנג, וויפיל עס האָט געדויערט צו געבן אַ שפּיי. אַרויס פון צוג, אַ כראַק, און גלייך אַריין אין דער שיף.

איר זענט אַלע מקנא ניו־יאָרק, דערפאַר זענט איר בייז. ניו־יאָרק איז אַ שטאָט פון קולטור. ניו־יאָרק איז פּאַקטיש די איינציקע גרויסשטאָט, וואָס אַמעריקע פאַרמאָגט. ניו־יאָרק איז אַ שטאָט פון פרייהייט.

אָט־אָט — שרייט אויס דער פּרינציפּאַל — אין דעם גייט עס אייך: פרייהייט. פאַר אייך איז נישט גענוג די פרייהייט פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע. איר ווערט דערוואָרגן פון דער אַמעריקאַנער שקלאַפעריי. דער קאָנגרעס, דער סענאַט, דער סופּריס־קאָורט 1), דאָס איז פאַר אייך נישט גענוג פרייהייט. איר ווילט נאָך מער פרייהייט. זאָגט שוין דאָס וואָרט באָלשעוויזם, דערמאָנט שוין לענין, מאַרקס, סטאַלין און די אַנדערע היי־ליקע פון דער מאַטעריאַליסטישער קירך.

דער דענטיסט דערשרעקט זיך אַביסל פאַר דער דאָזיקער אָנצוהע־רעניש. זיין אַקצענט נעמט אים נאָכמער פאַרראַטן. און דער פּרינציפּאַל רעדט דווקא אַ ברייטן און קנאַקעדיקן ענגליש אויף אַלע זיינע קרומע פאַרגעלטע ציין, אָבער אַז עס קומט צום וואָרט באָלשעוויזם, זאָגט ער דאָס אַרויס מיט אַ יידישלעכער אינטאָנאַציע. לענין, סטאַלין און מאַרקס קומען ביי אים אַרויס פון מויל, ווי זיי וואָלטן געווען אַ באַנדע „קאַיקס" 2).

רוזוועלט האָט געראַטעוועט דאָס לאַנד פון באָלשעוויזם — גיט אַ וואָרף אַריין דער סקאַנדינאַווער — ווען ער איז געקומען איז דאָס לאַנד געשטאַנען גרייט פאַר אַן איבערקערעניש.

1) סופּריס קאָרט — העכער געריכט.
2) „קאַיקס" — אַנטיסעמיטישער אויסדרוק וועגן יידן.

נאַרישקײטן! אַזױ רעדן זיך אײַן אַלע אימיגראַנטן. װען איר װאָלט געקענט אַמעריקע אין דער גאַנצער ברײט און לענג, װאָלט איר געװוסט, אַז מיר פּײפֿן אױף אײערע איבערקערענישן. אונדזער איבערקערעניש איז דאָס שטימקעסטל. ס׳געפֿעלט דיר נישט די אַדמיניסטראַציע, נעם אַ לאַנגן בעזים און קער אױס, אָבער דער בעזים מוז זײַן אַ קאָנסטיטוציאָנעלער. װען איר, ניו־יאָרקער, עקספּאָרטירט צו אונדז אײערע פּראָדוקטן — סאָציאַליזם און קאָמוניזם, זאָגן מיר — טו העל װיט דעם! 1).

פֿון דעם איז דער שמועס גלײַך דערלאָפֿן צו היטלעריזם. ד״ר שװאַרץ, אַ קריסט פֿון דײַטשן אָפּשטאַם, אַן אַמעריקאַנער געבאָרענער, פֿון מילװאָקי, װאָס האָט שױן מיט מיר עטלעכע מאָל גערעדט װעגן פֿאַשיזם און פֿאַר מיר זיך געהאַלטן אין אײן אַנטשולדיקן פֿאַר היטלערן, שרײַט פּלוצים אױס:

טו העל װיט היטלעריזם! 2).

יונגערמאַן, רעדט דער פּרינציפּאַל צו אים פֿאָטערלעך — מיר דאָ װילן נישט און דאַרפֿן נישט קײן היטלער, אָבער מען דאַרף פֿאַרשטײן דײַטשלאַנד. היטלער איז אַ גרױסער פֿירער, ער האָט דאָס דײַטשע פֿאָלק פֿאַראײניקט און געראַטעװעט פֿון באָלשעװיזם.

אַ דאַמע מיט אַ פֿרום פּנים און אַ פֿרום מױל, װאָס רעדט אַביסל אונטערן נעזל און האָט זיך אומבאַמערקט צוגערוקט צו דער גרופּע, נעמט פֿאַרװאַרפֿן דעם פּרינציפּאַל די עװלות װאָס די נאַציס זענען באַגאַנגען קעגן די ייִדן, װאָס האָבן געגעבן יעזוסן און די טעסטאַמענטן, דעם אַלטן מיט דעם נײַעם.

ס׳איז שרעקלעך, װי אַזױ די אומגליקלעכע װערן דאָרט באַהאַנדלט, װי אומקריסטלעך דאָס איז. מײַן גאָט! דאָס פֿאָלק פֿון דער ביבל.

פֿיו! מען קען זיך גאָרנישט אױסצאָלן צו די ייִדן פֿאַר די טעסטאַמענטן, — דונערט דער פּרינציפּאַל, — מײַן טעסטאַמענט איז די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע און איך זאָג אַזױ — אַפֿילו לױט דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, קען מיר קײנער נישט פֿאַרװערן פֿײַנט צו האָבן ייִדן. אָבער װי אַן אַמעריקאַנער צײכן איך די גרענעץ צװישן פֿײַנט האָבן, װי איך

1) טו העל װיט דעם! — אין דר׳ערד זאָלן זײ גײן!
2) טו העל װיט היטלעריזם — אין דר׳ערד מיטן היטלעריזם.

וואָלט עס אָנגערופן פּאַסיוו און פיינט האָבן אַקטיוו. איך בין קעגן פּאָגראָ־מען, אָבער פיינט האָבן האָב איך אַ רעכט. היטלער איז אַ נאַר, וואָס ער מאַכט אַ טומל, און יידן האָבן דווקא ליב טומל, ווייל זיי קענען מאַכן נאָך אַ גרעסערן.

ניין! איר האָט נישט קיין רעכט פיינט צו האָבן אַפילו פּאַסיוו — שרייט אויס ד״ר שוואַרץ — איר פאַרסמט די וועלט מיט אייער פיינט האָבן. ס׳שטינקט שוין פון אייך. איר פאַרשטינקט דאָס לאַנד, די וועלט. פיינט האָבן די נעגערס, די געלע ראַסע, פיינט האָבן קאַטאָליקן, פיינט האָבן פּראָטעסטאַנטן, פיינט האָבן יידן; פּאַסיוו, ווייל איר זענט אַ פּריוו־ציפּאַל, און ביים טראָק־דרייווער ווערט עס שוין אַקטיוו. איר געפינט זיך קיילעכדיקע פּראַזן, איר שיצט זיך אַלעמאָל מיט דער קאָנסטיטוציע. נישקשה, ווען די צייט וועט קומען פאַר אַ היטלער וועט איר אים אויך מאַכן קאָנסטיטוציאָנעל. ער וועט איינשליגגען אייער גאַנצע קאָנסטיטו־ציע און זי אויסקאָקן אויף אייערע קעפּ און איר וועט אַלע שרייען: הייל! איר זענט ערגער פון סיפיליטיקער מיט אייער פיינט האָבן, ס׳עקלט פון אייך.

דער גאַנצער געצאַמטער רעספּעקט פאַר דעם פּרינציפּאַל קראַכט פּלוצים איין און אַלע אַפּלאָדירן דעם יונגן דאָקטער, וועמענס באַקן האָבן זיך צעבליט פון אויפרעגונג. ער אָטעמט שווער, עס איז קענטיק, אַז ער איז נישט קיין גאַנץ געזונטער מענטש. די הענט זיינע ציטערן און די דינע, פיין־פאָרמירטע נאָז ציטערט. די ליפּן זיינע זענען נאָך אויך נישט געקומען צו זיך פון די אייגענע ברי׳ענדיקע ווערטער. — זיי ציטערן נאָך אַלץ. ס׳דאַכט זיך, אַז ער רעדט נאָך, אָבער ס׳קומט שוין מער גאָרנישט אַרויס. די צוהערער הערן נישט אויף צו אַפּלאָדירן און די דאַמע צעוויינט זיך גאָר אויפן קול.

אָט־דאָס איז אַמעריקע! קריגט דער דענטיסט פּלוצים מוט — דאָס איז די שטים פון אַמעריקע!

יונגערמאַן — זאָגט דער פּרינציפּאַל אַביסל אַ צעקוועטשטער, — איר זענט באַרעכטיקט צו אייער מיינונג, אָבער —

ד״ר שוואַרץ קען זיך נאָך אַלץ נישט באַרויקן. ער גייט האַסטיק אַוועק און בלייבט שטיין ביי דער פאַרענטש. ער בייגט זיך אַביסל אַרוי־

בער און וואַרפט נערוועז שטיקלעך פּאַפּיר פון אַ צעריסענעם בריוו אין וואַסער. דער עולם צעקריכט זיך ביסלעכווייז. דער פּרינציפּאַל הייבט אָן איינזען, אַז ער איז באַזיגט, ווערט ער ווייכער און ער פּרוּווט כאָטש האַלטן דעם לעצטן פון דער גרופּע, דעם סקאַנדינאַווער. אָבער דער סקאַנ־דינאַווער פּאָרט שוין אויך נאַשפּיץ איבער דעם פּרינציפּאַל. ער האַלט אים אין איין שטראָפן —

די צרה מיט איך איז, וואָס איר האָט נישט געקראָגן קיין ראַדיקאַלע דערציִונג.

און דער פּרינציפּאַל נעמט שוין אַביסל מילדער אַנטוויקלען זיין געדאַנק, אַז עס איז אַ גרויסער אידעען־קאַמף, ס'איז אַמעריקע קעגן ניו־יאָרק, ניו־יאָרק,ביים שוועל פון עליס־איילאַנד, וואָס שמעקט מיט פּרעמד־קייט, און אַמעריקע, דאָס לאַנד מיט אַ יונגער, אָבער אייגענער קולטור.

אָבער — שרייט דער סקאַנדינאַווער — איר פּאַרזעט אינגאַנצן די עקאָנאָמישע אורזאַכן. איר האָט נישט געקראָגן קיין ראַדיקאַלע דערציִונג. איר מוזט אומבאַדינגט לייענען בעבעלס —

טו העל וויט בעבעל! דזשעפּערסאָן איז גוט גענוג פאַר מיר — שרייט דער פּרינציפּאַל און ער נעמט דער ערשטער לויפן, ווען ער הערט ווי מען פּויקט שוין אין דער קופּערנער טאַץ און מען רופט צו מיטאָג.

## III

דער מיטאָג איז פעט, שאַרף, זאַלציק און זיס. די פישן און די פליישן האָבן אַפילו געקאָכטערהייט דעם טעם פון אייז, אויף וועלכן מען האָט זיי איבערגעוואַלט געהאַלטן פריש. און ווען מען ברענגט זיי אַריין אין עס־צימער און מען דעקט אָפּ די מעטאַלענע שטאַרצן, פאַרדרייט זיך אַביסעלע דער קאָפּ, ווייל דאָס געבראָטנס און געפּרעגלטס שמעקט מיט ים־קראַנ־קייט. די ענגלישע פּודינגס שווימען אַרום אין רויטע, בלויע אָדער גרינע זיסקייטן. שפּעטער אויפן דעק הייבט אָן ווערן אַביסל לייכטער און נאָך עטלעכע מאָל אַרום און אַרום הייבן זיך אָן אויסגרעבצן די אַלע פעטקייטן מיט די שאַרפקייטן און זאַלציקייטן. דאָס ווינטעלע וואָס די שיף יאָגט אָן מיט איר מאַשינעריע אויפן וואַרעמען וואַסער, פּאַטשט אין פּנים, קרייזלט

די האָר, קיצלט דעם שטערן און מונטערט אַביסל אָפּ, ווי פון אַ האַלבן חלשות.

די בעסטע זאַך נאָכן עסן איז אַ שנעפּסל — זאָגט צו מיר דער הויכער פּיאַניסט, ווען ער זעט ווי איך שטיי ביי דער פּארענטש און לאָז זיך דורכפּאַטשן פון ווינטל, וואָס קומט פון צעשניטענעם, צעשוימטן און צעשפּריצטן וואַסער. יעדער שפּריץ וואָס טרעפט מיך אין פּנים, איז ווי געפונען. איך כאַפּ אַ קוק אויף אים און איך דערזע, אַז ער האָט זיין אייגענע עצה אויסגעפאָלגט מער ווי איינמאָל.

דורך דער גאַנצער רייזע האָט מיך דער פּיאַניסט אויסגעמיטן און נישט בלויז מיך אַליין, נאָר אַלעמען. בייטאָג שפּאַצירט ער אויפן דעק מיט אַ בוך אין וועלכן ער האַלט כסדר אַ פינגער, כדי ניט צו פאַרלירן דאָס בלעטל, אָבער קיינער האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געכאַפּט לייענענדיק. ער האַלט אין איין שפּאַנען. ביינאַכט ווען אַלע פאַרברענגען אין רו־זאַל, שרייבן בריוו, לייענען אַ בוך, שפּילן שאַך אָדער ברידזש, פאַלט ער צו צו דער פּיאַנאָ און שפּילט נאָר שאָפּען. דאָס ערשטע מאָל האָט מען געמיינט, אַז גלאַט אַ לץ האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ — אָבער בלויז די ערשטע עטלעכע רגעס. מען האָט זיך גלייך איבערצייגט, אַז מען האָט דאָ צו טון מיט אַ פּיאַניסט. ס׳האָבן זיך אַפילו געפונען עט־לעכע פּרויען, וואָס האָבן געדענקט זיין נאָמען ווי אַ ווירטואָז, וואָס איז עטלעכע מאָל אויפגעטראָטן אין ניו־יאָרק.

ער איז געווען הויך און שטאָלץ געוואָקסן, אָבער ביי דער פּיאַנאָ איז ער געזעסן אַ צוזאַמענגעקאָרטשעטער אין דרייען, מיט דעם קאָפּ כמעט אויף די ביינדלעך, ווי ער וואָלט דאָרט עפּעס אַרומגעזוכט. ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך אַריינגעקוועטשט אין אַ ווינקעלע און גע־שפּילט פאַר זיך. ביי אַזאַ קאָנצערט איז ער שטענדיק אַרומגערינגלט גע־וואָרן פון אַ גרופּע ווייבער און מיידלעך, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט זיינע הענט און געשלונגען די סלינע פון פאַרוווּנדערונג. אָבער נאָך דעם שפּילן האָט ער זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער הויך און אַ שווייגנדיקער אַוועק אין באַר, ווו ער איז געזעסן פאַר זיך, מיטן קאָפּ נאָענט צום גלעזל, אַקוראַט ווי פריִער איבער די ביינדלעך.

געוויינטלעך שפּאַנט ער אַרום אויפן דעק ווי אַ געדונגענער אָן אָפּ־

שטעל, אָבער איצט קוקט ער אויס סיעסטאַ־מעסיק. ער שמייכלט אַפילו און ער איז אויפגעלייגט.

רייזעס ענד! זאָגט ער צו מיר. ער ווידערהאָלט עס עטלעכע מאָל, כדי עס זאָל מיר קלאָר ווערן, אַז ער וויל מיר געבן אַן אָנשפּיל אויף נאָמען פון דער באַרימטער מלחמה־דראַמע.

אָבער אַזוי גיך, ווי ער האָט אַרויסגערופן דעם גייסט פון מלחמה, ווערט זיין פּנים צוזאַמענגעשרופּט און זיין שמייכל פאַרשווינדט.

איר, אַמעריקאַנער, האָט בלויז געזען די מלחמה אויף דער בינע אָדער אין די מוּוויס. איר זענט אַריין אין קריג, ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק. דער דייטש איז שוין געווען טויט און מען האָט פון אייך חוזק געמאַכט, ווען מען האָט אייך געהייסן אין אים אַריינשיסן די לעצטע עטלעכע קוילן. אָבער איר האָט זיך איינגערעדט, אַז איר האָט דעם קייזער ביל טאַקע פאַרענדיקט. מיר האָבן די מלחמה דורכגעלעבט. מיר האָבן אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם גאַנצן בלוט־פאַרגליווערנדיקן געשטאַנק און ס׳וועט נאָך נעמען יאָרן ביז דער גערוך וועט פון אונדז אויסגעוועפּט ווערן.

ער זשעסטיקולירט מיט די גרויסע פיינע הענט, וואָס זענען אַביסל צו האַריק פאַר זיין כמעט מיידלשן פּנים — אַפילו די פינגער זענען באַ־דעקט מיט בערגלעך גאָלד־בלאָנדע האָר. דאָס פּנים זיינס ברענט פון דער משקה, וואָס ער האָט אַריינגעגאָסן. אָבער ער איז נאָך דער באַלעבאָס איבער זיינע פיס, שפּאַצירנדיק ביי מיין זייט. כ׳דערוויס זיך, אַז ער איז אַן ענגלענדער, וואָס איז ערשט מיט פינף־זעקס יאָר צוריק געקומען קיין אַמעריקע. געקומען קיין ניו־יאָרק און גלייך געמאַכט אַ רושם מיט עט־לעכע קאָנצערטן. די פּרעסע האָט געלויבט דעם יונגן ענגלישן פּיאַניסט. מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף זיין שפּילן שאָפּען. ער איז געוואָרן אַן אָנגעלייגטער גאַסט אין אַריסטאָקראַטישע הייזער.

מען האָט אים ענג געמאַכט דאָס לעבן. ער האָט גאָרנישט געזען קיין מענטשן, נאָר בלויז ווייבער און ווייבער. מוזיקאַלישע ווייבער, דאָס זענען משוגענע היסטערישע באַשעפעניש. גוואַלט, ווי נעמען זיך אין אין ניו־יאָרק אַזויפיל מיטליעריקע ווייבער? מען האָט אים פאַרגוואַלטיקט בייטאָג און ביינאַכט און ער האָט זיך נישט געוועהרט. עפּעס האָט ער זיך, דאַכט

זיך, יאָ אַביסל געוועדט, אָבער עס איז געווען גאַנדיזם, אַ סאָרט פּאַסיווער ווידערשטאַנד. אין ניו־יאָרקער רייכע הייזער איז שטענדיק וואַרעם — די פּענצטער פֿאַרמאַכט, די פֿאָרהאַנגען זענען שווערע, רויך פֿון די דאַמ־סקע פּאַפּיראָסן, זיסלעכער גערוך פֿון קאָסמעטיק און שוויס, בייכער און פּלייצעס, וואָס האַלטן זיך מיט דעם כוח פֿון בענדלעך, שנירלעך און קאָר־סעטן און האַלטן אַט־אַט ביי צעפּאַלן. ער איז געצערטלט געוואָרן פֿון אַזוי פֿיל מאַמעס, אַז ער האָט געשפּירט ווי ער שפּילט עדיפּוס יעדן טאָג.

ווייסט איר וואָס עס מיינט אָרעמקייט? ווייסט איר וואָס עס מיינט אַזוינס ענגלישע אָרעמקייט? אויב איר האָט אַמאָל געלייענט אַרטור מאָ־ריסאָנס „טעילס אָוו מיען סטריטס“,1) האָט איר אַוודאי געקראָגן אַ שטיקל באַגריף פֿון אונדזער לוקסוסדיקן דלות. ענגלישן אָרעמקייט — דאָס איז עיפּוש, דאָס איז אויפֿלייז, דאָס איז מענטשן אין רויען צושטאַנד. דאָס איז מענטשן־אַרץ — איינגעשרומפּענע מאָגנס, ברוד און קויט. איך האָב באַדאַרפֿט אויסנאַרן ביי טאַטע־מאַמע אַ שטיקל ברויט. איך האָב זיך באַדאַרפֿט קליגן אין זיך אויפֿהייבן פֿרי׳ער פֿאַרן טאַטן, כדי אויפֿצו־פֿרעסן די איבערגעשטאַנענע און פֿאַרזויערטע חזיר־פּיסלעך. אַוודאי האָב איך געוווּסט, אַז דער טאַטע וועט מיר דערנאָך נישט זשאַלעווען קיין קלעפּ.

איך בין נאָך געווען צו־יונג צו גיין אין מלחמה, אָבער איך האָב די מלחמה סיי ווי געטראָגן אויף די פּלייצעס. אַפֿילו אַ לייזיקן צעריסענעם שינעל געטראָגן — וועגן אַ העמד אויפֿן לייב איז אָפּגערעדט. געשלאָפֿן אין קאַזאַרמעס, געהערט די אָנגעסטראָיעטע, היסטערישע פֿרייד ערב גיין אויפֿן פֿראָנט, געזען די האַלב־משוגענע, פֿאַרווילדטע טאַמיס צוריקקומען אויף אורלויב פֿון „אָוווער־דהערי“,2) געזען אַנגעוואָרפֿן אויף וועגענער פֿאַרוווּנדעטע, פֿאַרקריפּלטע און בלינדע מיט גלעזערנע אויגן, געהערט די מאַקאַבער־מוזיק וואָס האָט געפֿירט צום שלאַכט, געלעגן אין די קע־לערס ראַטעווענדיק זיך פֿון שונאס עראָפּלאַן.

איך האָב געשיכורט, איך האָב זיך, אַ יונגער שנעק, געוואַלגערט מיט שמוציקע ווייבער און געקראָגן דערפֿאַר אַביסל געקעכץ. איך האָב געגנבעט. יאָ, אַפֿילו געגנבעט, כ׳בין געגאַנגען מיט באָרוועסע פֿיס אויף

1) טעילס אָף מיען סטריטס — באַרימט בוך וועגן אָרעמען קוואַרטאַל אין לאָנדאָן.
2) „אָוווער דהערי“ — אַ מלחמה־ליד.

שטעכיקע שטײנער. כ׳בין פֿאַרהונטעװעט געװאָרן, איך האָב געקראָגן כיטרע הינטישע אויגן, װאָס האָבן שטענדיק געזוכט אויסצונאַרן אַ ביסן ביז עס האָט זיך אויף מיר מרחם געװען אַ מײדזשאָרס אלמנה; זי האָט מיך געטראָפֿן אין אַ „פּאָב" 3). זי איז געװען עלטער פֿון מיר מיט אַ יאָר עטלעכע און צװאַנציק. איר מאַן און איר אײנציקער זון זענען געפֿאַלן אין שלאַכט און איך האָב עס באַדאַרפֿט פֿאַר איר װערן בײדע. מײנע אײ־גענע טאַטע־מאַמע, ברידער, שװעסטער, זענען שוין פֿאַר מיר געװען װי אַ בײזער חלום און זי איז געװען אַ גוטע פֿרוי, כאָטש אַביסל אַ היסטע־רישע. װען זי האָט זיך אָנגעשיכורט האָט זיך מיך געטריבן פֿון הויז און געשריגן אַז איך בין אַ ליגנער. איך בין נישט איר זון און נישט איר מאַן און זי װעט מיך דערשיסן װי אַ הונט. אָבער ניכטערערהײט האָט זי געהאַט גוטע, צערטלעכע הענט און גליבט מיר, איך האָב זיך דעמאָלט געניטיקט אין אַביסל צערטלעכקײט. זי איז געװען אַ גוטע קעכין. זי האָט פֿאַר מיר געהאַלטן לערערס און לערערס. די גלידער מײנע זענען אויפֿגעגאַנגען בײ איר אין הויז װי נאָך אַ פֿראָסט, און אין קאָפּ האָט מיר אויך אָנגעהויבן װערן אַביסל קלערער, ביז זי האָט פֿון מיר אויסגעניאַנ־טשעט אַן אַריסטאָקראַט. איר זעט, ניט צו דערקענען אין מיר קײן שפּור פֿון מײנע לײזיקע טאַטע־מאַמע. אַפֿילו דעם נאָמען האָט זי מיר געביטן.

װאָס טויג מיר אָנשטעלן? איך װעל אײך זאָגן פֿראָסט. מײן גאַנץ לעבן בין איך געװען אַ פּראָסטיטוט. און אַז איך בין געקומען קײן ניו־יאָרק און אַרײנגעפֿאַלן צװישן די מוזיקאַלישע װײבער, האָט עס מיך ערשט גע־נומען עקלען. מײן גאָט! זײ האָבן מיך געקעכלט און געלויבט און איך װײס דאָך, אַז דאָס האַרץ איז בײ מיר פֿאַרברענט אויף קויל. ניט נאָר איך, נאָר דער גאַנצער נאָכמלחמה דור. פֿון אונדז װעט שוין קײן לײט נישט זײן. װי קענען מיר געבן דער װעלט שײנקײט, אָדער אַפֿילו קינסטלערישע מיאוסקײט, אַז מיר זענען גלאַט דורכגעװערעמטע מענטשן. אונדזער גע־ניאַלער קינסטלער איז אפֿשר דזשאָיס. ער האָט געגומען אירלאַנד, איר אָנגעטאָן אַ פּראַק מיט אַ צילינדער און איר אַרונטערגעלאָזט די הויזן. אָבער דזשאָיס איז עלטער פֿון אונדז. אין צײט פֿון דער מלחמה איז ער

---

3) פּאָב — שענק.

שוין געווען רייף גענוג צו זיין באַאָבאַכטער, אָבער מיר זענען געווען אין פאַרשאָלטענעם קרייז, מיר האָבן גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט. די מלחמה האָט אַרויסגעוואָרפן טויטע און נאָך ניט געשטאָרבענע. זיי, די ווייבער און די ניו־יאָרקער רעצענזענטן, האָבן מיר געוואָלט איינ־שמועסן, אַז איך בין געניאַל. איך ווייס אָבער צופיל, וואָס עס הייסט אַזוינס פיאַנאָ־שפּילן. איר האָט אַמאָל געהערט האָפּמאַנען?

בין איך אַנטלאָפן קיין דעלאַווער. איך בין איצט דער מוזיק־לערער אין אַ רייכן מיידלשן אוניווערזיטעט. אַלץ ווייבער! מיר איז שוין אַזוי באַשערט. אָבער דאָס זענען אַנדערע ווייבער. יונגע מיידלעך וואָס פאַר־ליבן זיך געוויינלעך אין לערער און שיקן אים אַנאָנימע ליבע־בריוולעך מיט ציטאַטן פון קיעטס און שעלי. ס׳איז אַ קליין שטעטל און דאָס שענסטע אין שטעטל זענען די וועגן אין וועלדל. איך האָב הנאה זיך דורכצורייטן אויף מיין פערדל און אַפילו ווען עס רייט לעבן מיר אַ מיידל, וואָס פלאַפּלט וועגן דרייזערן, בערנאַרד שאָון אָדער מענקענען — דאָרט אין דעלאַווער האַלט מען נאָך ביי מענקענען — איז עס אַזאַ פלאַפּל, וואָס שטערט דיר נישט צו קוקן אויף דעם צעפלאַמטן הימל.

די לערערין פון וויסקאָנסין איז צוגעקומען און נאָך איידער זי האָט געהאַט צייט זיך צו באַגריסן, האָט זיך דער פיאַניסט אַנטשולדיקט און איז גלייך אַוועק.

די וויסקאָנסינער איז געבליבן שטיין און זי האָט זיך הויך פאַנאַנ־דערגעלאַכט. איר געלעכטער האָט געקלונגען אומאַנגענעם און היסטעריש.

וואָס האַלט ער אין איין ליפּן? איך לויף אים שוין נאָך עטלעכע טעג און וויל מיט אים פאַרקניפּן אַ שמועס, אָבער ער לאָזט נישט. איר זענט אַ מבין ווי שיין ער איז?

אָבער ער איז אַן אויסגעהוילטער מענטש. אַ מענטש, וואָס האָט נישט קיין האַרץ און נישט קיין לונגען.

יאָ, — כאַפּט זי אונטער, — אַ וואונדערבאַרער ראָבאָט, אַ מידער טויטער.

וואָס־זשע לויפט איר אים נאָך?

ס׳איז טשיקאַווע. טשיקאַווע אָנצוואָרעמען אַזאַ מענטשן, ווי מען וואַרעמט אָן אייגענע אויערן נאָך אַ פרעסטל.

אָדער ווי מען רייבט אָן די קאַלטע פיסלעך פון עמעצן וואָס איז דיר ליב.

אַקוראַט! אָבער ער איז אַביסל אומהיימלעך.

ער האָט פיינט פרויען. אמת פיינט פרויען, זאָג איך.

זי זיפצט אָפּ.

ווער ווייסט, וויפל פרויען ער האָט עס דורכגעהאַסט!

אַ פּאָרל גייט פאַרביי. זי איז יונג, שיין, אָבער אַלץ אין לינקן פּראָפיל. אין פולן געזיכט ווערט זי אינגאַנצן אַן איבערגעענדערטע. דאָס רעכטע אויג איז בלינד. אויף דעם גאַנצן שוואַרצאַפּל ליגט אַ לאַטע, אַז עס גיט דיר אַ קלעם ביים האַרצן צו קוקן אויף דעם דאָזיקן אויג, וואָס מאַכט אַ תל פון אַ שיין מויל, אַ פראַכטפולן קאָפּ און פון אַ צווייט ליבטיק, בלוי און דערשראָקן אויג. איר מאַן איז עלטער פון איר און אינגאַנצן אַ צעבראָכענער. ער וויגט זיך אויף פלאַכע פיס, ווי אויף קוליעס. זי האַלט אים פעסט ביים אָרעם, ווי ער וואָלט געווען איר איינציקער אויסוועג און ער טוליעט זיך צו איר מיט ליבע, ווי זי וואָלט געווען דאָס בעסטע וואָס ער האָט פאַר זיך געקענט אויסבעטן. זייער ליבע איז רירנדיק.

צי איז דאָס דערפאַר, וואָס די רייזע האַלט שוין ביים סוף, זאָגט מיר די לערערקע, אָבער איך פיל אַ דריקעניש ביים האַרצן. איך וועל זיך נאָך היינט אָונט צעוויינען. זייט פאַרזיכטיק, אַז עס זאָל נישט געשען אויף אייער האַלדז. אַלץ רופט ביי מיר אַרויס טרערן. איר האָט געזען דאָס פּאָרל? אַז איך גיב אַ טראַכט ווי דאָס האַלב־בלינדע מיידעלע איז געוואָקסן זאָרגלאָז און שטיפעריש, ביז עס איז איר קלאָר געוואָרן אין שפּיגל, אַז זי וועט מוזן מאַכן קאָמפּראָמיסן, ביז זי האָט זיך ענדלעך צוגעוווינט צו איר לאַגע און צו איר מאַן — גלוסט זיך מיר וויינען. איך זאָג אייך, אַז עס איז בלויז דערפאַר, וואָס די רייזע אונדזערע אַהין האַלט שוין אָט־אָט ביים סוף. מיר ווערט אַלעמאָל שווער, ווייל דאָס האַרץ מיינס לויפט שטענדיק פאָרויס. איך זע שוין פאַר זיך דעם גאַנצן זומער. שוין, אָפּגעזומערט. דו שטייסט שוין און דו געזעגנסט זיך ביים צוג מיט דיינע בייע פריינט, מיט דעם ביסל פאַרייזער פרייהייט. אַריינגעכאַפּט נאָך אַ זומער. שוין, מען פאָרט שוין צוריק, אַלעמאָל ווען איך פאָר ערגעץ, דאַכט זיך מיר, אַז איך פאָר שוין צוריק. ווער ווייסט ווי ווייניק זומערן מיר

זענען נאָך באַשערט אַזעלכע? און ווער ווייסט ווען איך וועל שוין מער קיין ברירה נישט האָבן און איך וועל זיך אויפהענגען אויף אַן אַלטן מאַן און זוכן שוץ. איר ווילט אפשר וויסן ווי אַלט איך בין?

דער פּיאַניסט לויפט פאַרביי מיט דעם ביכל אין האַנט. זי קוקט אים נאָך מיט הונגעריקע ליפּן.

ווייסט איר וואָס? לאָמיר דערהרגענען אַביסל צייט איז אַרונטערגיין אין דריטן קלאַס.

אדרבא! ס'איז אַן אויסגעצייכנטער פּלאַן. איך האָב דאָרט אַפילו עטלעכע באַקאַנטע יונגעלייט, די שיף־מוזיקאַנטן. זיי זענען געווען מיינע ערשטע באַקאַנטע אויפן שיף, אָבער די קלאַסן האָבן אונדז צעטיילט.

מיר שטייען ביים טירל, וואָס פירט אַרונטער עטלעכע טרעפּ צום דריטן קלאַס. עס איז בלויז אַ האַלבער גאָרן, אָבער די גאַנצע עטלעכע טעג זענען מיר געשטאַנען און געקוקט איינע אויף די אַנדערע ווי דורך אַ טעלעסקאָפּ. זיי צו אונדז האָבן געקוקט אַרויף, ווי מיר אַרויף צום ערשטן קלאַס, צו אַן אַנדער וועלט. דאָס לעבן האָט זיך אונטן, אויף דעם שמאָל רעזערווירטן שטיקל זון־דעק, באַוועגט לאַנגזאַם, שטיל און פויל. מען האָט, דאַכט זיך, געטון דאָס זעלבע ווי ביי אונדז — געשפּילט קראָקעט, זיך געזוניקט, אָבער איבער אַלץ, אַזוי האָט אויסגעזען פון אויבן, איז געלעגן אַ וואָלקן. ס'איז געווען ווייניק פרייד אונטן. ביי אונדז איז די רייזע געווען אַ צוועקלאָזע, אָבער לויט די מערסטע פאַרזאָרגטע פּנימער אונטן, האָט מען געקענט זען, אַז דאָס פאָרן אַליין איז אַן אָפּקומעניש, ווייל מען פאָרט דאָרט אין אַ באַשטימטן ערגעץ און מען טראַכט שוין איצט וועגן דעם אָנקומען.

אָבער אַפילו פון אויבן האָט מען געקענט זען אַז די זוניקסטע גרופּע אונטן איז די קאַפּעליע פון די יונגע סטודענטן. די יונגע מוזיקאַנטן האָבן אויסגעזען אויסטערליש, צווישן דעם פאַרזאָרגטן עולם, אין זייערע ווייסע זומערדיקע רעקלעך אויף טונקעלע הויזן.

די יונגען האָבן זיך מיט מיר גאָר אַרומגעכאַפּט. זיי האָבן גלייך דערקענט דעם פּאַסאַזשיר מיט וועמען זיי האָבן פאַרבראַכט די ערשטע עטלעכע שעה אויפן וואַסער. און אַזוי ווי מען האָט גראָד סערווירט נאָכ־

מיטיק־טיי, האָט מען אונדז פֿאַרבעטן ווי אָנגעלייגטע געסט אויף טיי מיט קיכלעך.

מיין באַגלייטערין האָט זיך אויך צעוואַרעמט. די יונגע סטודענטן זענען פֿאַר איר געווען אַ גרוס פֿון איר טאָג־טעגלעכקייט. אמת טאַקע אַז פֿון דער טאָג־טעגלעכקייט אַנטלויפֿט זי מיט פֿאַרגעניגן, אָבער דאָ אויף דער שיף איז גוט זיך צו דערמאָנען, אַז ערגעצוווּ איז פֿאַראַן אַ ווינקל, ווו מען שפּילט אַ שטיקל ראָלע אין לעבן.

זי האָט זיך צערעדט מיט די סטודענטן וועגן אוניווערזיטעט לעבן. מען האָט גלייך גענומען דערציילן אוניווערזיטעט־אַנעקדאָטן — ווי אַלע צעך־וויצן, טרוקן ווי ביין פֿאַר פֿרעמדע, אָבער אַן אמתער קוואַל פֿון געלעכטער פֿאַר אייגענע.

די סטודענטן זענען אויך געווען איבערגליקלעך. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס זיי האָבן געהאַט אַן אינטימערן צוטריט צו אַן אוניווערזיטעט־לערערקע. די אַנעקדאָטן האָבן אָנגעהויבן שמעקן גאַנץ שטאַרק מיט צוויי־דייטיקייט, אָבער די לערערקע איז זיי אַנטקעגנגעקומען און דאָס האָט גאָר אויסגענומען ביי די יונגעלייט, וואָס האָבן קוים גע־האַלטן ביי דער גרענעץ פֿון צוואַנציק. זיי האָבן געלאַכט הויך מיט אַן אומגעצאַמטן יינגלשן געלעכטער, וואָס האָט געריסן די אויערן. אַלע שפּאַנישע ווענטלעך צווישן דער לערערן און די סטודענטן זענען געפֿאַלן, און ס׳האָט גענומען אַ ווייל און זי איז שוין אויסגעוואַקסן ביי עמעצן אויפֿן שויס און אַלע האָבן זי שוין גערופֿן ביים ערשטן נאָמען.

די מוזיקאַנטן האָבן געכליאַפּטשעט טיי און זענען געווען קאַוואַלע־ריש פֿאַרנומען מיט דער לערערן און די לערערן מיט דער גרויסער אויפֿ־מערקזאַמקייט וואָס זי האָט געקראָגן. פּלוצים האָב איך באַמערקט אַז איי־נער פֿון די סטודענטן לאַכט נישט, נאָר ער לאַכט מיט, ער גרילצט נישט, נאָר ער גרילצט מיט — ער מאַכט זיך פֿריילעך.

אַקוראַט ווי מען דערזעט עס אַמאָל אין אַ בורלעסק, ווען ס׳קומט אַרויס די גאַנצע סטאַדע נאַקעטוואַרג און מען נעמט זינגען דורך דינע נעזלעך. אַלע וואַרפֿן דעם ליבן פּובליקום אַ שטיק ציטערדיקס. מען דריגעט מיט די פֿיס, מען דריגעט מיט די היפּטן. יעדער קערפּער איז געפּרווירענע פּישיויך. אַ וואָרף אַ שטיק צו אַ לאָזשע, צו איינעם אין

אָרקעסטער, מען פאַרזעט אַפילו נישט די אָרעמע גאַליאָרקע — כאַטש שטעל אויף די הענט און כאַפּ. די טאַצן מיט די פויקן זענען הייסע קוילן אונטער די פיס, אָדער בייטשן איבער די קערפּערס, זיי הייצן אונטער די געפילן. און מיטאַמאָל דערזעסטו ווי פון גאַנצן טומל טיילט זיך אויס איינע, וואָס מאַכט נאָך אַלע שאָקלענישן און אַלע באַוועגונגען מיט אַ קאַליסטענישער קאַלטקייט. זי דריגעט מיט איר קערפּער נאָך שנעלער ווי אַלע אַנדערע, זי הייבט דאָס פּיסל נאָך העכער, אָבער זי שטערט בלויז די האַרמאָניע. וואָס מער מען קוקט אויף איר אַלץ מער דערזעט מען דעם חוזק, ווי זי וואָלט שאַרזשירט די גאַנצע אויפגעפּויקטע מעשענע פרייד.

דער סטודענט כאַפּט מיין בליק און ער רוקט זיך צו נענטער צו מיר. און פון דער העלער הויט וויל ער וויסן אויב איך בין אַ ייִד.

אַנטשולדיקט, וואָס איך שטעק אַריין מיין נאָז אין אייערע געשעפטן. איך וויל דאָס וויסן, פּשוט, ווייל איך אַליין בין אויך אַ ייִד און מיר דאַכט זיך אַז איר זענט אַ ברודער.

נייטיקט איר זיך טאַקע אַזוי שטאַרק אין אַ ברודער?

ער ענטפערט מיר נישט דירעקט אויף מיין פראַגע. ער דערציילט מיר אַז דער טאַטע זיינער איז אַ דאָקטער אין אַ קליין שטעטל אין וועסט־ווירדזשיניע. אַמאָל האָט ער געמאַכט גאָר אַ שיין לעבן, אָבער היינט איז שוין ווייט נישט ווי אַמאָל. הינטער דעם טאַטנס פּלייצעס גייט אָן אַ שטילער באָיקאָט, די מערסטע קריסטן גייען צום צווייטן דאָקטער אין שטעטל, אויך אַ קריסט. כאָטש גוט, וואָס דער טאַטע האָט אָפּגעשפּאָרט אַביסל אויף אַ רעגנדיקן טאָג און מען קען זיך דורכשטופּן. אין אוניווער־זיטעט? די פראַגע איז נישט אַקטועל. צו ווייניק ייִדן, אָבער ווי ווייניק זיי זענען האָט מען זיי נישט איבעריק ליב.

אפשר קענט איר מיר זאָגן פאַרוואָס? מיין טאַטע האָט מיך ניט געלערנט נישט קיין העברעיִש און נישט קיין דאַווענען און נישט קיין ייִדי־שע געשיכטע. ער האָט מיר אַפילו נישט איינגעגעבן דעם חשק, אַז איך זאָל זיך אַליין ווערן באַקענען מיט ייִדישער געשיכטע. איך קען זייער ווייניק ייִדן, בלויז מיינע טאַטע־מאַמע און עטלעכע פעטערס מיט מומעס — איך מוז אייך זאָגן, אַלע פיינע מענטשן. איר זענט אַ ניו־יאָרקער. דאָרט

זענען דאָ אַ סך ייִדן. אפשר קענט איר מיר פּאָרט געבן דעם שליסל צו דער דאָזיקער שנאה? ביי מיר איז עס אַ פּראָבלעם.

פֿאַראַן אַ סך שליסלען. איר קענט זיך אויסקלייבן וואָסער שליסל איר ווילט. איר קענט זיי צופּאַסן לויט אייער גוסט. פֿאַראַן אַ נאַציאָנאַלער שליסל, פֿאַראַן אַ מאַרקסיסטישער, פֿאַראַן אַפֿילו אַ מאַזאָכיסטישער. אַ סך ייִדן טרייבן איבער זייערע אייגענע חסרונות, כדי צו ראַציאָנאַליזירן די שנאה צו זיך. און וואָס הערט זיך עפּעס מיט דעם איינפֿאַכן הערעדיטערן שליסל? בלוט, ירושה פֿון דורות. אַ קינד זויגט דער מאַמעס ברוסט, זויגט דעם גלחס ברוסט. איז אייך דען דאָ שלעכט?

חלילה, אויסגעצייכנט. מען באַהאַנדלט אונדז אַלעמען פּרינצלעך. שפּילן דאַרפֿן מיר בלויז אַ שעה נאָכמיטאָג און עטלעכע שעה אין אָוונט. די עסנס זענען געשמאַקע און מיינע קאָלעגן מוזן זיך צו מיר באַציִען גוט, אַלנפֿאַלס אויסערלעך. איך בין עס דער פּיאַניסט, דער פֿירער פֿון אונדזער קליינער קאַפּעליע.

אָט־אָט. אָט האָט איר נאָך אַ שליסל, אויב איר ווילט. איר זענט דער פֿירער און זיי מוזן זיך באַציִען גוט. אָט־דער מוז איז ווי אַן אָנגעצויגענער רימען, וואָס מוזן פּלאַצן. איר זענט דער פֿירער. אפשר וואָלט שוין צייט געווען, אַז מיר זאָלן זיי לאָזן זיך אַליין פֿירן. זאָלן זיי זיך פֿירן פֿאַר די קומענדיקע עטלעכע הונדערט יאָר און זען וואָס זיי וועלן אויספֿירן.

און וואָס טוט מען מיט נאַטירלעכע פֿעיִקייטן. וואָס טוט מען, אַז איר זענט פּאָרט אַ גוטער דאָקטער, אַ גוטער פּיאַניסט, אַ גוטער עקאָנאָמיסט. דאַרף מען דאָס נעמען אָפּטויטן אין זיך, ווייל אַזוי ווילן די קריסטן? וואָס טוט מען, אַז איר ווערט נאַטירלעך געשטויסן פֿאָרויס דורך אייערע פֿעיִ־קייטן?

הייסט עס, אַז דער שליסל איז נישט לויט אייער גוסט. מילא, וועט איר זיך צוזוכן אַן אַנדערן. אַבי דאָס פּראָבלעם, ווי איר זאָגט, האָט אייך אַ פּאַק געטון ביים גאָרגל, וועט עס אייך אַזוי גיך נישט אָפּלאָזן.

צוויי מיטליעריקע פֿרויען קומען צו צום לאַנגן טיש. זיי זעצן זיך אַוועק טרינקען טיי. איינע טראָגט אַ גרויסן שוואַרצן צלם. ביידע פֿרויען האָבן פֿאַרגעלטע פּנימער, אויסגעאַרבעטע הענט, וואָס קוקן אויס ווי אַלטע צווייגן און אַפֿילו די פֿיס אין די שיך זעען אויס צעדרייט און צעקרומט.

דער לעדער איז אויפגעשוואָלן דורך די גראָבע פיס־פינגער און די הי־בער־אויגן און די אַלע אַנדערע טרעט־אָרנאַמענטן וואָס קומען געוויינלעך מיט שלעכטע פיס. די הענט זענען ריין, די העלדזער ריין און די פנימער ריין, אָבער די ריינקייט איז דורכגעשפּרענקלט מיט קויטיקייטן, וואָס האָבן זיך איינגעגעסן אַזוי, אַז זיי פיגמענטירן אַזש די הויט — קויטיקייטן, פון וואַשן גרעט, שייערן, קאָכן און אַרבעטן, וואָס האָבן זיך טיף אריינגע־גראָבן אין דער דיקער הויט.

ביידע פרוביען רעדן פויליש. איך לאָז איבער מיין יידישן ברודער מיט זיינע פּראָבלעמען און איך וואַרף זיי צו עטלעכע פריינדלעכע ווער־טער. די מיט דעם צלם ענטפערט מיר אינגאַנצן נישט. די צווייטע ענט־פערט, אָבער אינגאַנצן אָן צוטרוי, כאָטש איך רעד איר שפּראַך.

איך געווין סוף־כל־סוף יאָ אַביסל איר צוטרוי, ווען זי געפינט אויס, אַז מיר ביידע פאָרן זיך זען מיט טאַטע־מאַמע אין פוילן. זי פאָרט ערגעץ קיין גאַליציע, וואָס איז איצט זשעמיאַ פּאָלסקאַ.1) די טאַטע־מאַמע זענען זייער אַלט און זייער אָרעם. דאָס הייזל האַלט ביי איינפאַלן. ס׳רעגנט שוין נישט אַריין, נאָר עס ליאַפּעט. פירט זי אַביסל געלט צו פאַרריכטן די כאַ־לופּע אָדער גאָר אפשר אויסבויען אַ נייע, אויב ס׳וועט זיך לאָזן.

איר בענקט עפּעס נאָך פוילן?

איך האָב שוין דערוואַקסענע קינדער אין אַמעריקע. ניין, איך בענק נישט.

זי בענקט אַפילו נישט נאָך דעם שטעטל אין פּענסילוויינִיע, ווו איר מאַן און אירע צוויי זין אַרבעטן אין אַ קוילן־מינע. זי איז בכלל צו אויס־געהאָרעוועט און אויסגעמוטשעט אַז זי זאָל האָבן צייט צו בענקען.

זי קוקט מיך אָן און זי פאָרשט מיין פּנים עטלעכע מינוט, ביז זי פּלאַצט אַרויס.

איך בענק נאָך רוסלאַנד, דעם אַרבעטערס פאָטערלאַנד.

איר זענט אַ קאָמוניסטקע?

און אַז יאָ וואָס איז? — ווערט זי טראַציק.

מיין מאַן, זאָגט זי, האָט אַ גראָבן קאָפּ. צופיל פאַרגאָסן אים מיט

1) זשיעמיאַ פּאָלסקאַ — פוילישע ערד.

בראָנפּן. ער פֿאַרשטייט בשום אופן נישט, ווי אַזוי מיר וועלן איבערנעמען די קוילן־מינעס און באַגראָבן דאָרט די אייגנטימער, אַז די כאָליערע וועט זיי כאַפּן. זאָלן זיי פֿאַרשוואַרצט ווערן דאָרטן. זאָלן זיי דערשטיקט ווערן, זאָלן אויף זיי איינפֿאַלן די ווענט. אָבער די זין לייענען שוין יאָ קאָמוניס־טישע ליטעראַטור און מיט מיר האָבן זיי גאָרנישט געהאַט קיין שווערע אַרבעט. דער מאַמעס האַרץ האָט זיי גלייך פֿאַרשטאַנען.

טייערע קינדער, ערנסטע ווילדע יונגען, טרינקען נישט, ברענגען אַהיים דאָס ביסל אָרעם געלט, ווען מען אַרבעט. נאָר דאָס מיידל איז נישט קיין לייט. זי וויסט בלויז צו פֿאַרבן און צו פּאַטשקען זיך אַ גאַנצן טאָג און טראַכטן פֿון יונגען. פּע, פּאַסקודנע מיידלעך אין אַמעריקע.

די זין זענען שוין אַביסל צו ערנסט. וואָס זענט איר אַזוי פֿאַר־זאָרגט, פֿרעג איך מײַנע טייערע גרויסע זין. וואָס זאָלן מיר נישט זאָרגן? — ענטפֿערן זיי. מיר טראַכטן פֿון דעם טאָג ווען דו, מאַמע, וועסט דער־לעבן אַ סאָוועטן־אַמעריקע. צייט איז שוין טאַקע. זיי האָבן גענוג גע־טראָטן אויף אונדז. שוין צייט אַז מיר זאָלן טרעטן אויף זיי.

די מיט דעם גרויסן צלם אויפֿן האַלדז, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, צעוויינט זיך פּלוצים און זי כליפּעט נאָך:

שוין צייט אַז מיר זאָלן טרעטן אויף זיי.

די קאָמוניסטישע מאַמע דערציילט מיר, אַז דער ווינענדיקער פּרויס מאַן איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אומגעקומען אין אַ מינע־קאַטאַסטראָפֿע. זי האָט איין זון, וואָס האַלט זי אויס. ער איז אַ שיינער שטאַרקער יונג, אָבער ער וויל בשום אופן נישט חתונה האָבן, ווייל ער וויל נישט דער־ווייטערט ווערן פֿון דער מאַמען. זי פֿאָרט אויך ערגעץ קיין גאַליציע, אירס אַ פֿעטער האָט איר דאָרט איבערגעלאָזט אַ ירושה, וואָס וועט אויף אַמעריקאַנער געלט באַטרעפֿן עטלעכע הונדערט דאָלאַר.

ס׳איז שוין באַלד צייט צו עסן וועטשערע, אָבער די אוניווערזיטעט־לערערן קען זיך קוים אָפּרייסן פֿון די סטודענטן. זיי זאָגן אונדז צו, אַז שפּעט אין אָוונט, ווען זיי וועלן פֿאַרטיק ווערן מיט דעם שפּילן, וועלן זיי זיך אַריינשמוגלען צו אונדז און פֿאַרברענגען אויף אונדזער דעק די לעצטע נאַכט אויפֿן ים.

## IV

כ׳האָב נישט געקענט פאַרגעסן די טישן, שטולן און פּאָדלאָגעס פון דריטן קלאַס. אַלץ איז געווען זויבער און ציכטיק, אָבער פון דער גאַנצער זויבערקייט האָט געשלאָגן מיט דער ריינקייט פון אַן אינסטיטוציע. אמת, עס איז נישט געווען קיין שפּור פון דער אָרעמקייט און דעם גהינום, וואָס מען האָט אַמאָל גערופן די אימיגראַנטישע צווישנדעק און וואָס איך אַליין האָב שוין נישט דורכגעמאַכט, נאָר געהערט פון עלטערע אימיגראַנטן. אָבער די גאַנצע צייט וואָס איך בין דאָרט געזעסן, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ערגעץ וועט זיך עפענען אַ טיר און עמעצער וועט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ און אַ שאָקל טון אויף ניין. דער ענטפער וועט אונדז אַלעמען פּריטש־מעליען, מיר וועלן זיך אַלע אויפהייבן פון די הילצערנע בענקלעך און זיך פילן זייער אומגליקלעך.

ס׳האָט געשמעקט מיט דער זויבערקייט פון וואַרטצימער אין אַן אַנ־שטאַלט — אַ שפּיטאָל, אפשר אַ פּלאַץ ווו אַרבעטלאָזע וואַרטן אויף אַר־בעט, אָדער ווו אָפּדאַכלאָזע וואַרטן אויף אַ געלעגער, אָדער גאָר אַ גמילת חסדים ווו מען וואַרט אויף אַ קליינער הלוואה, וואָס מען דאַרף האָבן ווי מען דאַרף לופט. אָט־אָט וועט זיך ווידער עפענען די טיר און עמעצער וועט ווידער אַ שאָקל־טון אויף ניין.

די צוויי פּוילישע פרויען וועלן זיך אויפהייבן. די פאָרמלאָזע אויז־צעדרייטע פּיס קענען קוים אויפהאַלטן די וואָג פון די ברייטע באָקעס פון די שווערע און אויסגעוואַלגערטע בריסט. דאָס זענען פון יענע שווערע און אויסגעמאַטערטע פּיס, וואָס זענען די ערשטע פון דעם גאַנצן אויס־געהאָרעוועטן קערפּער צו קאַפּיטולירן. די פּיס־פינגער אַריבערגעפלאָכטן איינער אויפן אַנדערן, דער קליינער פינגער איינגאַנצן אָן אַ נאָגל, אַרויפ־געקאָרטשעט אויפן צווייטן, דער צווייטער איינגעגראָבן אין דריטן, וואָס האָט שוין דורך דער צייט אויסגעאַרבעט אַן אָרט פאַר דעם צווייטן פינגער צו ליגן באַקוועם ווי אין אַ שייד. דער גראָבער פינגער אויסערגעווינלעך גראָב, מיט אַ שוואַרצן צוגעקלעמטן נאָגל, סטאַרטשעט אַרויס אינגאַנצן אָן אַ זייט פון שוך, כמעט דורכבויערנדיק אַ לאָך. דער שוך איז צעוויגט אויז צעפאָרן.

ביידע אויסגעהאָרעוועטע פרויען וועלן זיך אַרונטערלאָזן אויף די קני און זיי וועלן רייבן די פּאָדלאָגעס מיט גרויסע באַרשטן, איינגעטונקען אין שיסלען מיט מידלינעס.

אויפן דעק איז שוין גוט טונקל. דאָס וואַסער זעט מען מער נישט. מען מוז זיך גוט אַריבערבייגן איבער דער פּאַרענטש, ביז מען דערזעט ווי ס׳בליצט אויף ווייסער שוים אויפן פינצטערן וואַסער, ווי אַ מויל ווייסע געזונטע ציין אויף אַ שוואַרץ פּנים.

ס׳ווערט פייכט און עס שוידערט מיך. און מיט דעם שוידער קומט מיר ווידער אויפן געדאַנק מיין מומע גנענדלס בריוו וועגן מיין מאַמען. אירע אויערן זענען געל ווי וואַקס, זאָלסט תיכף אַלץ איינפּאַקן און פאָרן און השם יתברך זאָל העלפן דו זאָלסט זי נאָך טרעפן.

מיין מאַמעס אויערן מיט צוואַנציק יאָר צוריק. קליינע אויערן מיט לעכעלעך פאַר גרויסע אוירינגלעך. שמאָלע לעכעלעך. אָבער יעדער מאָל ווען איך, אַ קליין יינגל, האָב געטראַכט, ווי מען האָט גענומען אַ גרויסע אָנגעגליטע הוט־שפּילקע און איר, אַ קליין מיידעלע, דורכגעשטאָכן די אויערן, האָב איך געמוזט פאַרמאַכן די אויגן און אויפציטערן. דאָס פּנים — ערנסט, טרויעריק, זעלטן ווען ס׳האָט געלאַכט, ווען נישט ווען גע־שמייכלט — געלבלעך אָבער שיין. אַ ליכטיקער שטערן, וואָס איז גע־וואָרן נאָך ליכטיקער, ווען די מאַמע האָט אַרונטערגענומען דאָס שייטל. איצט זענען אירע אויערן געל ווי וואַקס.

אַ קאַלטע האָפענונגסלאָזיקייט האָט מיר אַ קלעם־געטון ביים האַרץ. איך און מיין מאַמע, מיר האָבן שוין אָפּגעלעבט צוויי־צענדליק יאָר זייט יענער נאַכט, ווען זי איז געשטאַנען אויפן וואָקזאַל און אין דער פינצטער געבראָכן די הענט, וואַרטנדיק אויף דעם צוג וואָס האָט מיך, וואָס באַ־לאַנגט איר, געפירט גלייך, אָן אָפּשטעל, קיין אַמעריקע. שוין אַוועק צוואַנ־ציק יאָר און איצט פאָר איך צוריק אַהיים אַ קוק צו געבן אויף אירע געלע אויערן.

ווי די מאַמע האָט ניט געקעמפט קעגן מיין פאָרן, האָט זי זיך פונדעסטוועגן געמוזט אונטערגעבן. דעם טאַטנס געשעפטן זענען געגאַנגען וואָס אַ טאָג אַלץ ערגער. ס׳איז געוועזן קלאָר, אַז עס האַלט שוין גאָר נאָענט, ווען מען וועט דאַרפן פאַרלייגן די שטאַבעס און אויפהענגען אַ

שלאָס. אַפילו דעם טאַטנס שותּף, עזרא, האָט זיך ביסלעכווייז גענומען בייגן. עזרא האָט געהאַט אַ שטאָלץ גויִשק פּנים. די הענט זיינע האָבן געציטערט פון עלטער, דער קיילעכדיקער גרויער קאָפּ האָט געציטערט און דאָס גרויע געשוירן בערדל האָט געציטערט. ער האָט נישט געקענט נישט שרייבן און נישט לייענען, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אַריסטאָקראַט, ווייל זיין צוויט ווייב איז געווען אַ ליטוואַטשקע און איז געגאַנגען אין די אייגענע האָר, און ווייל זיין זון איז געווען אַ גימנאַ־זיסט. ער האָט געהאַקט אַן אומגראַמאַטישן פּויליש און רוסיש, אָבער מיט אַ גוטער אויסשפּראַך. טאָמער איז אַריינגעקומען אַ הויכער רו־סישער טשינאָווניק, אָדער אַ רייכער פּאָליאַק, איז ער גלייך אויפ־געשפּרונגען. פּראָסטערע גויִים און יידישע קונים האָט ער געלאָזט פאַר דעם טאַטן. געוויינטלעך פלעגט דער טאַטע מוזן איבערנעמען זיינע אײדעלע קונים אויך, ווייל טאָמער האָט מען זיך מיט אים גענומען שטאַרק דינגען, איז ער געוואָרן האַנאַראָווע און ער האָט גלייך געגעבן אַ לאָז אַריין אַ שפּילקע: צאָ פּאַן מישלי, טוטאַי יעסט טאַרג? 1) טאַרג האָט געהייסן דער גויִשקער מאַרק, ווו טאַנדעט־געשעפטן האָבן פאַרקויפט קליידער בחצי־חינם.

אָבער אַפילו דער שטאָלצער עזרא האָט שוין גענומען אַרונטערבייגן דעם קאָפּ און זיך אונטערגעבן, ווען אין געשעפט האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן מאָדנע קונים, פּויערים אין סערמיגעס, וואָס אויב זיי פלעגן אַמאָל, אין די גוטע צייטן, פאַרבלאָנדזשען צו אונדז אין געשעפט, האָט ער זיי געיאָגט ווי די דערשראָקענע הינער: יידזשטשע! טען סקלעפּ ניע דלאַ וואַס! 2) ניעמאַם ניץ! 3).

ער אַליין איז טאַקע נאָך אַלץ נישט צוגעגאַנגען צו זיי, אָבער אַז דער טאַטע האָט זיי באַדינט און געצויגן דעם פּאַלטן אַרויף און אַרונטער, האָט עזרא צוגעמאַכט די אויגן און אַרויסגעלאָזט איין זיפץ נאָכן אַנדערן: אַ שיינע עלטער האָסטו מיר געשאָנקען, נישטאָ וואָס צו רעדן, אוי, רבונו של עולם!

1) צאָ פּאַן מישלי, טוטאַי יעסט טאַרג — וואָס קלערט איר, דאָ איז אַ מאַרק?
2) יידזשטשע, טען סקלעפּ ניע דלאַ וואַס! — גייט, די קראָם איז ניט פאַר אייך.
3) ניעמאַם ניץ — איך האָב גאָרנישט.

ס'איז געווען דעמאָלט, ווען די פּאָליאַקן האָבן זיך גענומען אָפּרע־בענען מיט די ייִדן פאַר העלפן דערוויילן דעם אַרבעטער־דעפּוטאַט יאַ־געלאָן אין דער דומע און נישט אַן אויסגעשפּראָכענעם אַנטיסעמיט, ווי זיי האָבן דווקא געוואָלט. דער באָיקאָט האָט זיך אָנגעהויבן אויף קאַטאָ־ווֶעס, אָבער ער האָט זיך גענומען טיף אַריינבייסן אין די ייִדישע גע־שעפטן. אַפילו אין דעם גרויסן כאַזאַנאָוו־געשעפט איז מען אָפּגעשטאַנען טעג אָן אַ רובל לייזאַכץ. די וועקסלען זענען געלאָפן. דער טאַטע האָט זיך געזוכט צו ראַטעווען מיט אַנאָנסן אין דער פּוילישער צייטונג „זשעמיאַ לובעלסקאַ" 1). דער „פּאָליאַק־קאַטאָליק" 2) האָט איבערגעדרוקט דעם טאַטנס אַנאָנס און אים עדיטאָריעל צעלייגט אויף טעלערלעך, פאַרוואַר־פנדיק זיין שכנה, דער „זשעמיאַ", הלמאי זי נעמט אָן ייִדישע אַנאָנסן.

מיין שיפסקאַרטע איז שוין געלעגן אין אַ בלעכענער פּושקע אין קאַמאָד. איך האָב געציילט די חדשים, די וואָכן. די מאַמע אַליין האָט שוין גענומען אונטעריאָגן די רייזע. זי האָט מורא געהאַט, אַז דאָס געוועלב וועט אויפפרעסן די עטלעכע הונדערט רובל, וואָס מען האָט אָוועקגעלייגט פאַר מיר אויף הוצאות.

יצחק, דאָס איז בלוטיק געלט. אויף דעם דאַרף ליגן אַ שטיין. דאָס טאָר מען נישט רירן, — האָט זי געהאַלטן אין איין דערמאָנען דעם טאַטן.

איטע ראָכעשי, ווער רירט דען?

אין די אָוונטן בין איך געווען אַן אַריינגייער ביי די טערקן, וואָס האָבן ביי אונדז געהייסן גרעקן. איך האָב געטרונקען לעבלעכע מילך און געקנייפּט שטיקער פון דעם דינעם, זאַפרען־ברוינלעכן סלאָדקי כליעב 3) מיט ראָזשינקעס. איך האָב אַפילו איינעם פון די טערקן פאַר־טרויט, אַז איך פאָר קיין אַמעריקע.

ווען?

איך פלעג זיך פאַר אים אַלעמאָל אויספּיינען מיט מיין טערקיש.

אין האָן וואָכן וועל איך שוין זיין ווייט פונדאַנען. וואָכן, פאַר־

---

1) „זשיעמיאַ לובעלסקאַ" — אַ צייטונג „לובלינער ערד".
2) „פּאָלאַק קאַטאָליק" — וואַרשעווער אַנטיסעמיטישע צייטונג.
3) סלאָדקי כלעב — זיסער ברויט.

שטייט זיך, האָב איך אים שוין געמוזט זאָגן אויף רוסיש, אָבער ביז האָן (צען) האָב איך אים אָפּגעקנאַקט פון איינס אָן —

איקי, ביר, אָטש, דאָרט, בעש, אַלטיהיו, יעדיהיו, סעקיו, דאָקוז האָן.

דער טערק האָט גאָר אַנגעקוואָלן פון מיין טערקיש ציילן וואָס איך האָב אַנטדעקט, ווי אַ צולאָג, אין מיינס אַן עספּעראַנטאָ זעלבסט־לערער. כ'האָב דעם טערק אַפילו נאָך דערלייגט יעמיהיו — 20 און איילִיהיו — 50 — זאָל ער וויסן ווי ווייט מיין טערקיש גרייכט.

די לעצטע עטלעכע וואָכן פאַרן אָפּפאָרן. טעג אין זאַקסישן גאָרטן מיט דעם צעבליטן פרילינג אויף אַלע געווירעטע אַלעען. מיינע חברים און איך גייען איבער די לובלינער גאַסן מיט פאַרריסענע קעפּ, ווי די העלדן פון „ניי־ערד" אין האַמסונס אַ שטעטל: אונדזער מאַלער, מיט דעם קרומען אויגל און ווייסע וויִעס ווי מילך פון אַ הערינג, נאָר וואָס צוריקגעקומען פון דער קראָקעווער אַקאַדעמיע; דער פּאָעט וואָס איז נישט לאַנג צוריק געווען אין וואַרשע און מיטגעבראַכט פון דאָרט אַ פּאַק מיט הסכמות; דער פידלשפּילער, מיט דעם גרויסן שווערן, שוואַרצן קאָפּ, גענעדיקט וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און איז שוין אַפילו אויפגעטראָטן אין „הזמיר"; אונדזער „פּעסימיסט", דער פּראָפעסיאָנעלער ציניקער און פרויען־האַסער מיט פייכטע הענט און לאַנגע שוואַרצע נעגל — ער, דער עלטסטער פון אונדז, וואָס גריבלט זיך אין די אופּאַנישאַדן, ציטירט שאָ־פּענהאַוערן און ווייִנינגערן און באַרימט זיך אַז ער אָנאַנירט באַדיי, איי־דער האָבן צו טון מיט פרויען; מיין פריינט וואָס האָט פאַרבראַכט אַנדערט־האַלבן יאָר ביי זיינער אַ שוועסטער אַזש אין אופאַ און מאַטערט זיך דער־פאַר צו רעדן רוסיש שיער נישט ווי אַ סיביריאַק, אַריינוואַרפנדיק צווישן יאָ און ניין, פאַר שיינקייט וועגן, מאָל און דעסקאָט; 1) עטלעכע באַלעזענע יונגעלייט, וואָס שניידן זיך אויף קריטיקערס און טראָגן זיך אַרום מיט טענען, סען בעוון, ביעלינסקין און איבערהויפּט מיט אונדזער בראַנדעסן.

מיר גייען ווי די פּאַוועס און זענען אומרעאַל, ווי אַרויסגענומען פון ביכער. דאָס זענען מיינע באַזאַראָווס, ניעכלודאָווס, טידעמאַנס, קאַראַמאַ־זאָווס, אָבלאָמאָווס, סאַנינס, האַמלעטס און דאָנקיכאָטס. אַרום אונדז פלאַ־

1) מאָל־דעסקאָט — רוסישע צוגאָב־ווערטער אין שמועס.

קערט אַ גויִשק לעבן — עטלעכע גויִשקע לעבנס, אַ פּויליש און אַ רו־סיש, אויף מעסער־שטעך. אַ ייִדיש לעבן, אַ סך ייִדישע לעבנס, וואָס זענען ווייט צווישן זיך און אָפּגעטיילט ווי קאַסטעס — פון אומבאַריר־לעכע קבצנים ביז ייִדישע פּריצים, וואָס פאָרן אין ברישקעס מיט פייער־דיקע פערדלעך. אַרום אונדז קאָכט מיט שניידערס, שוסטערס, בלעכערס, פּאַפּיראָסן־מאַכערס, אַרבעטערס אין ציגעלניעס, אין צוקער־פאַבריקן, גאַרבערס, אייזנאַרבעטערס, מלמדים, וואַסער־טרעגערס, דינסטמיידלעך, זאָקן־מאַכערס, הענטשקע־מאַכערס, נייטאָרינס, קלעזמערס, פריזירערס, גבירים, דיינים, רבנים, אָבער מיר זעען קיינעם נישט. מיר קעמפן צווישן זיך מיט גרייטע פּראַזן און גייען אַהיים עסן וועטשערע צו דער מאַמען און מיר נעמען נאָך עטלעכע קאָפּיקעס אויף קעשענע־געלט.

דער פּאָעט לייענט פאַר אַ פרילינג־ליד. ער האָט אַ וויגנדיקע, טרויעריקע שטימע וואָס פאַרצערטלט און פאַרלאָטעט אַלע ריטמלאָזע שורות. ער איז שטאַרק אונטער דעם איינפלוס פון „זיי־זשע קליין בעריאָז־קעלע מתפלל אויף פאַר מיר" און ער ווענדט זיך צו די בלומען, פרילינג־ווינטלעך, אַז זיי זאָלן אים אויך טון, כ'געדענק שוין נישט אַקוראַט, וואָס פאַר אַ געפעליקייט.

מיר אַלע האַלטן זייער שטאַרק פון אים. מיר לייגן אויף אים גרויסע האָפענונגען, אַז ער וועט אַמאָל זיין דאָס שיינדל פון אונדזער שטאָט. אַפילו איך, וואָס האָב שוין גאַנצע פעק מיט לידער און דערציילונגען, בין זיך מבטל אַנטקעגן אים. איך בין אים שטאַרק מקנא זיין מעלאַנכאָ־לישע שורה, וואָס ציטערט ווי אַ שטאָמל און קלינגט ווי פּאָעזיע, נאָך איידער מען כאַפּט דעם צוזאַמענשטעל פון די ווערטער.

דעם פּאָעטס פאָטער איז אַ גביר. ער וווינט אין אַ קריסטלעכער געגנט, אין איינעם פון די נייעסטע הייזער, מיט שפּיגלען אין קאָרידאָר, מיט דיוואַנעס אויף די שטיגן; פון יענע הייזער, וואָס די שטאָט איז גע־לאָפן אָנקוקן אויף בייז־וווּנדער, ווען מען האָט זיי געבויט. אַ ווונדערשיינע דירה, גרויסע סאַלעס, מיט שפּיגלען, מיט שווער מעבל, מיט בלויע און רויטע פּליושענע שטולן, הויכע וואַזאַנען, שטייגן מיט זינגענדיקע קאַ־נאַריקלעך; אַ יונגע, גוטע שטיפמאַמע, וואָס זעט אויס ווי דעם פּאָעטס אַן עלטערע שוועסטער און ווי אַ טייל פון דער גאַנצער מאָדערנער איינ־

ריכטונג. זי קריכט פון הויט צו זיין גוט צום „קינד" און אַפילו צו זיינע פריינט. דער פּאָעט האָט אַ פּרעכטיק־געשניצטן שרייבטיש, ווו ער האַלט זיין העפט מיט לידער, געשריבן אין דער פאַרזיכטיקסטער האַנטשריפט. זיין ערשט ליד, וואָס ער האָט מיר פאָרגעלייענט, מיט אַ וויינענדיקער שטים, ביי זיך אין רייכן קאַבינעט, האָט געהייסן „געשטאָרבן די יונגע מאַמע" און איז געווען אַ פרייע נאָכמאַכעריי אין דער מעלאָדישקייט פון „געשטאָרבן דער אַלטער בעל־תפילה". דער יונגער פּאָעט האָט נישט גע־מאַכט קיין סוד פון זיין אימיטאַציע, אדרבא, ער האָט זיך באַרימט ווי גוט ער האָט עס נאָכגעמייסטערט, און איך האָב אים טאַקע באַוווּנדערט פאַר זיין קונציקער געטריישאַפט צום אָריגינאַל. איך האָב בלויז נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס קומט צו אים זיין טרויער און זיין מעלאַנכאָליע ביי אַזאַ גבירישאַפט אין הויז. כ'האָב געטראַכט, אַז אַפילו ווען ער זאָל אויף אַן אמת באַוויינען זיין מאַמען, איז עס פאָרט אַ שטיק אומדאַנקבאַרקייט אָנצושרייבן אַ טרויער־ליד, ווען עס דרייט זיך אַרום אַזאַ גוטע, איבער־געגעבענע און שיינע, שוויגנדיקע שטיפמאַמע. איך האָב דעמאָלט גע־שריבן גאַציאָנאַלע לידער און עראָטישע דערציילונגען, אָבער איך האָב זיך געהאַלטן פאַר צווייטע פידל אין אונדזער קליינער ליטעראַרישער משפחה, און אַלץ דערפאַר, ווייל איך האָב אים מקנא געווען, וואָס גאָט האָט אים געבענטשט מיט טרויער, אַפילו ווען עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז ס'דאַרף אים זיין גוט ווי די וועלט.

מיר אַלע האָבן מער הנאה פון זיין פרילינג־ליד, ווי פון פרילינג אַרום אונדז. בלויז אונדזער פּראָפעסיאָנעלער ציניקער געפינט אַ גראָב חוזק־וואָרט. ער ציטירט גאַנצע שטיקער פון האָמערן אויף רוסיש און פון היינען אויף דייטש און ער מאַכט דאָס ליד אויסצודרייען. אָבער דאָס ליד ווערט ביי אונדז נישט אָן אַפילו אויף אַ האָר, כאָטש מיר האָבן פון דעסטוועגן הנאה פון זיין עפּיגראַמישער שאַרפקייט.

מען דערמאָנט מייז רייזע און מען איז מיך מקנא, הגם מען האָט אויף מיר רחמנות, וואָס איך וועל אַריינפאַלן אין לאַנד פון דער געלער פּרעסע.

ביינאַכט — ווידער די קראָקעווער פּערשטאָט מיט די טראָטוואַרן וואָס פירן צום זאַקסישן גאָרטן דורך אַ קלאַסנצעטיילונג — אין טראָ־

טואַר, ווו עס שפּאַצירן בלויז אַרבעטערס און אַרבעטאָרינס, און דער צווייטער, מיט גימנאַזיסטן, גימנאַזיסטקעס, עקסטערניקעס און טשינאָווניקעס. ווידער די טשעמנע אַלעען, 1) ווו מען לויפט הונגעריקע נאָך יעדער סילועט פון אַ ברוין־גימנאַזיסטיש קליידל.

אינדערפרי שפּאַציר איך אַמאָל אויף די וואָליע־לאַנקעס, אָדער העטאויפן זאַמד, ווו עס ווינט די רייכע מומע כאַמע אין אַן אייגענער כאַלופּע, מיט אייגענע הינער, עטלעכע קאַטשקעס, אַמאָל אַפילו אַן אינדיטשקע, מיט צוויי געזונטע מיידן, וואָס האָבן פאַרהאַרטעוועטע באָרוועסע פיס און הענט וואָס שמעקן שטענדיק פון פּעטרישקע, ציבעלעס און פּאַסטערנאַק. די עלטערע שלעפּט מיך אָפּט אַוועק ווייטער פון איר הויז, צו דער באַן און איבער די שינעס. דאָרט קוקט זי מיר אין די אויגן, אָטעמט אויף מיר מיט פייער און זינגט צו מיר פוּיערשע ליובע־לידלעך. און טאָמער וויל איך זיך אַביסל צעוואַרעמען, פאַרמאַגט זי אַ גראָבלעך־קאַלט קול, וואָס ניכטערט גלייך אויס:

יאַנקעלע, ניטע!

צוויי וואָכן פאַר מיין אָפּפאָרן. איך קריג אַ שלעכטע בשורה און מיין גאַנצע רייזע באַקומט מיר נישט. די גאַנצע צייט מיין איך אַז איך פאָר נישט אַליין, עס הייסט אַז איך וועל האָבן אַ שיף־שוועסטער און נאָך וואָס פאַר אַ שיף־שוועסטער. זי איז יינגער פון מיר מיט אַ יאָר־אַנדערטהאַלבן. זי איז הויך, שלאַנק, בלאָנד און האָט אַ פאַרריסענע שיקסע־נאָז, אָבער די אויגן אירע זענען אַזעלכע וואונדערלעכע ברוינע קאָנטראַסטן צו אירע בלאָנדע האָר אַז ווען איך זע זי, קען איך זיך נישט אָפּוווּנדערן פון אירע וואַרעמע אויגן און קאַלטע האָר. איר גאַנג איז שוין אַ פרוילעכער. גייענדיק וויגט זי לייכט איין העלפט אַנטקעגן דער אַנדערער, ווי צוויי מילשטיינער. זי האָט זעלטן געשניצטע, לעבעדיקע פיס, אַביסל אַ ברייטלעך מויל מיט דינע ליפּן, אָבער דערפאַר איז דאָס מויל פאַרגיטיקט מיט אַ שמייכל, וואָס ווירקט ווי אַ פרעכער ווונק.

זי קומט פון אַ פאַרגרעבטער משפחה — סאַמע קצבים און העקערדונגען. די טאַטע־מאַמע אירע, די פעטערס, די מומעס האָבן רויטע הענט

1) טשעמנע אַלעען — פינצטערע אַלעען.

מיט גרויסע פאַרבלוטיקטע נעגל, רויטע פּנימער, שווערע פּיס, פאַר־גרעבטע שטימען, אָבער זי אַליין זעט אויס פריציש־דעליקאַט. איר שמייכל איז אפשר די ירושה פון דור־דורות וויסן און קריגן וואָס מען וויל, אָבער ביי איר אַרום מויל קומט עס אויס, ווי מען וואָלט איבערגעזעצט אַ גראָבן אויסדרוק אויף אַ פיינער אַנצוהערעניש, און נאָך דערצו מיט אַ פּשע־פּראַשאַם. 1)

זיי זענען אונדזערע שכנים אויפן נייעם וועג, ווו מיר וווינען, אַנט־קעגנאיבער די גויִישע און יִדישע יאַטקעס, מיט די אַרויסגעהאנגענע אָקסענע און קעלבערנע קעפּ, מיט די רחמנותדיקע, אָפענע, טויטע, סאַ־מעטענע אויגן. אַפילו דער פאַמיליען־נאָמען, אָדער ווי מען רופט עס ביי אונדז, דער דייטשער נאָמען פון איר משפחה איז אויך אַ קצבישער.

צו יענער צייט זענען אַ סך יִדישע גימנאַזיסטקעס ביי אונדז אין שטאָט געווען שטאַרק אונטערן איינפלוס פון טאָלסטאָיִשער מאָראַל, און איידער מען האָט זיך דעררעדט צו אַ קוש, האָט מען געמוזט בראָדיען דורך לאַנגע ציטאַטן פון נייעם טעסטאַמענט. „און דער וואָס קוקט אויף אַ פרוי מיט חשק האָט שוין מיט איר געזינדיקט אין זיין האַרצן". מען האָט געמוזט לאַנג מאָראַליזירן, איידער מען האָט געקענט זינדיקן — און זינדיקן האָט געהייסן האַלטן די האַנט, אַריינקוקן אין די אויגן און דעק־לאַמירן נאַדסאָנען אין דער פינצטער. וואָס איז געקומען פריִער ביי אונדז אין שטאָט, דאָס איי אָדער די הון, דער סאַניניזם אָדער דער טאָלסטאָיִזם, געדענק איך שוין נישט אַקוראַט, אָבער זיי האָבן זיך ביידע געדרייט ווי שווערדן אַרום גן־עדן, ווי צוויי באַזונדערע מאָראַלן. אַמאָל האָט מען באַ־דאַרפט שפּילן וווילזינגעריש סאַנינען מיט זיין כאַפּ־דעם־איצט, און אַמאָל טאָלסטאָיען, מיט זיין פאַרגרייטן אַלץ אויף דעם הימלישן קעניגרייך.

און אַז עס איז דערעסן געוואָרן דאָס שפּיל אין מאָראַל אָדער אַנטי־מאָראַל, האָט מען אַרונטערגעלאָזט אַביסל פון דער אייגענער ווערדע און זיך באַקענט מיט אַ נייטאָרן אָדער זאָקן־מאַכערן. אמת זייערע פינגער זענען געווען צעשטאָכן און צעקאַרבט, אָבער דערפאַר האָבן זיי געזונגען האַרצרייסנדיקע יִדישע פאָלקסלידער אָדער גאָלדפאַדן־לידלעך, און גע־

1) פּשעפּראַשאַם — אַנטשולדיק.

האָט וואַרעמע הענט, וואָס האָבן דיך אַרומגעוואָרגן, און זיי האָבן זיך געבעטן בלויז — האָב מורא פאַר גאָט און פאַר לייטישע מיילער, אַלע אַנדערע זאַכן זענען געקומען מיט פרייד פון צוויי יונגע מענטשן, און מען האָט נישט באַדאַרפט פריִער בלעקערצן גאַנצע קאַפּיטלען פון נייעם טעס־טאַמענט.

מיין מאַמע ווייסט, אַז איך האָב געוואָרפן אַן אויג אויף דעם קצבס טעכטערל און זי האָט קיין פאַרגעניגן נישט דערפון. זי האָט פשוט מורא פאַר אַ שידוך און עס שטייט איר נישט אָן, ווייל אחוץ אַלעמען האָט זי נאָך אַ פלעק אין דער משפחה אויך. אירס אַ לייבלעכע שוועסטער־קינד האָט זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט אַ שייגעץ, אַ קיילעריונג, און צו־להכעיס טאַטע־מאַמע האָט מען זיי נאָך פאַרצאַפּט דאָס בלוט און אויפ־געעפנט אַ גויִשקע יאַטקע גלייך לעבן זיי. טאַטע־מאַמע זענען אַרומגע־גאַנגען מיט פאַרפּאַטשטע פנימער און זיך געשעמט צו הייבן די אויגן צו דער ליכטיקער שיין. און ביי דער טאָכטער, דער משומדיתטע, איז געוואַקסן דאָס בייכל און זי האָט פאַרקויפט חזיר־פלייש מיט אַ זעלטענער געשיקטקייט.

מיין מאַמע האָט מורא אַז אָט־אָט פאַל איך אַריין אין אַזאַ משפחה. איך האָב מיט דעם מיידל צו יענער צייט געהאַט אויסגערעדט אפשר צען־צוועלף ווערטער, אָבער עס איז מיר וואַרעמער געוואָרן, ווען איך האָב זיך פלוצים דערוווּסט, אַז זי וועט זיין מיין שיף־שוועסטער, אַז זי פאָרט צוזאַמען מיט מיר קיין אַמעריקע, צו אירס אַ פעטער. (איר מאַמע האָט געוווּסט, אַז אין לובלין וועט איר אייביק נאָכגיין דער פלעק אין דער משפחה). מיר וועלן צוזאַמען פאָרן אויף די באַנען, אויף דער שיף און צוזאַמען אַרונטער אין קעסלגאַרדן. איר מאַמע האָט זיך געפרייט, וואָס איר טאָכטער וועט פאָרן מיט אַ היימישן מענטש, אַ באַלעבאַטיש קינד, וואָס וועט אַכטונג געבן אויף איר (אפשר אויף איר שמייכל?).

אָבער עפּעס האָט געטראָפן אַ סיבה, פאַר מיר איז עס געווען אַן אמתער מאַלעיר, און זי האָט געמוזט אָפּפאָרן צוויי וואָכן פאַר מיר. אומ־דערוואַרט איז געקומען דער קלאַפּ. זי האָט מיך אָנגעטראָפן אויף דער „שטאָט" און מיר מיט אַ שמייכעלע דערקלערט, אַז „עץ ווייסט, יעף פאָר מאָרגן אַוועק". אין איר שטים און אַרום איר מויל איז נישט געווען

צו באַמערקן, אַז עס איז פאַר איר פּונקט אַזאַ קלאַפּ ווי פאַר מיר. עס האָט מיר טאָפּלט וויי־געטון. איך האָב זיך דערפילט עלנד און ס'האָט מיך מיט אַמאָל אָנגעהויבן שרעקן די לאַנגע רייזע, וואָס איך דאַרף מאַכן איינער אַליין. זי האָט מיר דערלאַנגט איר האַנט מיט די לאַנגע שפּיציקע פינגער: „יעך וועל איצן זען אין נעוו־יאָרק".

יענע נאַכט האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז ס'איז פון מיר אַוועק מיין ערשט ווייב.

די לענגסטע רייזעס מיינע, וואָס איך האָב דעמאָלט איינגעשטעלט צו מאַכן איינער אַליין, זענען געווען פון לובלין קיין וואַרשע, צו דער מומע גנענדל. אָבער דעם וועג אַהין האָט מיר עטלעכע מאָל געהאַט גע־וויזן דער זיידע. איינער אַליין האָב איך אָנגעהויבן פאָרן ערשט נאָך דעם זיידנס טויט.

מיט דעם זיידן פאָר איך געוויינלעך פערטע קלאַס. די באַן שלעפּט זיך און שלעפּט זיך און מאַטערט זיך אויסצוציִען אַ פיר־פינף שעהדיקע רייזע אויף גאַנצע צוועלף שעה — אַרויסגעפאָרן אינמיטן בליִענדיקן טאָג און אָנגעקומען שוין נאָך האַלבער נאַכט. מען פאָרט און מען פאָרט, דורך דערפלעך, שטעטלעך און מען זעט זיך אָן אַ גאַנצן טאָג מיט אַ וועלט מענטשן.

אַפילו אין פערטן קלאַס ווו אַ בילעט איז בחצי־חינם, גייט אויך אָן אַ האַנדל מיט דעם קאָנדוקטאָר. ס'רייסט דאָס האַרץ צוצוזען, ווי גרויסע יידן מיט בערד און הדרת־פנימער, יידן וואָס קענען דערלאַנגען אַ פּראַסק מיט דער ברייטער האַנט, באַהאַלטן זיך אונטער די בענק מיט דעם זייט־זשע מוחל אַרויף, ווי אין שול ערב יום־כיפור צו מלקות. און אַז עס קומט גראָד אַרויף דער קאָנטראָליער, שלעפּט מען אַזאַ ייד פון אונטער דער באַנק און מען וואַרפט אים אַרויס ביי אַ סטאַנציע. מיר פלעגט וויי־טון אַ טאָג מיט אַ נאַכט טראַכטנדיק פון אַ ייד מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, איינער אַליין אין אַ פּויערש שטעטל, וואָס דרייט זיך אַרום איבער דעם קליינעם וואָקזאַל, קייט די באָרד און דער קאָפּ פּליט אים בעת־מעשה פיף־פאַף וועגן מסחר, משטיינס־געזאָגט, און וועגן פּרנסה וואָס איז שווער ווי קריעת־ים־סוף.

און ביי דער גאַנצער אָרעמקייט אין פערטן קלאַס דרייען זיך אַרום פּאַסקע־שפּילערס און קאָרטנשפּילערס און זוכן אַ פּרייער.

דער זיידע האָט געהאַט אַ גוטע טבע. ער האָט זיך אויסגעפּאַקט די פּאַטשיילע, זיך אונטערגעלעגט דאָס האַרץ מיט אַ האַרט איי, אַ שטיק ברויט, אַ וווענגערישער פלוים, אַ גאָלדיקער באַרנע וואָס האָט אים באַגאָסן די באָרד מיט זאַפט, און בעת־מעשה האָט ער מיט מיר פאַרפירט אַ שמועס, הלמאי האָט ער באַדאַרפט פירן אַזאַ שייגעץ ווי איך בין צום חפץ־חיים, איך זאָל אים געבן שלום, און הלמאי ער האָט באַדאַרפט אויסגעבן אַ האַלב קערבל אויף אַ ספר, אַז איך קוק דערין קיינמאָל נישט אַריין. אָבער דער זיידע איז חלילה נישט אין כעס. דעם גאַנצן שמועס פירט ער פון ווילטאָג וועגן, ווייל אַ מענטש מוז דאָך עפּעס רעדן עטלעכע ווערטער, איידער ער ווערט אַנטשלאָפן. די באַן העצקעט זיך און דער זיידע אויך, ביז ער הייבט אָן שנאָרכן אין דער באָרד אַריין.

איך שלינג שטיקער ערד, ביימער, וועלדער, טייכלעך, וואָס די באַן פרעסט אויף לאַנגזאַם און סאָפּענדיק. באַנאַכט צעלייגן זיך די פּאַסאַ־זשירן אויף אַלע בענק, אויף דער אונטערשטער, אייבערשטער און אַפילו אונטער די בענק. בלויז דער קאָנדוקטאָר רייסט איבער די שטילקייט מיט זיין פאַרקאָפּטשעטן לאַמטערן און זיין „אַ בילעט יעסט?‟ 1)

אַ ווילער יונגערמאַנטשיק מיט שוואַרצע וואָנצעלעך, לאַקירטע קאַ־לעווקעלעך, אַ גלאַנציקן דאַשעק, ליגט מיט דער נאָז אויף דעם פינצטערן פענצטער און ברומט אַ לידל אַז ס'פאַרכאָפּט ביים האַרצן. פון אַלע זייטן הייבן זיך קעפּ, ס'רודערן פיס מיט אָניצעס, און מען שרייט „טשיכאָ‟! 2) אָבער אַז מען דערזעט מיט וואָס פאַר אַ פּאַסאַזשיר מען האָט צו טון דרייט מען זיך איבער אויף דער אַנדער זייט מיט אַ זיפצעניש און אַ אָכצעניש: אוי, טאַטע פּאָטער! עס זאָל הייסן, איי האָסטו אָנגעפּליאָדעט א ווועלטל, אָבער מען מוז אָפּווישן די ליפּן.

דער יונג וואָס קוקט אויס ווי אַ מאַטשאָרניק 3) זינגט, מיט דער נאָז צוגעקוועטשט צום פענצטער:

---

1) בילעט יעסט — האָסט אַ בילעט.
2) טשיכאָ — שטיל.
3) מאַטשאָרניק — אַלפאָנס.

**ווען יאַש איז געפאָרן**

אוי, פייגע לעב, פייגע קרוין,
אין זכות זאָלסטי געני־עסן
אין זכות זאָלסטי געני־עסן
אַז איך וועל דיך הייסן דאָס בעטעלע בעטן
זאָלזשע דיעך נישט פאַרדרי—עסן,
אַז איך וועל דיך הייסן דאָס בעטעלע בעטן
זאָלזשע דיעך נישט פאַרדרי—עסן;

עטלעכע פויק מיט די פינגער אין פענצטער און דער מאַטשאָרניק גיט פייגעלעבס ענטפער אויף אַ דינער, געציקלטער און האַרצרייסנדיקער שטים:

שוין, שוין, שוין, דאָס בעטעלע געבעט,
אָבער מיט וועהמען זאָל איעך פאַרבר־ענגען?
מיט וועהמען זאָל איעך פאַרברע־ענגען?
מיט אַזאַ געמיינעם, פאָדלעם יונגאַטש,
אַ קו—ערווע צי פאַרבלייעבן.
מיט אַזאַ געמיינעם, פאָדלעם יונגאַטש,
אַ קו—ערווע צי פאַרבלייעבן.

טראַ־טאַ. די שינעס טאַנצן און רייסן זיך פון אונטער די רעדער. מיט דעמזעלביקן ניגון און מיט דיזעלביקע פינצטערע ווערטער פון פענצטער.

אַ קו—ערווע צי פאַרבלייעבן.

דער יונגערמאַנטשיק זינגט ווייטער, ער גיט עטלעכע פויק מיט די פינגער אויפן פענצטער יעדער מאָל, ווען ער דאַרף מאַכן אַ פויזע און אָפטיילן די פרויענשטים פון דער מענערשטים. ער שעפּט אויס דאָס גאַנצע לידל ביזן דנאָ, פון לייגן זיך אין בעטעלע ביז פייגעלעבס לעצטן אומפאַרמיידלעכן טרויעריקן ענטפער:

אַ קו—ערווע שוין פאַרבליבן.

אַזאַ אָפּגעפרייערטע פייגעלעב וואַקסט שפּעטער אויס ביי אונדז, אין לובלין, דרייט זיך אַרום ביים שטאָטזייגער מיט דעם שאַלעכל אויפן קאָפּ און קלינגט מיט די שליסלען.

זעס הײבן זיך שוין אָן באַװײזן די לאַמטערנעס איבער דער װײסל־בריק, זײ זענען נישט אויס אײנגעפונדעװעט און גאַרנישט װי פון מעטאַל, נאָר זײ שװימען אַרײַן און אַרויס פון דער װײסל. אַ סך רויטע, גרינע לעמפּעלעך און — סטאַנציאַ װאַרשאַװאַ.

מיר, דער זײדע און איך, דאַרפן זיך ערשט דערשלעפּן אינדער־פינצטער דורך עטלעכע גאַסן צו אַ טויער, מיר רײַסן דעם פאַרזשאַװערטן גלאָק און װאַרטן, װאַרטן, ביז ס׳הערן זיך הילצערנע טריט אויף שטײנער, און אַ קללה, װאָס װערט אײנגעשטילט דורך דעם זײדנס מטבע. דער זײדע פירט מיך בײַ דער האַנט דורך אַ לאַנגן הויף, אויף טרעפּ. ער קלאַפּט אָן. די מומע עפנט די טיר, גיט מיר אַ קוש מיט אַ פאַרזויערט מויל, װאָס מען האָט עס אויפגעריסן פון שלאָף, װאַליעט מיך אַרײַן אין אַ בעט אַרײַן, דעקט מיך צו מיט אַ שװוער איבערבעט און איך קען קוים אײנשלאָפן פון פרײד, אַז איך האָב דורכגעמאַכט אַ נסיעה און איך שלאָף איצטער אין אַ פרעמדער שטאָט, װײט פון דער היים.

אינדערפרי הײב איך זיך אָן אָריענטירן און איך נעם באַקוקן די גרויסע װוּנדער פון דער נײַער שטאָט. קודם־כל אַ װאַסער קלאָזעט אין קאָרידאָר. אַ פינצטערער, מיט שװאַרצע און אָפּגעשײלטע װענט, אָבער פאָרט אַ װאַסער־קלאָזעט מיט אַ שװענקער, װאָס כאָרכלט און שװענקט נישט. אַ גרויסער הויף מיט אַרײַנגאַנגען פון פיר אָדער פינף זײַטן. דער הויף שטינקט מיט סמאָלע, קאַלעך, רינשטאָק, עיפּושדיקער װײַסער די־זענפעקציע און השתנה. אין דער מומעס דירה אַ קיך אויף גאַז, װאָס האָט אַ געערוך און לײגט זיך אַרום האַרץ, עטלעכע מאָל אַרום און אַרום, מיט רעדעלעך און ס׳דאַכט זיך אַלע װײַל, אַז ס׳װילט זיך אַ קלײן ביסל חלשן, עפּעס װי ס׳װאָלט געדישעט אַ שלעכטע גרינע פאַרב, אָדער קע־ראָסין אין צעפּלעך, װי אַ סגולה קעגן ניס — משמעות אַז די רער איז געװוען אַביסל געלעכערט, אָבער קײנער האָט נישט געהאַלטן, אַז מען באַדאַרף זי פאַרריכטן.

דער פעטער, אַן אָקסנהענדלער, װײסט שוין אַז ער דאַרף אַהײמ־ברענגען פון שעכטהויז װעמפּלעך, װײַל בײַ אונדז אין לובלין האָט אַ רב זכרונו לברכה, אפשר מיט 50 יאָר צוריק געאַסרט װעמפּלעך צוליב אַ קריגערײַ מיט אַ נאמן — דער איסור איז געבליבן גילטיק אין שטאָט

עד היום הזה, אָבער אויסער שטאָט מעג אַ לובלינער עסן וועמפּלעך וויפל זיין האַרץ גלוסט. און כאָטש איך האָב נישט קיין הנאה פון די האַרטע שטיקער פלייש, וואָס קייען זיך ווי שווערע געגזעגנטע הויט און מישן זיך ווי בלעטלעך אין אַ סידור, עס איך עס דאָך מיט חשק. איך פיל אַז איך בין אין אַ כמעט פרעמדער שטאָט, ווו איך פאַרגין זיך צו עסן אַ זאַך, וואָס איז כמעט טריפה, און וואָס ווערט כשר ערשט ווען מען נעמט אַ באַן און מען פאָרט אָפּ מיילן.

דער פעטער ברענגט אויך אַהיים, ספּעציעל פאַרן גאַסט, אייטער, אַ מאכל, וואָס פאָדערט אַ באַזונדערע באַהאַנדלונג — אַן ערדן טעפּעלע, וואָס מען וואַרפט אַוועק גלייך נאָכן קאָכן, ווייל אייטער איז אַ סאָרט בשר בחלב. די מאַמע מיינע האָט בשום־אופן זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין דער אַוואַנטורע פון קאָכן אייטער, אָבער מיין פעטער וויל מיר באַווייזן וואַרשע מיט אַלע אירע וואונדער. אייטער עס איך אויך מיט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט, ווייל איך וויל דערפילן דעם פאַרבאָטענעם טראָפּן מילך אין פלייש.

די מומע וווינט אייגנטלעך נישט אין וואַרשע, נאָר אין פּראַגע. אויפן הויז הענגט אַ לאַמטערן מיט אַן אויסגעשווירענעם בלעכענעם נומער צוועלף. דאָס גרויסע הויז מיט אפשר הונדערט פאַמיליעס ווערט געפירט פון אַ זשאַנדצאַ 1) מיט שטעכיקע פּוילישע וואָנצן, אַ ווינקל־אַדוואָקאַט וואָס מאַכט אַ זייטיקן גילדן פון שרייבן פּראָשעניעס. דער זשאַנדצא טראָגט אַ גרינלעך־שוואַרצן סורדוט, איז הויך און דין און וויל מאַכן אַן איינדרוק פון אַן אַריסטאָקראַט, אַ יורד.

ביים זשאַנדצא אין הויז רעדט מען פּויליש און רוסיש, זיין עלטע־רער זון גיט ענגלישע לעקציעס. ער איז עטלעכע יאָר געווען אין אַמע־ריקע און איז צוריקגעקומען מיט סטראַשונקעס אַז ער וועט באַגיין זעלבסטמאָרד, אָדער ער וועט זיך אָט־אָט שמדן. דער צווייטער זון איז צוליב דער פּראָצענט־נאָרמע נעבעך אַריינגעפאַלן אין קרינסקיס האַנדלס־שולע. ער דרייט זיך אַרום אין זיין אוניפאָרם און באַווייגט זיך די יאָרן, וואָס ער מוז גיין אין אַ זשידאָווסקער שולע, ווו מען מוז נאָך דערצו לער־

1) זשאַנדצאַ — הויז־אויפזעער.

נען העברעיִש און תנ״ך. די מאַמע שלעפּט זיך אַרום ווי אַ קראַנקע פּריצה און קוואַקעט. דער זשאַנדצא האָט ליב דעם ביטערן טראָפּן און טאָמער שיכורט ער זיך אָן, האַלט ער אין איין כראַקען אין ווייבס ווינקל אַריין און ער שווערט זיך אַז די באַרימטע קאַבאַרעט־זינגערן, די קאַוועצקאַ, טוט אים אָן די שקאַרפּעטקעס, און דאָ מוז ער אָפּפינצטערן זיין לעבן מיט אַן אַלטער כאַלעריע. דאָס פּירט געוויינלעך צו שלאַכטן אין אַ פּראָסטן נאָכמיטאָג. די זין האַלטן אַלעמאָל מיט דער מאַמען און זיי וואַרפן זיך אויף דעם טאַטן און נעמען אים ממיתן, אָבער דער טאַטע איז ריי־רעוודיק און אַליין אויך נישט קיין שיפּע־זיבעלע.

אינדרויסן גייט דער יונגער קאָמערציאַנט מיט פּאָמעלעכע טריט און איז די איידלקייט אַליין. ער הייבט דעם הוט און פאַרנייגט זיך אַקוראַט, ווי ער וואָלט געשטאַמט פון דור־דורות שליאַכטע.

די הענט וואָס האָבן ערשט־אָ געפּליאַסקעט דעם טאַטן, האָבן געהאַט אויסשטודירטע זשעסטן. ער האָט מיר געגעבן לעקציעס אין מאַנירן און געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז איך זאָל חלילה נישט מאַכן מיט די הענט ביים רעדן. ער האָט מיר דערקלערט, אַז מאַנירן דאַרפן קודם־כל זיין היפּנאָטיש. זיי מוזן היפּנאָטיזירן, ווייל דער ציל פון דעם איינגעבוירענעם אַריסטאָקראַט איז צו זיין אַ פירער, אַ באַפעלער און אָן מאַנירן קען מען דאָס נישט דערגרייכן. ער האָט מיר פאַרטרויט, אַז ס׳האָט אים גענומען אַ גאַנץ יאָר אויסצושטודירן פאַרן שפּיגל, ווי אַזוי צו שמייכלען ביים גריסן זיך. דער שמייכל טאָר נישט זיין קיין צו אינטימער, וואָס כאַטש וואַרף זיך יענעם אויפן האַלדז, אַפילו ווען מען טרעפט זיך מיט דעם אינטימסטן מענטשן — אַזאַ שמייכל פּאַסט נישט פאַר קיין אַריסטאָקראַט. דער שמייכל דאַרף בלויז אַרויסברענגען דעם בליאַסק פון די ציין (און ער האָט געהאַט פיינע ציין מיט קליינע גאָלד־פאַרשטאָפּטע לעכעלעך, מוסטער־אַרבעט לויט דעמאָלטיקע דענטיסטישע באַגריפן) און ווייזן, אַז דו ביסט גוט אויפגעלייגט. ער האָט מיך געלערנט גאַנצע קונצן, ווי אַזוי מען דאַרף מיטן היטל באַגריסן אַוועק פון זיך און צו צו זיך, ס׳ווענדט זיך בלויז, צי מען וויל זיך מיט יענעם אָפּשטעלן און כאַפּן אַ שמועס, אָדער מען וויל אים, אַזוי־צוזאָגן, אַוועקגריסן, כדי צו גיין ווייטער; ווי אַזוי מען באַגריסט אַ יונג מיידל, אַן עלטערע דאַמע, אַ חבר, אַן עלטערן

הער, גלאַט אַזוי אַ מענטש וועמען עס איז שווער צו קאַטאַלאָגירן, און ווי אַזוי מען באַגריסט אינגאַנצן נישט, ווייל דאָס אָפּענע נישט באַגריסן איז אויך אַ טייל פון די מאַנירן.

ווען איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָבן אויסגעשריבן אַ קורס איבער היפּנאָטיזם פון דעם ניו־יאָרקסקי אינסטיטוט זנאַני, אַז איך האָב אַ היפּנאָטישן קרישטאָל, אַז כ׳האָב שוין אַפּילו איינמאָל פאַרהיפּנאָטיזירט מיין ברודער אַזוי, אַז ער האָט קוים געקענט פאַנאַנדערנעמען די הענט, איז דער קאָמערציאַנט געוואָרן מיינער אַן איבערגעגעבענער פריינט. אויף אונדזערע שפּאַצירן איבער דער פּעטערבורסקע, ווילענסקע און איז גערטנדל ביי דער בריק לעבן די לאַזשענקעס, נישט ווייט פון די רעלסן, ווו ס׳איז געלאָפן אַ קאָליִיקע, אַ קינדעריש באַנדעלע, וואָס האָט געסאָפּעט סיפּ־סיפּ־סיפּ־סיפּ און האָט פונדעסטוועגן אויפגענומען אמתע פּאַסאַזשירן, האָבן מיר אַלץ גערעדט וועגן היפּנאָטיזם, מעסמעריזם און אָקולטיזם.

מיר האָבן שפּאַצירט אַריבער דער בריק, אַריין קיין וואַרשע, אין די געדיכטע יידישע געגנטן פון יונגע קעשענע־גנבים, אַלטוואַרג־געשעפטן, טאַנדעט, וואָלאָווקע, סמאָטשע און פראַנטשישקאַנער, ווו עס האָט געשטונקען מיטן טרוקענעם לעדער פון די לעדער־געשעפטן, באַלעווקי, סימאָנס־פּאַסאַזש, ווו ס׳האָט זיך געפונען זיין אַלמאַ־מאַטער — קרינסקיס שולע. מיר זענען אַריין צו פרידמאַנען עסן וווּרשטלעך מיט משטאַרדע, וואָס האָבן געפּלאַצט אַזוי שנעל, ווי מען האָט זיי גענומען אין מויל אַריין, מיט הייס, פעט, געזאַלצן און געפעפערט וואַסער.

אַ חוץ די שפּאַצירן האָב איך נאָך געהאַט סאָציאַלע פונקציעס אויך, ווייל דער זיידע האָט זיך געוואָלט אויספיינען מיט מיר און ער האָט מיך געפירט צו דער רייכער משפחה, צו די לעדער־סוחרים, יידן מיט שווערע לעפּאַקעס און לאַנגע בערד און וויבער מיט גוידערס, פעטע הענטלעך און פיסלעך, ברייטע באָקעס און אויסגעכאָלעטע פּלוסטערדיקע באַקן, מיט עטלעכע גאָמבעס און שווערע אויערינגלעך, וואָס האָבן אַרונטערגעריסן די אויערן — אַביסל אַ דערווייטערטער צווייג פון אונדזער משפחה, וואָס האָט געהערט צום קלאַס—חסידיש־גביריש און געפוצטע שטיוועלעך. דער מאַן פון דעם קלאַס האָט געטון מסחר אויפן גרויסן שטייגער און דאָס ווייב

האָט שוין אַפילו געכאַוועט גבירישע קראַנקייטן און געפּאָרן אין די וואַ־רעם־בעדער. דער זיידע האָט אַפילו אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי אַ קרוב אַ קאָמיוואָיאַזשאָר — אַ הויכער, אַ געפּוצטער, מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש. מיט אַ גלאַט־ראַזירטער מאָרדע, וואָס איז געווען אַזוי אָנגעפּיקעוועט מיט גראָבע קאָמיוואָיאַזשאָרישע וויצן, אַז ער האָט אַפילו מיר געמוזט אָפּ־שטעקן עטלעכע, וואָס זענען געווען ערשט פריש פון דער נאָדל אַרויס. ביי אים אין הויז האָט געפינקלט פון ריינקייט, זיינע קליידער זענען געווען לויט דעם לעצטן שניט, די קינדער האָבן געשמעקט פון זויבערקייט, דאָס ווייב איז געווען אַ ציכטיקע און דאָך האָט די פאַמיליע געהייסן שמוץ. אויפן טיר האָט געהאַנגען אַן אומאיראָניש מעשן בלעכל — י. שמוץ.

דער זיידע איז מיט מיר אַרומגעקראָכן איבער די האַלעס, אָפּגעזוכט שלמהלע די יידענע, וואָס איז דאָרט געזעסן און געהאַנדלט. שלמהלע די יידענע האָט געוווּסט אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי דער משפּחה אין לובלין. ער האָט גערעדט מיט אַ קוויטשיק שטימעלע און געהאַט גלייך אַ גרייטן צונאָמען פאַר יעדער איינעם, אויף וועמען ער האָט זיך מעקלאָמפּערשט האַרציק נאָכגעפרעגט.

וואָס מאַכט עפּעס דער שוואַנץ־מלמד? וואָס מאַכט עפּעס דער גנב? ער זיצט נאָך נישט? וואָס מאַכט עפּעס דער קאָפּ־מענטש? — און אַלץ מיט אַ פרום פּנים און אַ צוקערדיקער שטים.

ביינאַכט, דער אייגנאַרטיקער נאָקטורן פון דעם טרויעריקן טראַמ־ווייען־רויש, מיט די ביליקע הילצערנע בענקלעך און אויסגעקראָכענע פּלושענע זיצן, פאַר דער סאָציאַלער צעטיילונג פון דער באַפעלקערונג. פינפקאָפּיקאָווע פלעבייער און זיבנקאָפּיקאָווע אַריסטאָקראַטן. די הילצערנע אָמניבוסן, וואָס האָבן זיך געהעצקעט איבער די שטיינער און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועלן זיי צעפאַלן אויף האָלצוואַרג ווי געפּלאַצטע פּעסער. גרויסע אָנגעצונדענע לאָמפּן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שווער־באַלאָדענע דינע ביימער. דער שפּאַציר הין און צוריק אויף דער ווילענסקע, דער פלירט מיט די גימנאַזיסטקעס אין הויף; די יונגע טיאָמקינאַ, אַ באַ־שפּרענקלט דין מיידל, מיט דינע פּיסלעך און דינע אייזערנע הענטעלעך, אַ נישט שיין פּנימל, אָבער אַ טייער מויל, וואָס קושט מחיהדיק אין דער

פינצטער, דרייט זיך אויס פון דיינע הענט און האָט נאָך די העזה צו ווינטשן אַ „ספּאָקאָינאָי נאָטשי". 1)

דער צוג צוריק. שווימענדיקע לאָמפּן, וואָס טאַנצן פון דער ווייטן, לאַנגע פינצטערע שטרעקעס, אַ ווייטיקדיק פייפן אין דער פינצטער. אַ זון וואָס באַהויכט מיט ראָז די פענצטער. אַ זון איבער אַן אָרעם פעלד. אַ דאָרפישע זון מיט מילכיקס, זויערמילך, לאָקשן מיט צימרינג און קעז. אַ קו וואָס הייבט אויף פויל דעם קאָפּ אַנטקעגן לויפנדיקן צוג, איז זיך מישב און מרוקעט נישט. די רעלסן טאַנצן. שוין, שוין דאָס בעטעלע פאַרבעט, אַ קו־ערווע צו פאַרבלייבן, צו פאַרבלייבן. טיאָמקינאָס הייסע הענטלעך, ספּאָקאָינאָי נאָטשי. טפּרו, ווי דער צוג וואָלט זיך פאַרטשעפּעט און גלייך אַרויסגעקראָכן פון אַ קליין גריבעלע. ווייזט אויס, נאָר וואָס איינגעדרימלט, ווייל אין דעם גאַנצן חלום איז נאָך נישט געווען געבונג אַקציע, נאָר ערשט פאַרפעדימטע מעגלעכקייטן אויף אַ שטיקל חלום.

אַ ביס־געטון די קליינע שוועסטער און אַוועק אויפן וואָקזאַל. פאַר מיטנאַכט, אַלץ זעט אויס ווי אַ פאַרקאָפּטשעטער לאָמפּ, אַלע זעען אויס אַריינגעדרייט, ערב שלאָפן. דער גאַנצער וואָקזאַל איז פול מיט מיינע חברים, משפחה, יונגעלייט, מיידלעך. איך וואַרט אויף איינער. שוין אַ יאָר, אַז מיר רעדן נישט. און איך האָב נישט געקענט ברעכן דעם עקשן, פועלן ביי זיך מיט איר זיך צו געזעגענען. ס׳וואָלט גוט געווען, ווען זי דווקא קומט זיך יאָ געזעגענען. מיר דאַכט זיך איצט, אַז אין דעם זשעסט אירן ווענדט זיך גאָר אַ סך, וואָס אַזוינס ווייס איך נישט אַקוראַט, אָבער איך זוך זי אין דער פינצטער, ס׳ווערט שפּעט. איך זע קלאָר, אַז זי איז נישטאָ.

דער טאַטע מאַכט זיך האַרץ און זאָגט אַ וויצל. ס׳ציטערט ביי אים אַ ליפּ, וואָס קרימט אים אַזש אויס דאָס מויל. די מאַמע ברעכט די הענט. דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע, אין רויטן היטל, קומט באַגעגענען דעם סאָפּענדיקן צוג. איך בין שוין אויפן צוג מיט די פּעק, וואָס שמעקן מיט דער מאַמעס געבעקס, מיט די ראָזשינקע־ראָגעלעך, פּראַשניקלעך, אייערקיכלעך. האָ — האָ — מען שרייט, מען געזעגנט זיך, אָבער אַלץ

1) ספּאָקאָינאָי נאָטשי — אַ גוטע נאַכט.

איז פינצטער, שלעפעריק. האַ — האַ — טויב, פונדערווייטנס, ווי מען באַגלייט נאָוואָבראַנצעס 1). האַ — האַ מען הערט גאָרנישט, ווייל דער צוג טראָגט זיך שוין און פאָכעט און בלאָזט ווי ער וואָלט צעבלאָזן אַ פייערטאָפּ.

סאָסנאָוויץ. און מיט אַ דראָשקע צום „שוואַרצער". שלום־עליכם, יונגערמאַן! מה שמך? ער נעמט אַרויס אַ בריוו און פאַרגלייכט. ס'איז אין אָרדענונג.

כ'ליג אויף אַ האַרטער באַנק. ערשט פאַרטאָג דערזע איך די גרויסע שטוב, וואָס איז ווי אַ לאַנגע קאַמער, און איך דערפיל דאָס אַלטע האָלץ פון די בענק און פון די לאַנגע ברעטער־טישן. ס'קומט אַריין אַ מיידל פון אַ יאָר פופצן־זעכצן, אויף לייכטע לאַטשן, וואָס האַלטן זיך נישט אויף די באָרוועסע פיס, נאָר זיי פּאַטשן און קלאַפּן אויף דער פּאָדלאָגע.

גייענדיק פלעכט זי אַ צאָפּ און פאַרוואַרפט אים אַריבער דעם אַקסל, ווען זי איז פאַרטיק. אַ בלאַס פּנים, גרויסע פאַרוווּנדערטע שוואַרצע אויגן. פון די האַלב־נאַקעטע הענט, באָרוועסע פיס און שטיק האַלדז, בלאַנקט פאַר מיר מיט געניוג נאַקעטקייט און רייץ.

איר זענט עס דער אַמעריקאַנער? דער טאַטעשי דאַוונט און ער וועט באַלד אַריינקומען.

זי דערלאַנגט מיר אַ צעבויגענע קופּערנע קוואָרט און ווייזט מיר אָן אויפן פאַס מיט וואַסער, אַז איך זאָל אָפּגיסן נעגל־וואַסער. זי ברענגט אַריין הייסע וואַסער מיט מילך און עטלעכע איינגעשניטענע קייזערקעס 2) מיט פּוטער. יעדער מאָל, ווען זי קומט צו צו מיר דערפיל איך וואַרעמ־קייט פון געלעגער, ווי פאַרקנאָטן טייג, מיט דעם זיס־זויער פון היי‏‏זון.

ס'איז איהן דאָ וואָס מקנא צו זיין — זאָגט זי צו מיר מיט אַ זיפץ און ס'שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן. — ס'וועט איהן זיין גוט אין אַמעריקע.

וואָס זענט איר אַ טרעפערקע?

אָבער זי הערט מיך נישט. אוודאי איז איהן דאָ וואָס מקנא צו זיין — רעדט זי מיט אַן עלנטער און ווייטער שטים, ווי ווייט עס זענען די

1) נאָוואָבראַנצי — רעקרוטן.
2) קייזערקעס — זעמעלעך.

אויגן, וואָס קוקן אַרויס און אַריבער דעם דרויסן, אַזש צו מיין אַמעריקע.

איך שטיי איבער דעם צוגעפוילטן פּאַס. מיין פּנים שווימט אַרום אין שוואַרצן וואַסער. איך שעפּ אָן די קוואָרט און גיס אויס, שעפּ אָן און גיס אויס. און איך דערמאָן זיך אין דער מעשה־נורא מיט דעם ייִדן, וואָס איז געפֿאָרן קיין מצרים לערנען כישוף. אויפֿן וועג טרעט דער ייִד אָפּ אין אַן אכסניא, און ווי דער בעל־אכסניא הערט, אַז ער פֿאָרט לערנען כישוף, הייסט ער אים קודם־כל זיך וואַשן צום עסן, און בעת ער שטייט אַזוי מיט דער קוואָרט איבערן פּאַס, נעמט דער בעל־אכסניא און טוט אים אָן אַ כישוף. ער צעשפּילט פֿאַר אים אַ פֿאַנטאַסטיש לעבן, ער מאַכט אים חתונה, ער מאַכט אים רייך, ער גיט אים איבער אין די הענט פֿון ים־רויבער, ער ראַטעוועט אים, ער מאַכט אים אָרים, ער פֿירט פֿאַר אים אַדורך מיט זעלטענער וואַרהאַפּטיקייט צענדליקער יאָרן, ער מאַכט אים אומ־גליקלעך, צעבראָכן, אַלט; און ווען דאָס לעבן האַלט שוין ביים אויסצאַנקען, טוט דער בעל־אכסניא פֿון אים אָפּ דעם כישוף און דער ייִד דערזעט, אַז דאָס איז ער אַזוי געשטאַנען בלויז עטלעכע מינוט איבערן פּאַס וואַסער און ער האָט דורכגעלעבט אַ מוראדיק לעבן.

אָט אַזוי, דאַכט זיך מיר אויך, אַז דאָס מיידל וועט מיר דאָ באַלד אָנטאָן אַ כישוף און איך וועל דאָ בלייבן זיצן מיין גאַנץ לעבן. וואָס מיר אַמעריקע? ווער דאַרף זיך אַרומטליקען אויף אַזאַ לאַנגער נסיעה? בלייבן דאָ, חתונה האָבן מיט דעם „שוואַרצערס" טאָכטער, גיין אָנגעטאָן אין אַטלאַסענעם שלאַפֿראָק, זיצן שבת ביים טיש איבער דעם שמעקנדיקן קוילעטש, די זיסע שלייען, בוינע מיט פֿערפֿל, פּעט שטיקל פֿלייש מיט כריין, מערן־צימעס, פֿלוימען און דאָס גאָלדענע גלעזעלע וויסאָצקיס. די לעכט אין די הויכע זילבערנע לייכטער פֿלעמלען און ווילן זיך ראַטעווען. און אין דער שטיל, אין דער פֿינצטער, קוש איך האַלב־שלעפֿעריק דאָס יונגע, שעמעוודיקע און שוואַנגערדיקע ווייב. בול. בול. מיין פּנים שווימט אַרום אין שוואַרצן פּאַס.

איך זיץ און זופּ די באַוואַרקע 1) און זי שטייט איבער מיר. זי זעט אויס עלנט, ווי ס׳קען נאָר אויסזען אַ ייִדישע טאָכטער, וואָס וואַקסט

1) באַוואַרקע — וואַסער מיט מילך.

פּלוצים אויס, איידער טאַטע־מאַמע האָבן צייט זיך אַרומצוקוקן און זי פאַרשטיין.

עס איז איהן אַוודאי דאָ וואָס מקנא צו זיין!

דער „שוואַרצער" קומט אַריין אין טלית און תפילין. לייגט צו די האַנט צום של־יד, של־ראש און גיט אַ קוש.

—ני־אָ — ווייזט ער אויפן מויל — טועם?

איך ווייז אים, אויך פאַנטאָמין, אויפן גלעזל וואַסער מיט מילך.

ער שמוצערט מיט די ליפּן, מאַכט חוזק. רחל — שרייט ער צו דער טאָכטער — ני־אָ, אַביסל פּאַדשמעטאַנע, ני—אָ, אַ גרין ציבעלקעלע, בתולה, איי, בתולה, ווייזט ער אויפן קאָפּ, אַז זי האָט נישט קיין שכל. זי פּאַטשט מיט די לאַטשן און ברענגט אַ טעלער מיט זויערמילך.

ער רירט אָן די תפילין. ס'זאָל הייסן, צי איך האָב שוין געדאַוונט. ווען ער כאַפּט מיין פאַרלעגנהייט, מאַכט ער שנעל ני־אָ, ני־אָ, ווייזט אָן אויף זיין אחור און אַרויף צו דער סטעליע און שאָקלט מיט דעם קאָפּ אויף ניין. ער איז מיר קלאָר מסביר דעם געדאַנק, אַז אים ווערט מען פאַר מיר, הייסט עס, נישט שמייסן. ער גיט זיך אַ פּעסטן שטעל אַוועק שמונה־עשרה און נעמט גלייך מאַכן שווערע טריט אויף צוריק, ווי ער וואָלט זיך אויסגעשפּאַנט פון אַן עול.

אַז עס איז געוואָרן טונקל איז געקומען אַ יונג מיט לאַנגע שטיוול, וואָס די כאָלעוועס האָבן אים דערגרייכט ביז איבער די קני. עס איז אויך פּלוצים אויסגעוואַקסן אַ יונגערמאַן וואָס איז אַנטלאָפן פון פּאָניען. ער האָט ביים „שוואַרצער" אויסגעטאָן דעם קייסערס מלבושים, אָנגעטאָן ציווילע קליידער און אַפילו ברילן. דער סאָלדאַט איז געזעסן אויף הייסע קוילן.

ווען וועט מען זיך שוין רירן פון אָרט, ווען וועט מען שטעלן פיס? — האָט ער געשריגן — איר ווילט מיך דאָ אַוועקהרגענען. איר ווייסט מיט וואָס דאָס שמעקט?

דער יונג מיט די לאַנגע שטיוול האָט געהאַט צייט. ער האָט קודם־כל געהייסן שעכטן אַ הערינג און דערלאַנגען משקה. ער האָט געהאַלטן אין איין פּאַקן ראַזעווע ברויט אין מויל אַריין און אַריינגיסן איין קעלישקל

באַכן אַנדערן. נאָך יעדער מאָל וואָס ער וואָס אויסגעליידיקט דאָס גלעזל האָט ער געגומען באַרוזקן דעם סאָלדאַט.

ס׳אַרט אייך. איר זענט אין די ריכטיקע הענט.

אָבער אַפילו דער „שוואַרצער" האָט דעם יונג גענומען דערמאָנען אין זיינע פליכטן.

רחמיאל! לאָז שוין אָפּ דאָס פלעשל. אַ בראָך איז צו דיין קאָפּ. ווערסט אים באַלד האָבן ערגעץ אַנדערש.

ערשט ווען ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער האָט זיך דער שוואַרצער מיט אונדז געגומען אויסחשבונען. ער האָט אונדז געווונטשן אַ גוטן שליטוועגס, דערמאָנט דעם יונג, אַז ער זאָל האָבן דעם קאָפּ אויף די פלייצעס.

צאתכם לשלום! צאתכם לשלום — האָט ער געזאָגט מיט אַ פרום גלחיש פנים, ווי ער וואָלט אונדז אַלעמען איבערגעצלמט. דאָס מיידל איז פלוצים אויסגעוואַקסן לעבן מיר. זי האָט מיר דערלאַנגט אַ קאַלט הענטל און איך האָב געזוכט עפּעס אַ וואַרעם וואָרט, אָבער די צונג האָט זיך ביי מיר געפּלאָנטערט.

מעמיר אַמאָל שטעלן פיס? איר שעכט דאָך מיך. כ׳על זיך דאָך דאַרפן אָנטאָן אַ שטריק אויפן האַלדז — האָט דער סאָלדאַט געגומען קלאָגן ווי אַ ייִדענע.

צאתכם לשלום! לשלום!

דאָס מיידל איז אַנטלאָפן ווי אַ קעצל אין ווייטסטן ווינקל. דער יונג האָט אויפגעפּראַלט די טיר און מיר זענען אַריין אין אַ שטיק פינצטערניש.

רחמיאל — האָט דער שוואַרצער נאָכגעשריגן — געדענק, אַ בראָך איז צו דיינע ביינער. אַ קאָפּ איז נישט קיין טאָכעס.

מיר זענען געגאַנגען דורך היגטערגאָסן. פונוויטנס האָט מען געהערט דאָס בילן פון אַ הונט. עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט און מיר האָבן געטראָטן אויף ווייכער ערד מיט ווייכע טריט. דער יונג מיט די שטיוול איז געגאַנגען פאָרויס און זיך אַביסל אונטערגעוואַקלט. ער האָט געפּאָנ־פעט צו זיך אַליין.

— ער גיט מיר אַ קאָפּ פון אַ הערינג, אַ לעק אָקעוויט, 1) אַ האַלבן

1) אָקעוויט — משקה.

קאַרב און ער מיינט, אַז ער מאַכט מיך גליקלעך. אַזאַ זבראָדניאַזש 1). אַ בראַנד זאָל אים טרעפן.

דער סאָלדאַט האָט געפּרעפּלט, אַז אויב ס'וועט חלילה נישט אָפּגיין גלאַטיק, וועט ער זיך אַ מעשה אָנטאָן. מיר זענען געגאַנגען און געגאַנגען און נישט געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן און פּלוצים האָבן אָנגעהויבן טרעפן זאַכן ווי אין אַ כישוף־מעשהלע. פּריזער איז פאַרשוווּנדן דער פירער מיט די הויכע כאָלעוועס. שפּעטער אַז איך האָב געכאַפּט אַ זייטיקן בליק איז שוין דער סאָלדאַט אויך געווען פאַרשוווּנדן. איך האָב גענומען גיין גיכער. ס'האָט מיר אָנגעהויבן אויסזען, אַז מען האָט מיר דאָ אָפּגעטון אַ שפּיצל, אויסגענאַרט דאָס געלט און געלאָזט שטעקן צווישן אַ פינצטערן הימל און אַ פינצטערער ערד. איך האָב גענומען גיין נאָך האַסטיקער און פון גרויס פּחדנות האָב איך געשפּאַנט מיט פעסטע טריט און געהויבענעם קאָפּ, ווי ס'טרעפט אָפט מיט מענטשן וואָס האַלטן אָט־אָט ביי צוזאַמענ־קראַכן.

באַלד נעמען זיך די בלאַטיקע שטעגן פאַרוואַנדלען אין שמאָלע ציכטיקע טראָטואַרלעך. איך גיי אַלץ פאָרויס און נישט אַרונטער פון גלייכן וועג. עס באַווייזן זיך אָפּגעפּוצטע הייזלעך מיט ווו־נישט־ווו אַ ליכטיק פענצטער. און אָט שטיי איך אינמיטן שטאָט צווישן וועגענער און טראַמ־ווייען, וואָס לויפן פאַרביי מיט אַ סווישטש. די זעלבע גויִשקע פּנימער, גויִשקע וואָנצן און גויִשקע מיילער ווי אין יעדער פּוילישער שטאָט, אָבער די איבערראַשונג קומט ערשט ווען זיי עפענען די מיילער. איך קוק אויף יעדער פאַרגרעבטן פּנים און איך קען זיך נישט אָפּוווּנדערן. ס'עפנט זיך אַ מויל און איך הער — — יאָ — יאָ.

איך גיי־צו צו אַ פּאָליציאַנט, וואָס זעט אויס ווי אונדזערער אַ סטראַזשניק 2) און נאָך איידער איך קום צו נאָענט צו אים, באַגריסט ער מיך.

גע‌פּעליגסט!

איך מיש זיך אויס צווישן די מענטשן אויף דער גאַס און איך הייב אָן אויסטשוכען ווי פון אַ חלום, יאָ — יאָ, בשלום אַריבער די גרענעץ.

---

1) זבראָדניאַזש — מערדער.
2) סטראַזשניק — פּאָליציאַנט.

יאָ — יאָ. ס'האָט זיך געביטן די געאָגראַפיע. עס האָבן נישט געקלונגען קיין גלעקער און נישט געקנאַלט קיין קאַנאָנען, נאָר מיר־נישט־דיר־נישט אַריבער פון פּשאַקרעוו 1) צו יאָ — יאָ. איך האָב געהאַט אַ מאָדנע פאַר־געניגן צו קוקן אַלעמען אין פּנים און וואַרטן ביז דאָס מויל וועט זיך עפענען און — יאָ — יאָ.

די מערסטע זענען שיכורלעך. אַ יונגער פויער שלעפּט מיך אַריין אין אַן אָנגערייכערטער קנייפּע. איך טרינק פּעטן, שוימיקן, שוואַרצן ביר פון לאַנגע, שמאָלע קופּעלס. מען זינגט, מען כראַקעט. איך האָב מורא צו פרעגן ווו איך געפין זיך, ערשט דורך גנבהשע פאָרטלען געפין איך ענד־לעך אויס אַז איך בין אין מיסלאָוויץ און אַז מיט אַ שטראָסענבאַן קומט מען דירעקט קיין קאַטאָוויץ: כ'רייס זיך קוים אַרויס פון די צוגעלאָזענע שיכורים און דער קנייפּע און נאָך דיזעלביקע נאַכט בין איך אין קאַ־טאָוויץ.

צוגן, צוגן, צוגן. האַנאָווער, פראַנקפורט, עטלעכע שעה אין בערלין. ווייטער געפאָרן, געפאָרן. צוגן מיט זינגענדיקע פריילעכע סטודענטן אין גרינע היטעלעך. איך בין מיד. דער קאָפּ שווימט פון נישט שלאָפן. ערשט אין ברעמען, מיט מיין גאַנצער פריי־פויגלדיקער האַלטונג, דערקענט מען אין מיר דעם אימיגראַנט און איך בין שוין נישט אין מיינע הענט. איך הייב אָן ווערן געזעצלעך רעגולירט און ס'אַרט מיר שוין נישט, ווייל איך בין טויט־שלעפעריק. איך זע אַלעמען ווי דורך פאַרקלענער־גלעזער און איך הער רייד, וואָס ציִען זיך ווי פעדעם און האָבן גאָר קיין האָפט נישט.

יענע נאַכט שלאָף איך אויף אַ שטיינערנער פּאַליצע, ווי אויף אַ טרעפּ אין אַ קאַלטן מרחץ. ווען מיין פּנים, אָדער האַנט רירט אָן אַ קאַלטן שטיק, כאַפּ איך זיך אויף. ס'איז שטאָק פינצטער. מענער און פרויען רעדן עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכן יִדיש, וואָס קלעפּט זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. לעבן מיר, פּיל איך, ליגט אַ פרוי, זי אָטעמט מיר אַריין אין פּנים. אַ גאַנצע נאַכט ליגט אויף מיר איר באָרוועסער פוס און איך האָב זיך מורא צו רירן. ערשט אינדערפרי זע איך, אַז די אַלע יִדן מיט יִדענעס זענען גאָר גוים, וואָס רעדן פלעמיש.

---

1) פּשיאַקרעוו — הינטיש בלוט.

מ׳שטעלט מיר אַ גאַנצע ריי אָפּיציעלע פֿראַגן. מען גיט מיר אַ טוש און איידער איך קוק זיך אַרום, פֿאַל איך אַריין אין אַ געזאַלצענער שיף, וואָס שטינקט מיט סמאָלע, אַלטע שטריק, פֿאַרזשאַווערט אייזן און שפּי־טאָל. זעק און פּעסער ליגן אָנגעוואָרפֿן איבער דעם גאַנצן דעק. מען גיט צו עסן גראָבע מאכלים און שפּעטער פֿאַלט יעדער אַריין צו זיך אין אַן אייגענעם, פּריוואַטן גהינום. מען ליגט פֿאַר זיך אַנדערטהאַלבן מעת־לעת און מען פֿילט אַז די געדערים זעצן דיר אַרויס דורך דעם מויל און דער נאָז. מען הייבט־אויף אַ שווערן קאָפּ און מען זוכט אַ וואַרעם פּנים, אָבער מען זעט זיך אַרומגערינגלט מיט בלוטיקע שונאים, און ווען מען אַרט עס צי ס׳איז טאָג־נאַכט־טאָג.

אָנגעקומען בשלום קיין האָל, נעמט מען צוזאַמען אַלע ייִדן מיט ייִדע־נעס און אַ ראַביי מאַכט איבער אונדז אַ ברכה. ער האַלט אַ דרשה וועגן דעם וואַנדער־פֿאָלק ישראל, וועגן יעקבס פּיס וואָס זענען שוין מיד פֿון וואַנדערן. מען סערווירט אונדז ערגעץ אויף פֿינצטערע טישן, צווישן פּייכטע ווענט. דער בויך איז נאָך פֿול מיט בלאָטערן פֿון דער קורצער שיף־רייזע. מען קייט מיט שרעק אַ שטיקל האַרט ברויט און מען הערט זיך איין אויב עס געשעט נישט קיין קאַטאַסטראָפֿע נאָך יעדער ביסן. מען זופּט קאַלטע, חלשותדיקע, מוטנע טיי.

אַ צוג, ליווערפּול. אַ הכנסת־אורחים מיט עטלעכע צימערן, וואָס זענען אייגנטלעך איין צימער אָבער אָפּגעטיילט איינער פֿון אַנדערן דורך טרעפּ, גייסט אַרונטער עטלעכע טרעפּ רעכטס און דו פֿאַלסט אַריין אין אַ צימער מיט בעטן און בעטן, עטלעכע טרעפּ לינקס און דו ביסט אין עס־צימער.

איך טרעף זיך דאָרט מיט אַ יונגנמאַן. ער באַקענט מיך מיט זיין שוועסטער ליזאַ, אַ מיידל מיט רויטע האָר און זומערשפּרענקלעך און מיט איר פֿריינדין, סאָניאַ, וואָס קאָקעטירט מיט צווי לאַנגע שוואַרצע צעפּ — אירע צעפּ זענען אַזוי שוואַרץ אַז זיי זעען אַזש אויס פֿייכטלעך. דער יונגערמאַן קומט מיר אויס אַ מאָדנער מענטש, ווייל ער פֿאָרט נישט קיין ניו־יאָרק, נאָר גאָר קיין קאָנעטיקוט. ער און זיין שוועסטער זינגען האַרצרייסנדיקע רוסישע ראָמאַנסן. מיר אַלע פֿיר קנאַקן רוסיש און בראָ־דיען אַזוי דריי טעג איבער די ליווערפּולער גאַסן.

אַקוויטאַניע. מיר שטייען אויפן דעק. מען לאַדעוועט אַרויף געפּעק, גרויסע יונגען מיט געזונטע הענט אַרבעטן און וויצלען זיך. לעבן מיר אויפן דעק שטייט אַ הויכער מאַן, אַ 60 יעריקער מיט אַ שווערן אָפּגעשאָבענעם קאָפּ. דאָס גלאַט־ראַזירטע פּנים זעט אויס אַביסל הערמאַפראָדיטיש און עדיסאָן־מעסיק — נישט צו זען אַפילו דאָס מינדסטע הערעלע, בלויז ראָזעווע אָדערלעך צעמאַפּעווען דאָס פּנים.

דער מאַן וויצלט זיך דורך מיט די פלינקע יונגען, וואָס שטייען ביים האַפן און לאַדעווען אַרויף דעם באַגאַזש. ער פון דעק שרייט אַריבער צו זיי אַ וואָרט און זיי זעצן אַרויס אין געלעכטער. זיי ענטפערן אים אָפּ און ער קנאַלט אַרויס ווי אַ דונער. איך פאַרשטיי נישט קיין וואָרט, אָבער איך שלינג די טאָנאַליטעט פון דער נייער שפּראַך.

דער הויכער מאַן מיט דעם גרויסן קאָפּ איז אַן אַמעריקאַנער דייטש, וואָס האָט באַזוכט זיין געבוירנשטאָט און איצט פאָרט ער צוריק קיין אַמעריקע.

דער אַמעריקאַנער דייטש צערעדט זיך מיט מיר שפּעטער אויף דער שיף און ער מאַכט גוטמוטיק חוזק פון מיר און פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, זאָגט ער, פאָרט קיין ניו־יאָרק און דאָס גאַנצע יידישע פאָלק פאָרט צו אַ פעטער און דער פעטער אַרבעט אין אַ שאָפּ ביי העמדער, ציגאַרן, אָדער ביי הויזן. ער גיט מיר אַן עצה אַז איך זאָל האָבן דעם פעטער מיינעם גוט אין הינטן און פאָרן מיט אים אויפן לאַנד, ווו ער האָט פערד, קי, חזירים, הינער. ער איז מיך גרייט מיטצונעמען און אַפילו צאָלן מיינע רייזע־הוצאות פון ניו־יאָרק ביז צו אים. איך בין נאָך אַ יונגערמאַן, דאַרף איך נישט אַריינפאַלן אין אַ פינצטערן סוועט־שאָפּ. פאַרוואָס זאָל איך נישט לעבן אַ געזונט לעבן און אַרבעטן ביי געזונטער אַרבעט?

דער דייטש דערציילט מיר פון דער אַמעריקאַנער פּריירי, פון לופט פאַר יידישע צוזאַמענגעקוועטשטע לונגען, פון נעכט וואָס גיבן דיר רו און פון מאָדנע פייגל, וואָס שרייען וויפּערוויל אַ גאַנצע נאַכט; און מיט אַ פּעטלעכן ווינק פון אויגל צו מיין יוגנט, וויל ער מיך אויך נעמען מיט מעשות וועגן שיקסעס, וואָס טליקען זיך אַרום ביינאַכט אין היי.

דער יידישער קוכער מיט דעם ווייסן טשיפּיק לאָזט נישט פאַרגעסן

די ייִדישע פּאַסאַזשירן אַז ס׳איז שבועות. ער קאָכט ווונדערלעכע מילכיקע מאכלים און זעלטן פיינע קוגלען. איך, מיין פריינד און די צוויי מיידן דרייען זיך אַרום ביז שפּעט אויף דער נאַכט אויפן דעק און מיר זינגען „טשייקאַ״, „ביסטרי קאַק וואָלני״.1) ליזאַ איז אַביסל אַן אַנעמיש מיידל און זי גייט פרי׳ער פאַר אונדז שלאָפן, אָבער די שוואַרצע סאָניע האָט אַ דראַטענעם אויסדויער. זי קושט זיך מיט מיר און מיט מיין שיף־חבר וואָס מאַכט איר קאָמפּלימענטן, אַז זי איז אַ ניטשעאַנישע איבער־מויד. סאָניאַ שווערט מיר אייביקע ליבע און איך איר אויך עפּעס ענלעכס. זי נעמט מיין חבר פאַר אַן עדות. זי שווערט גלייך מיין חבר הייליקע און געטרייע ליבע און נעמט מיך פאַר אַן עדות. מיר רייסן זיך קוים אָפּ פון סאָניאַן און צעגייען זיך אין אונדזערע קאַיוטעס.

סאָניאַ, די שיף־שוועסטער, איז פון שיף גלייך אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון אַ קצב, אַן אַמעריקאַנער שוועסטערקינד, וואָס האָט זי אימ־פּאָרטירט פאַר אַ כלה. איך האָב זי אַ סך מאָל געזען אַרויסקוקן פון אַ האַרלעמער בוטשער־שאַפּ. זי איז געשטאַנען ביים פענצטער און צווישן די זייטלעך פליייש האָט זי אויסגעזען ווי אַ טרויעריק קעלבל מיט נאַ־רישע, גרויסע, פאַרבענקטע אויגן. און איך בין נישט געפאָרן אין די פּריירים און נישט צום וויפּערוויל, נאָר דווקא אין ניו־יאָרק צו אַ פעטער אַ ציגאַר־מאַכער, וואָס איז מיך אַפילו נישט געקומען אָפּנעמען, ווייל ער האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן אַ טאָג אַרבעט.

ס׳האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרץ. דער גאַנצער אָנשטעל פון מיין וועלטלעכקייט האָט זיך פּלוצים גענומען ברעכן אונטער דעם וואַרעמען טומל פון קושעגישן און האַלדזעגישן, פון פרייד־געשרייען, פון ברוך־הבאס אין נייעם לאַנד. מיין אַריינפאָר איז ווייט נישט געווען קיין טריי־אומפאַלער.

אַ ייִד מיט אַ קנעפּל פון הכנסת־אורחים איז מיט מיר אַרומגעגאַנ־גען אַ גאַנצן טאָג זוכן דעם פעטער, וואָס האָט שוין דורך דער צייט, זייט ער האָט מיר געשיקט די שיפסקאַרטע, געביטן זיין אַדרעס שיינע עטלעכע מאָל. נאָך גוט וואָס דער ייִד פון הכנסת־אורחים האָט געהאַט

1) ביסטרי קאַק וואָלני — שנעל ווי די כוואַליעס.

געדולד. איך האָב אים פונדעסטוועגן געהיט ווי אַן אבן־טוב. כ'האָב מורא געהאַט, אַז אָט־אָט וועט פּלאַצן זיין געדולד און ער וועט מיך פאַרלירן און אונטערוואַרפן.

אַ גאַנצן טאָג איז מיר נאָכגעגאַנגען דעם דייטשס געלעכטער, וואָס האָט אַרויסגעקנאַלט פון אַ מויל שווערע גאָלדענע ציין — דאָס יידישע פאָלק זוכט דעם פעטער —

איבערן קאָפּ האָבן געקלאַפּט פינצטערע אויבערבאַנען. ס'האָבן געבראַזגעט שווערע וועגענער. פון אַ געשעפט האָט געגרעגערט אַ גראַמאָפאָן — „דאָס טליתל איז דאָך די איינציקע טרייסט".

אַ געוויין איז מיר פאַרגליווערט געוואָרן אין גאָרגל. דער האַרטער ברוך־הבא צו מיר האָט מיך איינגעשלעפערט ווי אַ בער און מיך פאַראייזט אויף שיינע עטלעכע יאָר.

## V

דער בעסאַראַבער פון באָגאָטאַ האָט מיך געפּאַקט אויפן דעק אין ער האָט זיך שיעור צעקושט מיט מיר.

איר ווייסט גאָרנישט ווי איך זוך אייך אָרום — ווי מען זוכט אַן אוצר. אַזוי ווי ס'איז שוין די לעצטע נאַכט פון אונדזער יאַזדע, מעג איך זיך פאַר אייך מודה זיין, אַז איך האָב אייך ליב ווי אַ ברודער. און פאַרוואָס מיינט איר האָב איך אייך ליב? ווייל איר האָט אַ פּאָר גאָלדענע אויערן. אייערע אויערן זענען ווערט אַ מיליאָן, איר קענט זיצן און הערן און הערן און הערן, איר מעגט מיך טאַקע האָבן ביין איילן אין דער אדמה, ס'מעג אייך טאַקע אַריין אין איין אויער און אַרויס דורכן אַנדערן, אָבער דערווייל זיצט איר און איר הערט מיט אַ פּאָר טייערע אויערן. איך בין אַ צעקראָכענער מענטש און אַז ס'האַרץ ווערט מיר איבערגעלאָדן, מוז איך זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, אָבער גיי רעד, אַז מענטשן הערן נישט. איך רעד און איך זע, אַז ס'וואַרט שוין אַ פּיסק, וואָס וויל זיך עפענען און אויך רעדן. רעדן פון אַ מויל צו אַ מויל איז אַן אומגליק. און מיינט איר אפשר אַז איך בין בעסער. איך האָב אויך נישט קיין געדולד, אַז מען דולט מיר אַ קאָפּ. אָבער אַז איך רעד צו אייך, רעד איך גלייך אַריין אין

אַ פּאָר פּיינע אויערן. איר הערט? איר זענט אַליין נישט קיין מבין אויף זיך. ווען איך פאַרמאָג אַזעלכע אויערן וואָלט איך זיי פאַרסטראַכירט.

פון אַ ווינקל הערט זיך אַ העברעיִש ליד. אַ יונג ווייבעריש שטימעלע הייבט אָן און ס׳העלפן גלייך אונטער צוויי טענאָרן, וואָס דעקן דאָס שטי־מעלע פון בײדע זייטן.

איר ווייסט ווער זיי זענען? דאָס זענען אײדעלע קינדער, העברעיִשע לערערס, אַ יונג פּאָרל און אַ פריינט. זיי האָבן געהאַט גוטע שטעלעס. האָבן זיי עס איבערגעלאָזט און זיי פאָרן קיין ארץ־ישראל. איר קענט זיך קוים פאָרשטעלן ווי איך בין זיי מקנא. איי, ארץ־ישראל. די פינצטערע מערת־המכפלה, דער מוטער רחלס קבר, דער כותל־המערבי. איי, אַז איך דערמאָן זיך אין ארץ־ישראל, הייבט מיר אָן פינטלען אין קאָפּ מיט קליינע אותיותלעך. איך דערמאָן זיך אין מיין מלמד, אַ פרומען ייִד מיט אַ לאַנגער גרייז־גרויער באָרד, ער האָט אַליין אויסגעזען ווי איינער פון די אבות. איר געדענקט? יעקב ליגט אין בעט און אַרום בעט שטייען זיינע צוועלף בנים, יונגען ווי די סאָסנעס איינס ביי איינס, חברה וואָס האָבן געקענט דערלאַנגען אַ קלאַפּ, אַז מען האָט באַדאַרפט. שטייען זיי אַרום בעט און ער זינגט צו יוספן, מיט אַן אויסגעדאַרטן האַלדז, ווי מיין מלמד: ואני, כאָטשבי, איך בין דיך מטריח מיט מיין קבורה, אָבער צו דיין מוטער רחל האָב איך נישט אַזוי געטון. איר געדענקט? אַ שיינע מעשה צי איר געדענקט? ביי מיר איז עס שוין ווי דורך אַ זיפּ, ס׳זיפּט זיך דורך אַ ייִדיש וואָרט. אָבער זיי רעדן דאָרט העברעיִש, ווי זיי וואָלטן געווען פון חומש אַרויס. אָבער פאַרדאָן. מען מוז לויפן זיך אַביסל איבערטאָן, ס׳איז דאָך עפּעס די לעצטע נאַכט. היינט וועט דאָך ביי אַלעמען זיין וואַך־נאַכט. מען דאַרף אַריינכאַפּן אַ טאַנץ. איר הערט, איך האַלט פון אַריינכאַפּן, ווייל עס איז אַלץ ניטשעוואָ 1) און בלאָטע. אָבער למען־השם, לאָזט זיך זען אינדערפרי, איידער מיר גייען אַרונטער פון שיף. איך מוז דריקן אייער האַנט און אייך באַדאַנקען פאַר אייערע גאָלדענע אויערן.

אין טאַנצזאַל איז ענג. מען טאַנצט איינער אויפן אַנדערן. דער שווייס שלאָגט אין פּנים, אַזוי גיך ווי מען קומט אַריבער די שוועל, אָבער די

1) ניטשעוואָ — גאָרנישט.

פּאַרלעך שווימען עלעגאַנט אין דער ענגשאַפט. דער הויכער פּיאַניסט דרייט זיך אַרום אַ פּאַרלוירענער און זוכט זיך צו דערשלעפּן צו דער טיר וואָס פירט אין באַר.

ע, טו? — שרייט ער אויס, ווען ער דערזעט מיך. איר אויך אין דער דאָזיקער טערקישער באָד מיט די ווייבער? ער כאַפּט מיך ביי דער האַנט, און זשאָנגלירט מיך און זיך קונציק אַרויס פון טאַנצזאַל.

דער באַר איז שוין אויך באַזעצט. דער פּיאַניסט געפינט ערגעץ אַ ווינקל און מיר זעצן זיך אַוועק. די ענגלישע מאַניר־לעכקייט האָט געכאַפּט אַן איבעריקע כוסה. די געלעכטערס זענען דאָסמאָל פרייער און קלינגענ־דיקער ווי אַלעמאָל. אָבער איבער אַלע געלעכטערס הערט מען דעם וויאָ־לענטשעלדיקן באַריטאָן פון דעם בלאָנדן רוס.

סאָניעטשקאַ טי אָטשאַראָוואַטעלנאַ ! 1).

דער מיטלסטער גרויסער טיש איז באַזעצט מיט דער יונגער רוסי־שער קאָלאָניע. סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ קיניגט אין צענטער פון טיש. סאָניאַ איז היינט אויסגעפּוצט און אַרומגעהילט מיט אַ טערקישער שאַל אויף אַ שרייענדיק געהאַפטן קלייד. זי טראָגט שוואַרצע, שווערע באָמבלענדיקע אויערינגלעך און איר גרויסער קאָפּ זעט היינט אויס נאָך גרעסער.

סאָניעטשקאַ טי אָטשאַראָוואַטעלנאַ !

ביי אַ צווייטן גרויסן טיש לאָזט זיך ווילגיין די יוגנט. דריי זעלטן־שיינע מיידלעך פון אַ יאָר פופצן־זעכצן, מיט געפאַרבטע באַקן און אונ־טערגעפירטע אויגן, זיצן און שיכורן מיט עטלעכע יונגעלייט. די מיידלעך טראָגן אַבסורד־לאַנגע קליידער, טיף־דעקאָלטירט פון ביידע זייטן. זיי קאָקעטירן מיט זייערע נאַקעטע פּלייצעס און מיט דעם קוועקזילבערדיקן וועג, וואָס ציטערט צווישן די דריי־פערטל אָפּגעדעקטע בריסט. זיי שפּילן זיך מיט די הויך־אָפּצאַסירטע שיך אויף די באָרוועסע פיסלעך, וואָס זע־נען לענגלעך און כמעט ייִנגלש.

לעבן אונדז זיצט די שאַפּעראָנקע, אַ פרוי מיט אַ האַרט, קלוג פּנים און מיט דראָטענע, זילבערנע האָר. זי, וואָס איז ספּעציעל מיטגעפּאָרן אכטונג צו געבן אויף די יונגע מיידלעך, האָט זיך גלייך די ערשטע נאַכט

---

1) סאָניעטשקאַ טי אָטשעראָוואַטעלנאַ — סאָניע, ביסט וווּנדערלעך.

אָפּגעזוכט אַן עלטערן היכן מאַן. זי איז געווען אַזוי פאַרנומען יעדער נאַכט מיט איר אייגענער מאָראַל, אַז די דריי מיידלעך האָבן פראַנק און פריי געטאַנצט, געשיכורט און פאַרשווונדן אין פרעמדע קאַיוטעס.

איצט זענען זיי געזעסן מיט פינף־זעקס יונגעלייט, וואָס זענען גע־ווען אָנגעטאָן אין טאָקסידאָס. די גאַנצע גרופּע האָט געמאַכט אַן איינ־דרוק ווי מען וואָלט זיך געשפּילט זייער טיכטיק אין טאַטע־מאַמע, אין דעם טאַטנס הויזן און דער מאַמעס קליידער.

די שאַפּעראָנקע זייערע איז שוין געווען היבש פאַרשנאָשקעט, יעדער ווײַלע האָט זיך איינע פון די מיידלעך אויפגעהויבן און צוגעגאַנגען צו דער אויפזעערין, איר אַ קוש געטאָן אין שטערן און געזאָגט: „דאַרלינג״! און ווידער צוריק צו דער גרופּע.

די דורכגעטריבענע גוווערנאַנטקע האָט קיינמאָל נישט געקענט פאַר־שיכורן איר דורכגעטריבנקייט.

איך דאַרף עס היטן אָט־די יונגע צויגן, זאָגט זי צו איר עלטערן קאַ־וואַליער, נאָכדעם ווי זי גיט אַ זופּ פון גלעזל. ווער ווייסט צי עס איז זיי נאָך עפּעס איבערגעבליבן, וואָס זאָל זיך לוינען אָפּצוהיטן. איר באַמערקט די דריי פּראַכטפולע שלאַנקע הורן, איר דאַרפט זיי אַלע דריי זען אונטער אַ שפּריץ. איך ווייס אויף זיך קוקנדיק, ווען איך זע זייערע שטייפע, גלאַנ־ציקע קערפּערס און וווּנדערלעך־געביינטע פיס. איך זאָג צו זיך — אַ גוטע נאַכט, מערי, שוין צייט גיין שלאָפן.

מען וואָלט געקענט לעבן, נאָר מען לאָזט נישט — הער איך פּלוצים אַ יידיש וואָרט. דאָס האָט מיר דער פּרייז־פייטער אַרײַנגעשושקעט אין אויער אַריין, אָנווייזנדיק אויף די דריי מיידלעך. פאַר אַזעלכע דריי וואָלט איך זיך אַפילו געשמדט, ווי איך בין אַ ייִד.

ער דערלאַנגט מיר אַ ווונק מיט דעם אויגל און טראָגט זיך גלייך אָפּ מיט דעם „מאַן־פּרייטיק״, וואָס היט אים נאָך אַלץ זיינע טריט.

אין באַר ווערט אַלץ הייסער און ענגער. פון טאַנצזאַל קומען אַריין צעהיצטע פּאָרלעך. מיין פּיאַניסט וואָס האָט שוין אויסגעטרונקען שיינע עטלעכע כוסות, נעמט מיך פּלוצים אָנקוקן מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן,

יוו טו, העיט מי! יו טו! 1) — שרייט ער אויס. ער הייבט אויף די געד־לײמטע פֿיס און ער וואַקלט זיך אַרויס פֿון באַר.

ערשט ווען איך בלייב זיצן אַליין, דערפֿיל איך ווי עס וויגט זיך קוים־קוים דער דיל און איך דערמאָן זיך, אַז היינט פֿאַרברענגען מיר די לעצטע נאַכט אופֿן וואַסער.

היינט גייט מען נישט שלאָפֿן, היינט ווען מיר מיט די אויגן צופֿירן די שיף צום ברעג.

דאָס האָט מיך די וויסקאָנסינער לערערן אָפּגעזוכט.

איך שטער אפֿשר אייער איינזאַמקייט? איר ווייסט? די יונגע מוזי־קאַנטן זענען דאָ, זיי וואַרטן אויפֿן דעק. עס איז אַ וווּנדערשיינע נאַכט און דאָ ווערגט עס ביים האַלדז.

זי נעמט מיך אָן ביי דער האַנט און פֿירט מיך, נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפֿער. אָבער ווען מיר גייען פֿאַרביי דעם רוסישן טיש שפּרינגט דער בלאָנדער אויף.

ני — ני — דאָס וועט היינט נישט גיין. היינט איז נישט קיין נאַכט פֿאַר אינדיווידואַלשטשינע. היינט זענען מיר אַלע קאָלעקטיוויסטן. קיין ליבע, קיין לײַדנשאַפֿט, היינט איז מען צוזאַמען און מען ליבט זיך צו־זאַמען.

און כּדי צו אילוסטרירן זיין געדאַנק, צעזינגט ער זיך אויפֿן קול און די גאַנצע סאָוועטישע „קאָלאָניע״ העלפֿט אים אונטער, אַפֿילו דער ערנסטער כאַזשעוו זינגט אויך מיט.

וו׳סאַמאָם דיעליע, 2) — זאָגט סאָניאַ, — בלייבט מיט אונדז.

מיר אַנטשולדיקן זיך און רייסן זיך קוים אַרויס פֿון זייער צוגע־לאָזנקייט. מיר דערקלערן זיי אַז מיר וועלן זיך שפּעטער טרעפֿן אויפֿן דעק.

אויף איינעם פֿון די טרעפּ, וואָס פֿירן אַרויף צום אויבערשטן דעק איז די וויסקאָנסינער געבליבן שטיין. זי האָט זיך אַביסל פֿאַרהאַלטן. מיט־אַמאָל האָט זי איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין אירע הענט און אָנגעהויבן כליפּען. ס׳איז געקומען אַזוי פּלוצים, אַז איר כליפּען האָט מיך גענומען

1) יו טו, העיט מי! יו טו! — דו אויך האַסט מיך, דו אויך!
2) יו סאַמאָס דיעליע — אייגנטלעך.

ווערגן און די הענט האָבן מיר געגומען ציטערן פון הילפלאָזיקייט. איך האָב זיך ביי איר געבעטן און זי גענומען באַרויִקן מיט אַ שטים, וואָס האָט מיך פאַרראַטן און אַליין געציטערט שיעור נישט ווי אַ געוויין.

אָבער פונקט אַזוי פלוצים ווי זי האָט אָנגעהויבן וויינען, אַזוי פלוצים האָט זי אויפגעהערט.

אַנטשולדיקט — אַ גרויסן איבערגעוואַקסענעם נאַר

— זי האָט אויסגעווישט די טרערן מיט די הענט ווי אַ קליין מיידעלע

— איך האָב אייך אָבער געוואָרנט אַ גאַנצן טאָג, אַז איך וועל זיך צע־וויינען.

מיר זענען אַרויף שווייגנדיקע. זי האָט זיך געטוליעט צו מיר, און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז עפּעס איז צווישן אונדז פאַרלאָפן. איך האָב געפילט אַז זי האָט מיר אָנפאַרטרויט עפּעס אַ וויכטיקע זאַך, כאָטש וואָס אַזוינס האָב איך אַקוראַט נישט געוווּסט.

אויפן דעק איז געווען קיל און געראַם, אָבער ביים ערשטן בליק אויפן וואַסער האָט געגעבן אַ צוק ביים האַרצן. די גרויסע אומענד, די שרעקנדיקע לענג און ברייט איז איינגעשרומפּן. דאָס וואַסער איז איצטער געווען אַ סך שמעלער. קליינע אינדזעלעך, פּירעקיקע, קיילעכדיקע און גלאַט פאָרמלאָזע, האָבן גענומען אַרויסשווימען פון וואַסער. ס׳האָט אויס־געזען ווי מען האָט דעם ים אויסגעביסן גרויסע שטיקער און זיי פאַר־וואַנדלט אין טריקעניש. פאַרשוווּנדן איז אויך די טיף מיט דעם בייזן אָפּגרונט. ס׳וואַסער איז געווען רויִק און פליטקע. אונדזער שיף איז גע־שווּמען ווי אַ קליין שיפל און דער מאָטאָר האָט געפּלעסקעט, ווי עמעצער וואָלט געררודערט מיט וועסלעס.

פון ווייטנס האָבן געוווּנקען און געציטערט רויטע און גרינע פייער־לעך. ניט נאָר האָט אַלץ איצט אויסגעזען ווי בעת די שיף איז אָפּגעפאָרן, נאָר ס׳האָט אַפילו געשמעקט מיטן זעלביקן גערוך פון סמאָלע, ערד און ברעג. די שיף אונדזערע איז געשווומען לאַנגזאַמער. זי האָט בלויז ווי אַ זיכערער שווימער געלייגט קלאַפּטער.

אַלע האָבן גערעדט שטיל. דער הויכער שוואַרצער דיפּלאָמאַט פון האַיטי האָט געפירט עלעגאַנט זיין לאַטווישע דאַמע און זיך אַלעמאָל אָנגעבויגן. איר עפּעס אַריינגעשעפּטשעט אין אויער און אַ קוש געגעבן.

דער יונגער ביכערפאַרלעגער איז אַרומגעגאַנגען געאָרעמט מיט אַ שוואַ־רער מויד, וואָס האָט געהאַט גרויסע, אומהיימלעכע קעצענע אויגן. איך דער פינצטער האָבן זיי געבליצט און געלויכטן און כמעט ווי באַלויכטן איר קאַוואַליערס אומגעדולדיק פּנים.

די יונגע מוזיקאַנטן זענען געשטאַנען אָנגעלענט ביים פּארענטש און אַריינגעקוקט אין וואַסער. אַ שמאָלער ליכט־פּאַס האָט ערגעץ ווייט גע־וואַרעמט אַ שטיק וואַסער און אָנגעוויזן דאָס אָרט, ווו די זון וועט זיך דורכגליִען.

איך האָב פּלוצים דערפילט אַ מידקייט אין אַלע גלידער. די שיף אונדדזוערע האָט געטרובעט און עטלעכע שיפן האָבן אָפּגעענטפערט דעם ווידערקול. איך האָב צוגעפירט די וויסקאנסינער צו די יונגע מוזיקאַנטן און איך האָב זיך אַנטשולדיקט.

פאַרשלאָפענע מאַטראָסן זענען געשטאַנען און געוואַשן שטיקער דעק. זיי האָבן זיך קוים באַוועגט און נישט אויסגערעדט אַ וואָרט איינס צום אַנדערן. דאָס וואַסער האָט אויפגעוועקט טוכלע גערוכן פון האַלץ. די מאַטראָזן האָבן זיך געוויגט ווי אין שלאָף. איך האָב איינעם געפרעגט, ווי שפּעט עס איז. עטלעכע האָבן געענטפערט צוזאַמען ווי אויטאָמאַטן.

נאָך גוטע זעקס שעה ביז צום לאַנדן.

איך האָב געפילט, אַז איך מוז זיך אויסשטרעקן אויפן שיף־בעטל און ליגן עטלעכע שעה מיט געשלאָסענע אויגן. די קאָרידאָרן זענען שוין פּאַקטיש געווען באַריקאַדירט מיט אָנגעוואָרפענע וואַליזן און שווערע קופערטס. די טונקעלע קאָרידאָרן זענען נאָך טונקעלער. פאַרלעך האָבן געשלייכט ביי די ווענט קריכנדיק איבער דעם אָנגעוואָרפענעם באַגאַזש. דריי הויכע יונגען האָבן געפירט, כמעט ווי געטראָגן, די דריי יונגע הויכע מיידן. יעדע פון זיי איז געלעגן מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ אויף איר קאַוואַ־ליער. אַ קאַיוטע־טיר האָט זיך געעפנט און זיי זענען פאַרשוווּנדן. דער בלאָנדער רוס האָט געפירט די מיטליעריקע ענגלענדערן. ער האָט זי געשלעפּט גיכער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז די שיף וועט זיך אָט־אָט אָפּשטעלן. זי איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ קעלבל מיט טראָציקע טריט. זי איז געווען שיכור און זי האָט געגרעפּצט און געמורמלט.

טייערער, קיינער, קיינער האָט מיט מיר נישט געטון אַזעלכעס. איך האָב שוין באַלד אַזעלכע זין ווי דו. וווּ פירסטו מיך?

און דער רוס האָט געהאַלטן אין איין ענטפערן — נו דאַ! נו דאַ! 1) — און זי אַלץ געשלעפּט צו זיין טיר.

די סטואַרדס זענען געזעסן אויף שווערע קופערטס ווי בודאַס. זיי האָבן געפּיפּקעט ליולקעס און אַפילו נישט באַוועגט מיט קיין ברעם.

מיין שכנטע, אַן אַלטיטשקע לערערקע פון אַ יאָר זעכציק, שטייט ביי איר קאַיוטע און פאָרעט זיך מיט דעם שליסל ביי דער טיר. אַז זי דערזעט מיך נעמט זי רעדן ווי צו זיך אַליין.

היי־יאָר וועט מען זיין אין שפּאַניע. פאַראַיאָרן אויך געווען אין שפּאַניע. פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר פאַר איך אַלץ קיין שפּאַניע. מען ווערט צוגעוווינט. אַ מענטש איז אַ געוווינהייט־באַשעפעניש. שפּאַניע איז שפּאַניע, וואָס איז דען דער אונטערשייד — איטאַליע איז דען אינ־טערעסאַנטער? איך בין אַ שפּאַנישע לערערקע פאָר איך קיין שפּאַניע. ווען איך וואָלט געווען אַ דייטשע לערערקע וואָלט איך מסתמא געפאָרן קיין דייטשלאַנד. עס וואָלט געווען מערקווירדיק, ווען איך וואָלט דעמאָלט אויך געפאָרן קיין שפּאַניע. ס'קען זיין, אַז מיט שפּאַניע איז פאַרבונדן מיין גורל. כאָטש וואָס פאַר אַ גורל איז עס, אַז שוין דרייסיק יאָר, ווי איך קען דעם גורל נישט אָנכאַפּן ביים עק. איר זענט פאַרהייראַט?

זי געניצט, זי פּלאָנטערט מיט דעם שליסל.

אַ גוטע נאַכט. בוענאַס נאָטשעס, ווי מען זאָגט אין שפּאַניע.

איך ליג אויפן בעטל און וויג זיך. איך באַמי זיך צו האַלטן די אויגן אָפן, ווי איך וואָלט מורא געהאַט אַז איך וועל עפּעס פאַרשלאָפן.

אָבער ווען איך כאַפּ זיך אויף דערפיל איך מאָדנע. דער גאַנצער קערפּער מיינער איז מיטאַמאָל שווערער געוואָרן און פאַרלוירן אַ ריטם, וואָס צו אים איז ער שוין געווען צוגעוווינט. איך דערשפּיר אַ פיזישע ענדערונג אין אַלע מיינע גלידער און אויטאָמאַטיש דערפיל איך, אַז די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט.

---

1) נו דאַ, נו דאַ, — נו יאָ, נו יאָ.

## ו

די דערווייטערונג איז געקומען אַ סך שנעלער ווי די דערנענטערונג. ווען מיר אַלע זענען געשטאַנען מיט די געעפנטע רענצלעך אין דעם גרויסן האַפּן־וואָקזאַל, האָבן מיר אויסגעמיטן צו קוקן איינער אויף דעם אַנדערן. און טאָמער האָבן מיר זיך פֿאַרטשעפּעט מיט די בליקן האָבן מיר געשמייכלט ווי פֿאַרשולדיקטע, ווי מיר וואָלטן זיך געשעמט פֿאַר דער וואַקכאַנאַליע פֿון פֿריינדשאַפֿט, צוגעלאָזנקייט און ברידערשאַפֿט, וואָס האָט געבושעוועט צווישן אונדז גאַנצע פֿינף טעג. מיר זענען איצט געשטאַנען יעדער פֿאַר זיך. יעדער איינער האָט זיך צוריקגעבראַכט אין אָרדענונג און זיך פֿאַרבונדן מיט זיין סאָציאַלן שטאַנד פֿון יענער זייט ים, מיט דעם אייגענעם יחוס, פּליכטן און פֿאָראורטיילן, וואָס מען האָט סוספּענדירט אויף אַ ווייל. מען האָט זיך געשעמט, וואָס מען האָט זיך אַזוי מיר־נישט־דיר־נישט באַפֿריינדעט, און איצט האָט מען דאָס אַלץ איבערגעשניטן. די ווייכערע האָבן געשמייכלט איינער צום אַנדערן מיט אַ־ווי־איינער־רעדט — האָט נישט פֿאַראיבל, ים איז ים און יבשה איז יבשה. איצט זענען מיר מער נישט אָנגעוואָרפֿן איינער אויף דעם אַנדערנס באַקאַנטשאַפֿט און מען מוז ווערן צוריק סטאַטעטשנע.

געווען האַרטערע וואָס האָבן די פֿריינטשאַפֿט איבערגעשניטן מיט אַ מערקווירדיקער חוצפּה. זיי האָבן דיר ספּעציעל געקוקט אין פּנים אַריין מיט אַ פֿאַרגליווערטער פֿרעמדקייט. געווען אין דער פֿרעמדקייט עפּעס פֿון אַ קין, וואָס האָט נאָר־וואָס אָפּגעפּטרט אַ ברודער, ווען ער איז אים געווען אין וועג.

די גאָר סענזעטיווע האָבן געפֿילט ווי אָפּגעפּאַטשט און האָבן געהאַט אַ פֿריקרען נאָכטעם, ווי פֿון אַ ביטערן ציגאַר. דאָס קאַלטע איבערשניידן

פון פּריינטשאַפט איז פאַר זיי געווען אַ שטיק פיינלעכע כירורגיע. פּרויען וואָס האָבן זיך אָט־ערשט געוואַרעמט אין דיר און געהאַלטן דיין האַנט ווי עפּעס אייגנס, שטייען אַנטקעגן דיר מיט פאַרפרוירענע פּנימער. די דאָזיקע סענזעטיווע (מענער אָדער פרויען) האָבן איצט געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט זיי אויסגענוצט, פאַרגוואַלטיקט און אַוועקגעוואָרפן.

דערפאַר זענען איצטער אַלעמענס פּנימער געווען אַזוי קאַלט און אָנגעצויגן, ווי די פּנימער פון די גרעניץ־באַאַמטע, וואָס האָבן זיך געראַיעט אין די רענצלעך. יעדער איינער איז געווען איבערגעטאָן, און יעדער איינער איז געווען איבערראַשנדיק אָנגעטאָן. עס איז געווען אַן אומדערוואַרטעטער איבערבייט פון דעקאָראַציע. האָסט קיינמאָל נישט דערוואַרט, אַז גראָד אַזאַ פרעמדער הוט זאָל שפּראָצן אויף אַ קאָפּ, וואָס דו האָסט די גאַנצע צייט געזען מיט רויטע האָר, וואָס זענען געפלויגן מיט די ים־ווינטלעך. האָסט קיינמאָל נישט דערוואַרט, אַז אַ נייע היטל, אָדער אַן אויבערמאַנטל, אַן אַנדער אַנצוג זאָל אַזוי איבעראַנדערשן אַ געזיכט אָדער אַ געמיט פון מענטשן, וואָס דו האָסט געזען טאָג־טעגלעך אין מער צוגעלאָזענע און אינטימערע קליידער. די וויכע היימישקייט און גוטברידערשאַפט פון די עטלעכע טעג איז אפשר גאָר טיילווייז געלעגן אין די צוגעלאָזענע קליידער. דער דאָזיקער אינטערליוד, וואָס די מערסטע האָבן געזוכט צו פאַרגעסן, איז איצט געלעגן פאַרפּאַקט אין די רענצלעך צוזאַמען מיט קליינע פאָטאָגראַפיעלעך און אַנדערע מעמענטאָס. איצט האָבן עס די מעכאַנישע הענט פון די גרעניץ־באַאַמטע פינף און צוואַנציק מאָל איבערגעוואָרפן, און וואָס מער די אַלע קלייניקייטן זענען אָבער און ווידעראַמאָל געקומען אַרויף, אַלץ גלייכגילטיקער ביסטו געוואָרן צו זיי.

אָבער נישט געקוקט אויף דער באַזונדערער איינגעשרומפּנקייט, האָט אַן אַלגעמיינע הילפלאָזיקייט אַלעמען פאַראייניקט. ס'איז אויף יעדן איינעם געלעגן אויסגעגאָסן אַ געפיל פון פאַרלוירנקייט און עמיגראַנטישקייט. די אויסלענדישע קאָסטיומען פון די גרעניץ־באַאַמטע אָדער פון די פּאָרטערס, דער פלייץ פון דער נייער שפּראַך האָט אַלעמען געגעבן דאָס געפיל, אַז מיר קלאַפּן אין די טויערן פון אַ פרעמד לאַנד. מיר, די שטאָלצע אַמעריקאַנער, האָבן אויסגעזען אַ היבש ביסל פריטשמעליעט און אַפילו

אַביסל פֿאַרברעכעריש, אונטער די פֿאַרדעכטיקע אויגן פֿון די פּראָנצוויזן. ווי זיכער מען זאָל נישט זיין אַז מען האָט נישט קיין פּאַפּיראָסן, ענטפֿערט מען אַלץ מיט אַן אומזיכערן ניין. מען דערמאָנט זיך גראָד אין דער שטרענגער גרעניץ־אונטערזוכונג פֿון יעקבס קינדער, אין דעם אונטער־געוואָרפֿענעם בעכער. ווער ווייסט וואָס עס ליגט אין דעם אייגענעם רענצל?

ערשט אין צוג, וואָס לויפֿט קיין פּאַריז דורך מיאוסע פֿאַרקאָפּטשעטע שטעטלעך און אָרעמע פֿעלדער, זוכט זיך צוריק אָפּ אַ שטיקל פֿאַרבינ־דונג. דער פּאָרטער האָט טאַקע דורך די פֿענצטער געוואָרפֿן דאָס געפּעק אין דעם ערשטן בעסטן וואַגאָן, אָבער פֿון דעם כאַפּ־לאַפּ און טראַף פֿון וואַרפֿעניש, האָט זיך פּאָרט עפּעס אויסקריסטאַליזירט אַן אָפּקלייב.

ווו פֿאָרט אַ ייִד? קיין פּוילן, קיין רומעניע, קיין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, קיין ליטע, ווו זענען אַהינגעקומען די אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס פֿאָרן גלאַט אַזוי, פֿון ווילטאָג וועגן, קיין פּאַריז, איטאַליע, ענגלאַנד, אירלאַנד, שווייץ, שפּאַניע? ווהין פֿאָרט אַ ייִד? פֿונוואַנען האָבן זיך מיטאַמאָל גענומען אַזוי־פֿיל ייִדן? אויף דער שיף האָט מען זיי גאָרנישט אָנגעזען. דאָ זיצן מיר צוזאַמען אין וואַגאָנען ווי אין אַ באַזונדער טשערטאַ אָסיעדלאָסטי.[1] די פּנימער זענען פֿאַרנעפּלט. כאָטש דאָ פֿאָרט איצט דער רייכער און צופֿרי־דענער פֿעטער צום אָרעמען קרוב, כאַפּט שוין דער רייכער פֿעטער אַ שטיקל אָנבליק פֿון דעם קרוב, ווען ער וועט אינגיכן באַגעגענען. ער דערמאָנט זיך, ער געדענקט. די גאַנצע אַמעריקאַנישקייט פֿון צוואַנציק־דרייסיק־פֿערציק יאָר איז אַרונטערגעשווענקט געוואָרן פֿון די פּנימער. ווו פֿאָרט אַ ייִד? אַ רומענישער ייִד, אַ פּוילישער ייִד, אַ רוסישער ייִד, אַ ליטווישער ייִד. אַלע פֿאָרן אַהיים. אַלע זענען פּלוצים געוואָרן פֿאַררומע־נישט, פֿאַרפּוילישט, פֿאַרליטווישט.

די אַנדערע וואַגאָנען זענען פֿאַר ווילטאָג־פֿאָרעם, אָבער דאָ זיצן מענטשן, וואָס פֿאָרן ערגעץ מיט אַ צוועק, און דער עול ליגט אויף אַלע־מען שווער.

איך קוק אויף די פֿאַרחושכטע פּנימער און מיר פֿאַלט איין, אַז אין אַ 25 יאָר אַרום וועט אָט־דער טיפּ פֿאָרער אינגאַנצן פֿאַרשווינדן. ס׳פֿאָרן

1) טשערטאַ אָסיעדלאָסטי — תחום־המושב.

איצט די לעצטע רעשטלעך פון אַלטן דור אויף קבר־אבות, עס זענען שוין באַלד אויסגעשעשטאַרבן אַלע טאַטעס און זיידעס און די זין שטאַרבן שוין אויך ביסלעכווייז אויס. ווען די זינס זין וועלן אַמאָל פאָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, פּוילן ליטע, רומעניע, וועט עס אויך זיין פון ווילטאָג וועגן, פאַר זיי וועט פּוילן זיין ווי אַ זומער־יאַזדע קיין פּאַריז, שווייץ, איטאַליע. קיינער וועט נישט פאָרן אַהיים. מען וועט פאָרן גלאַט אין דער וועלט אַריין, כדי צו באַקלעפּן די רענצלעך מיט אויסלענדישע צעטעלעך, קיינער וועט נישט פאָרן זוכן אייגענע וואָרצלען. יענע פּוילן וועט זיין טויט און די בענקשאַפט אָדער האַס נאָך יענער פּוילן וועט שוין אויך זיין טויט. מען וועט טוריסטעווען, אָבער נישט פאָרן צו שטאַרבנדיקע אָדער טויטע טאַטע־מאַמע. אין אַ פערטל יאָרהונדערט אַרום וועט עפּעס פעלן אין די זעלביקע וואַגאָנען.

אָט פאָרט אַ טאַטע מיט אַ זון. דער טאַטע פאָרט קיין מינסק צו ברידער און שוועסטער, אָבער דער דערוואַקסענער זון פאָרט שוין קיין יו־עס־עס־אַר. אַ מהלך ליגט צווישן טאַטנס מינסק און דעם זונס טוריס־טישער נייגעריקייט צו זען יו־עס־עס־אַר. דער זון האָט אַן אײדל פּנים, געבאָרן געוואָרן אין באָסטאָן, האָט ער דאָרט באַזוכט דעם פּאָליטעכניקום, געענדיקט אינזשיניער, אָבער ער אַרבעט אין טאַטנס שניידער־געשעפט.

אַ ייִדישער אינזשיניער האָט אַ „כינעזערס געלעגנהייט", זאָגט ער מיר מיט טרויעריקע אויגן. איבער דער דאָזיקער ייִדישער אויסזיכט־לאָזיקייט און האָפענונגסלאָזיקייט האָט דער יונגער אינזשיניער פאַר־וואָרפן אַ בריק, אַזש ביז די ברייטסטע מעגלעכקייטן פאַר דער שטודירנ־דיקער יוגנט אין יו־עס־עס־אַר.

אדרבא, ווערט ניט קיין ראַדיקאַל, גיט אַוועק די בעסטע יאָרן פאַר אַ פּראָפעסיע און טראָגט אַרום דעם נאָמען פון אינזשיניער גאָלדשטיין, אָדער קאָהען אָדער גרינשפּאַן, צווישן די באָסטאָנער סנאָבס און אַנטי־סעמיטן.

דאָס זאָגט מיר שוין דער טאַטע, אַ געוועזענער גענאָסע וואָס איז אַביסל פאַרבאָסעוועט געוואָרן אין אַמעריקע. עס וויינט אים דאָס האַרץ קוקנדיק אויפן זון.

מען שרייבט אַ סך וועגן דעם ונתנה תוקף פון דער ייִדישער יוגנט אין פוילן, רומעניע, דייטשלאַנד, אָבער מען פאַרשווייגט אינגאַנצן די ייִדישע יוגנט אין אַמעריקע. עס איז אַ נייע אינקוויזיציע. ייִדישע טאַטעס שעכטן פשוט זייערע קינדער, ווען זיי מאַכן זיי פאַר אינזשיניערן, אַד־וואָקאַטן אָדער דאָקטוירים. ווער? וואָס? ווען? ס׳איז אַ נעבעטיקער טאָג, קיין געלעגנהייט פאַר אַ ייִד! מיין זון האָט געענדיקט מיט גרויס אויסצייכענונג. אַ פייערדיקער קאָפּ אין מאַטעמאַטיק, פּונקט צוגעפּאַסט פאַר דעם טאַטנס שניידער־קאָפּ. דערפאַר מוז מען געבן קרעדיט סאָוועטנפאַרבאַנד, איך בין מיט זיי טאַקע אין אַ סך זאַכן נישט מסכים, אָבער קרעדיט קומט זיי. זיי האָבן אָפּגעשאַפט די גוי־ייִד שווייגערײַ. אָבער כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, מען טאָר נישט זינדיקן. אַז איך דערמאָן זיך אין מיין זונס חבר פאַבער, שווייג איך שטיל. צי איך קען פאַבערן? אָט האָט איר אייך אַ פראַגע! איך זאָג אייך אָפן אַז מיין זון האָט ביי אים געמעגט די שטיוול פוצן. מיין זון האָט אַ פייערדיקן קאָפּ און יענער האָט אַן אמת־געניאַלן קאָפּ. דאָס איז אַ שטיקל חילוק. ווען ער וואָלט געווען אַ גוי, וואָלט ער געווען דער גרעסטער אַמעריקאַנער אינזשיניער און עס וואָלט מיט אים געקלונגען אַמעריקע, אַזוי זיצט ער איצט אין טויטן־הויז. איך זאָג אייך עס רייסט מיר דאָס האַרץ, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם יונג. ער האָט עס זיכער געטון פון פאַרביטערונג. ייִדישער אינזשיניער — האָפנונגסלאָזיקייט, האָט זיך ביי אים עפּעס איבערגעדרייט אין קאָפּ פון גרויס ערגערניש. דערצו האָט ער נאָך אָנגעטראָפן דעם עלטערן מילען, איז דאָס געווען אַ פויגל, וואָס האָט אַריינגעצויגן זיין אייגענעם ייִנגערן ברודער צוזאַמען מיט פאַבערן. דער ערנסטער פאַבער מיט דעם לומדישן קאָפּ איז געוואָרן אַנשטאָט אַ גלענצנדער אינזשיניער, אַ גלענצנדער באַנדיט און מערדער, איצט וועט ער שוין גיין אַ גאַנג. אַזאַ יונג לעבן וועט ברענען אויפן עלעקטרישן טשער. קיין דאָקטער און קיין רופא וועט דאָ נישט העלפן.

מען טאָר נישט איבערטרייבן דעם אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטיזמוס — רופט זיך אָן אַ ייִד, מיט אַ גאַליציאַנער אויסשפּראַך און מיט אַ שפּיציק בערדל — די פּראָפעסיאָנען זענען אין אַלגעמיין אַביסל איבערגעפּאַקט. דאָס איז אַן עקאָנאָמישער לאַנדעס־פּראָבלעם, אָבער אום גאָטעס ווילן

נישט קיין אַנטיסעמיטיזמוס. אַנטיסעמיטיזמוס הייסט, ווען עס גיסט זיך דער פּעך און שוועבל אויף ייִדן דירעקט פון דער רעגירונג. ווען עס ווערט פאַרשריבן אין די געזעץ־ביכער, ווען מען הייבט אויף אָרגאַני־זירטערהייט אַ האַנט אויף אַ ייִדישער באַק, ווען עס גיסט זיך, באַהיט און באַשירעמט זאָל מען ווערן, ייִדיש בלוט. לאָמיר נישט זינדיקן, לאָמיר נישט זיין אומדאַנקבאַר. אַמעריקאַנער ייִדן טאָרן נישט זינדיקן.

די פעלדער וואָס טראָגן זיך פאַרביי זענען פאַרשטויבט און אָרע־מאַנסקע. דאָס גראָז זעט אויס שמוציקלעך און פאַרטרוקנט. פון אַנדערע וואַגאָנען הערן זיך ברייטע געלעכטערס. דאָס לאַכן די לוסט־רייזנדיקע, אָבער דאָ אין אונדזער געטאָ איז שוין ענג פון ייִדישע צרות. אָבער ווי ענג ס'איז נישט, פאַרבלאָנדזשעט אַלץ אַריין נאָך אַ ייִד און נאָך אַ ייִד.

ווהין פאָרט אַ ייִד? קיין פּוילן, קיין רומעניע. וואָס? קיין טשעכאָ־סלאָוואַקיע! קיין... קיין... קיין.

אַז דער צוג קומט אָן אין גאַר סען לאַזאַר נאָכמיטאָג, גיסט אַן איינ־געגעסענער רעגן און כאָטש עס איז סאַמע אָנהייב יולי, האָט דער רעגן אַ קאַלטן ביס אין יעדן טראָפּן.

## II

פון וואָקזאַל ביז דעם האָטעל, אַ מהלך פון עטלעכע גאַסן, טראָגט דער טרעגער דאָס געפּעק אויף די פּלייצעס. זיין צעבויגענע פיגור ווערט לאַסטפּערדיש אונטער דער שווערער מאַסע. ער גייט מיט צעשפּרייטע פיס און הייבט יעדן פוס באַזונדער ווי אַ העלפאַנט.

פון האָטעל־פענצטער זעט אַלץ אויס אויסערגעוויינלעך־געוויינלעך. ווייזט אויס, אַז דער רעגן האָט אַ סך צו טון דערמיט. נישטאָ קיין גע־וויינלעכערע דערשיינונג פון אַ רעגן, וואָס פּליוכעט און פּליוכעט און וואַשט אַרונטער יעטוועדער באַזונדערן גלאַנץ און רייץ פון די הייזער, דעכער און מענטשן.

אַ זייטיק פענצטער אין האָטעל קוקט אַרונטער אויף אַ געסל — אַ צעקרומטס, אַ צעהויקערטס, וואָס פירט משופּעדיק צווישן ברוינלעכע הייזער מיט אָפּגעשיילטע ווענט. אַ מאַן מיט אַ בערעט און מיט די הענט

אין קעשענעס, לויפט ווי אַ קאַץ צווישן די ענגע ווענט. ער לויפט צוריק, ס׳הייבט אָן שמעקן מיט סיוס פאַריזער געהיימנישן. אַ פרוי שפּאַנט איבערן שמאָלן טראָטואַר, אויף הויכע צעקרומטע אָפּצאַסן און עס דאַכט זיך, אַז זי גייט קרום, אַז זי קלעטערט אויף אַ שטיק וואַנט. זי וועגט שווער מיט איר טראָט און עס זעט אויס ווי אָט־אָט און דאָס שמוציקע געסל וועט זי אויסגיסן ווי פון אַ פּאָמעשאַף. זי וועט זיכער אַרויפפאַלן אויף דער אַנט־קעגנאיבערדיקער וואַנט און איר קליין שטרוי־היטל, וואָס איז אָנגעטון בערעטמעסיק וועט אַרונטערפליִען פון קאָפּ. עפּעס גיט אין מיר אַ צאַפּל, זי קוקט אַרויף צום פענצטער און געניצט. זי האָט אַ טרויעריק, גלייכ־גילטיק פּנים.

ס׳רעגנט און רעגנט. איך ליג אויפן בעט און איך זוך אַ שליסל מיט וואָס צו עפענען די נייע שטאָט, אָבער דער רעגן וואַשט אַלע גע־דאַנקען צוזאַמען.

אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק קומט אַריין. זי גיט מיר זייף, האַנטיכער, זי לאָזט פאַר מיר אָנלויפן אַ וואַנע. זי קומט אַריין, גייט אַרויס מיט גלייכגילטיקע טריט. ווידער גיט אַ צאַפּל אין מיר. איך הער ווי זי דראַ־לעט אין קאָרידאָר און איך טראַכט אַלץ פון אירע גלייכגילטיקע טריט.

עפּעס פאַרדריסט מיך, איך ווער נערוועז און ס׳דויערט שיינע עט־לעכע מינוט ביז איך לאָז צו, אַז איך זאָל זיך אַליין נעמען אויף אַ דאַפּראַס.1) עס איז מיר אַ סך ליבער, אַז איך זאָל זיך ערגערן אָן אַ פאַרוואָס, ס׳זעט אויס שענער — רעגנדיקע געררייצטקייט, וועלטשמערצ־דיק. אָבער אַז איך עפן אַ טירל ביי זיך, שטעל איך שוין אַריין אַ פוס. איך גיב זיך אַ פּאַק ביים גאָרגל און דערלאַנג זיך אַ פרעג אויג־אויף־אויג, אויב ס׳פאַרדריסט נישט צומאָל דעם יאָלד אין מיר, וואָס פאַריז האָט טאַקע שוין אויף אַן אָרט, נישט גענומען אויספּאַקן פאַר מיר איר גאַנצע מאָפּאַסאַנישקייט, באַלזאַקישקייט?

די דינסט קומט אַריין, פאַרדרייט די קראַנען, גייט ווידער אַרויס און פאַרקלאַפּט די טיר. איך פּליעסקע זיך אין וואַנע און איך בין אַנטויש־ביז גאָר.

1) דאַפּראַס — אויספרעג.

אַנטקעגנאיבער מיין האָטעל־פֿענצטער זעט מען אַ גרויסן זייגער. דער שווערער ווייזער גיט אַלעמאָל אַ דריגע. ביינאַכט דאַרף איך אַוועקפֿאָרן און די צייט לויפֿט. ווי אַזוי בייסט מען פֿאָרט איין די פֿרעמדע שטאָט?

כ׳נעם אַ טאַקסי און איך הייב אָן אויספּרוּוון מיינע אַדרעסן. איין אַדרעס, אַ צווייטער, אַ דריטער. אַלע זענען אויף דאַטשע. איך בין אַליין אין אַ פֿאַררעגנטער שטאָט, צווישן פֿאַררעגנטע מאָנומענטן. כ׳דערשפּיר בעת־מעשה, אַז די אויסלענדישקייט פֿון אַ שטאָט ליגט דער עיקר אין אירע מאָנומענטן און פּאָליציאַנטישע מונדירן. די טאַקסי העצקעט זיך איבער אַ בריק. דער שאָפֿער קערט זיך אום צו מיר מיט אַ האַלבער פּלייצע, ער זשעסטיקולירט מיט אַ האַנט אין קורצע אַנגענעמע זשעסטן. ער קערט זיך אום צו מיר מיט אַ שטיק געזיכט און קראַמפּט אַלע מוסקולן פֿון פּנים, ווען ער רעדט, ווי ס׳וואָלט אים עפּעס ווײ געטון, כאָטש רעדן רעדט ער דווקא זינגעוודיק און ווייך.

אין „דאָם" 1) איז שיטערלעך. בלויז עטלעכע בענק זענען באַזעצט. מען זיפּט קאַווע און מען לייענט דייטשע, רוסישע, פֿראַנצויזישע און ענגלישע צייטונגען. ביי אַ טישל זיצט אַ מאָלער, וואָס איז שוין עטלעכע מאָל געווען אין אַמעריקע. ער איז קורץ און פֿעט, מיט קורצע פֿיס ווי ביי אַ דאַג־הונט. ער האָט אַ פֿאַרוויינט כינעזיש פּנים מיט כינעזיש־געשניטענע אויגן. איך קלייב זיך אַריבער צו זיין טישל און דערצייל אים, אַז איך קום ערשט פֿון אַמעריקע. ס׳מאַכט אויף אים נישט דעם מינדסטן איינדרוק. ער קוקט מיך אָן מיט קאַלטע אויגן. אָבער אַז איך בין שוין אַריינגעפֿאַלן, מוז איך שוין גיין ווייטער. ווען ער ווערט געוואָר, אַז איך בין אַ שרייבער איז ער נאָך אויך נישט באַגייסטערט. ער וויל בשום־אופֿן נישט אַרונטערלאָזן פֿון זיין ווערדע און ער גיט זייטיק אַ טאָפּ אין וואָגן, וואָס פֿאַר אַ סאָרט שרייבער איך בין, צי קען איך דעם, יענעם. אַז איך זאָג אים, איך קען אי דעם, אי יענעם, איז ער נאָך אַלץ נישט אינגאַנצן זיכער. אָבער ער איבערצייגט זיך ביסלעכווייז אַז ווי די זאַך זאָל נישט זיין, ריזיקירט ער נישט צופֿיל מיט מיר, און אַז ס׳איז נישטאָ קיין געפֿאַר, ער זאָל ביי מיר אַביסל אָנווערן פֿון זיין רעפּוטאַציע.

1) „דאָם" — פּאַריזער קאַפֿע־הויז.

## ווען יאַש איז געפאָרן

גיט ער מיר שוין אַ האַלב־היימישן זאָג.

כ׳האָב פאַר איך אַ טרויעריקע בשורה. ביאַליק איז געשטאָרבן.

איך בלייב זיצן אַ געפלעפטער. ער נעמט אַרויס אַ טעלעגראַמע, אונטערגעשריבן פון דיזענגאָף.

דער אַלטער דיזענגאָף, זאָגט ער, וועט עס נישט אויסהאַלטן, ער אַליין אין אַ חרובער מענטש, אפשר גאָר אַ נוטה־למות.

ווי אַ בליץ וואָס טרעפט גלייך לעבן דיר, אַזוי דערפילט מען יעדער מאָל, ווען עס שטאַרבט איינער פון שרייבער־פאָך. אַ קנאַק, אַ פאַל, שרעק און דערלייכטערונג, וואָס עס האָט פאַרט געטראָפן דערלעבן.

אַ גרויסער ייִד! וואָס רעד איך, דער גרעסטער ייִד! אַן אדם גדול.

איך האָב מורא זיך אַרויסצוכאַפּן מיט אַ וואָרט, וואָס קען נאָך חלילה אָפּשטיין פון זיין לאַמענטאַציע־טאָן.

דער גרעסטער פּאָעט זייט יהודה הלוי! ער וואָלט זיכער געקראָגן דעם נאָבעל־פּרייז, שרייט ער.

פאַרמאָגט אין זיך אַזויפיל לעבן, דערוועג איך זיך אַביסל אַריינצו־פאַלן אין זיין קלאָגליד, געהאַט יונגע אויגן, אַ שווערן קאָפּ, אַ גרויסן קאַרק און האַרעפּאַשנע, אַביסל געבויגענע פּלייצעס, געטראָגן אַ גרויס שטיק פון ייִדישן עול אויף זיי.

איר האָט אים געקענט? כאַפּט ער זיך אָן און זיינע כינעזישע אויגעלעך ווערן נאָך קלענער.

נישט געקענט, נאָר געזען. בלויז דריי מאָל געזען.

איך וואַרט, אַז ער זאָל מיך בעטן אים איבערצוגעבן מיינע מאָגערע מעמוּאַרן וועגן די דריי מאָל, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען און צו הערן ביאַליקן, אָבער ער שווימט נאָך אַלץ ווי אַ פּעטע קאַטשקע אין אַ רעזערוואַר פון זיינע אייגענע טרויעריקע אויסרופן. ער באַמיט זיך מיר צו געבן דעם איינדרוק, אַז ס׳איז אַ גרויסער חילוק פון מיין געשטאָר־בענעם ביאַליק, ביז זיין געשטאָרבענעם ביאַליק. ביי מיר איז געשטאָרבן דער נאַציאָנאַלער פּאָעט, אָבער אין דעם האָט יעדער ייִד פון גאַס אַ שטיקל חלק. ביי אים אָבער, אַזוי ווי ער איז איינגאַנצן ארץ־ישראל, אַזוי ווי ער איז אויך אַ נאַציאָנאַלער פּאָעט מיט דעם פּינזל, און אַזוי ווי ער איז צוזאַמענגעקנאָטן מיט דעם לאַנד און גייסט פון לאַנד, און אַזוי ווי ער

האָט ביאַליקן געקענט נאָענט, אינטים, געווען אַ יוצא־ונכנס אין הויז, גע־זען אים קיניגן ביי די עונג־שבת־שמועסן, איז ביי אים אָפּגע־שטאָרבן אַן אייגענער ביאַליק. ער פילט איצט ווי, ער זוכט אַ פּאַסיקן פאַרגלייך, ווי ס'וואָלט ביי אים געשטאָרבן אַן אייגענער פעטער, וואָס איז געווען אַ ייִד אַ תלמיד־חכם. אמת, די גאַנצע שטאָט באַוויינט אים טאַקע אַ הדרת־פּנים, אָבער ביי אים איז עס פאָרט זיינער אַן אייגענער פעטער, פאַרשטאַנען?

איך בין באַזיגט און איך קאַפּיטוליר אינגאַנצן. ספּעציעל ווען ער דערציילט מיר, אַז ער האָט אַ היבש ביסל נחלה אין ארץ־ישראל.

ווי מען רופט עס ביי אייך אויף אַמעריקאַניש, ריעל עסטייט. 1) דאָס אַלץ געקויפט מיט קונסט. קונסט, אמתע קונסט באַצאָלט זיך, און הערט נישט וואָס נאַרישע ייִנגלעך ווען אייך דאָ, אין פּאַריז, איינרעדן.

האָב איך נישט קיין ברירה און איך גיב זיך אַליין איבער צו מיין אָרעמען חלק אין ביאַליקן. איך דערמאָן זיך ווי עס איז מיר צום ערשטן מאָל אויסגעקומען צו זען ביאַליקן אינמיטן אַ גרויסן טומל. עס איז געווען ביי אַ באַנקעט, וואָס ייִדישע שרייבער האָבן געגעבן לכבוד דעם גרויסן העברעיִשן שטראָפער. ביאַליק האָט גערעדט, נישט גערעדט, נאָר גע־שמועסט מיט אַ וואַרעמער שטים. ער האָט טאַקע באמת געשפּונען זיין רעדע, ווי אַ שפּין וואָס שיקט אַרויס פעדימלעך אין אַלע זייטן אַ — פע־דימל אַהין, אַ פעדימל אַהער, אומשעדלעכע, צאַרטע פעדימלעך. גוט־צוגעשניטענע פּסוקים, אַ סך גמרא־ווערטלעך, אַ פּאָר ווערטלעכע באַמער־קונגען, אָבער חלילה נישט אינגאַנצן זיך אַריבערגעכאַפּט איבערן פרעמדן פּאַרקן; אויף אַזויפיל בלויז, אויף וויפיל אַ היינטוועלטיקער ייִד דאַרף זיך אַרויסהעלפן, כדי צו באַרייכערן די אייגענע קוואַלן פון ספּעציפישער ייִדי־שער חכמה. אָבער דער עיקר איז דער אייגענער וויינגאָרטן, ווייל אַלץ איז דאָ דאָרט און אַלץ איז דאָרט דאָ צו געפינען.

אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען ווי אומגערן אַרויסגעגליטשט, ווי נישט דאָס איז ער אויסן, אָבער אין דעם אומגערן איז געלעגן אַ פּלאַן, פּונקט ווי עס איז געלעגן אַ פּלאַן אין די אַרויסגעשיקטע פעדימלעך.

---

1) ריעל עסטייט — אומבאַוועגלעך אייגנטום.

אָבער געכאַפּט האָט מען זיך ערשט שפּעטער, ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעשמועסט. בעתן רעדן איז אַלץ געווען אָנגענעם, ווי געהערט דורך אַ האַלבדרימל. אָבער ווען ער האָט אָפּגערעדט, האָט מען ערשט דערזען, אַז די אַלע אומשולדיק אַרויסגעשיקטע פעדים זענען געווען איין שטיק שפּינוועבס, און אין שפּינוועבס האָט זיך געצאַפּלט אַ פליג.

יידיש איז געלעגן היבש צוגעוואָרגן, מען האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען, אַז אייגנטלעך האָט ביאַליק אַזוי בנעימותדיק דערציילט וועגן די צענדליקער זשאַרגאָנען, וואָס די יידן האָבן פאַרמאָגט און וואָס זענען אַלע אונטערגעגאַנגען. ער האָט אייגנטלעך געזאָגט, אַז איין ייד אין ארץ־ישראל איז ווערט צען אין גלות.

ווען ביאַליק האָט זיך שוין געהאַט אַוועקגעזעצט און מען האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט אונדז אַלעמען אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע מלחמה. מיין גאָט, וואָס פאַר אַ יידישע מלחמה, וואָס פאַר אַ טרויעריקע מלחמה. ס'איז געווען עפּעס ל״ג־בעומרדיקס אין דעם דאָזיקן קאַמף. ביאַליק האָט אין טומל אויסגעזען צו זיין זיכערער פון אונדז אַלעמען, גאַנצער, אָבער דערפאַר האָט אים ניט געקליידט די זעלבסטצופרידנקייט. מיר זענען געוואָרן בייזער, צערייצטער, ווייל עס איז אונדז נישט געלונגען צו דערהייבן די קאָנטר־אַטאַקע צו ביאַליקס טאָן, אָבער מיר האָבן אויסגעזען טראַגישער און דערפאַר אפשר גערעכטער.

געווען צווישן אונדז אָבער אויך אידעאַליסטן, משטיינס־געזאָגט, אור־אייניקלעך פון די אייביקע יידישע קרבנות־ברענגער. זיי זענען גלייך גרייט געווען מסכים צו זיין מיט ביאַליקן. זייערע אויגן האָבן געפלאַקערט מיט אַ משוגע פייערל. זיי האָבן געפליגלט מיט די נאָזלעכער, ווי זיי וואָלטן שוין דערפילט דעם גערוך פון בראַנדאָפּפער. גוט אַזוי, פאַרברע־נען דעם סאַמע לעצטן זשאַרגאָן אונדזערן, ברענגען אַ קרבן פאַר דעם אייביקן פאָלק, פאַר דער אייביקער, איינציקער שפּראַך.

געווען ווידער אויך אַנדערע, וואָס האָבן נאָך העכער און סאַדיסטי־שער מסכים געווען מיט ביאַליקן. זיי האָבן דערשמעקט די גאָלדענע גע־לעגנהייט פּטור צו ווערן פון זייערע חברימס האַב־און־גוטס. זיי אַליין האָבן, פערזענלעך, זייער ווייניק אַריינגעלייגט אין דעם לעצטן זשאַרגאָן.

וואָס־זשע אַרט עס זיי אַז מען וועט עס פֿאַרטיליקן, פֿאַרברענען? זאָל דער רויך זעצן ביז צום הימל.

געווען אַזעלכע צווישן אונדז, וואָס האָבן זיך געזוכט צו פֿאַרמעסטן אָראַטאָריש מיט דעם אָנגרייפֿער. רעפּובליק־ייִדיש דאָס זענען זיי, טאָ זאָל דער „שונא" זען, וואָס ייִדיש האָט אַרויסגעגעבן. אַ סך פֿון זייערע רייד זענען געפֿאַלן אויפֿן טיש ווי פֿאַלשע מטבעות.

אָבער אמת טראַגיש האָבן אויסגעזען די פֿאַרשעמטע, ווי מען וואָלט זיי פּלוצים די צונג אויסגעשניטן. זענען זיי געשטאַנען אַנטקעגן ביאַ־ליקן, געוועוועט ווי שטומע, געזעצט אין טיש, דאַכט זיך אויך געביילט פּויסטן.

איך האָב זיך אויך געבאָמבלט צווישן די פֿאַרשעמטע און באַליי־דיקטע. ס'האָט מיר געקלעמט דאָס האַרץ פֿאַר מיינע עטלעכע צענדליק לידער, וואָס מען וויל דאָ אומברענגען אין קאַמף פֿאַרן לשון, און איך האָב געזעצט אין טיש גלייך מיט אַלעמען.

ביאַליקס באַקן זענען געווען פֿאַרגאָסן מיט אַביסל קאָליר. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אונדז אין פּנים אַריין. דער שטערן האָט געגלאַנצט. ווען ער האָט נאָכאַמאָל גענומען דאָס וואָרט, האָט ער אויסגעזען אַביסל גרויסאינקוויזיטאָריש. אפֿשר האָט אים ווי געטון, ווען מיר האָבן ביי אים צוריק געפֿאָדערט אונדזער מאַמע־לשון, אָבער ער האָט געבויגן די פּלייצע נאָך נידעריקער, געטראָגן דעם עול פֿון אונדזערע קריוודעס. נאָר פֿאַר אונדז האָט ער פֿאָרט נישט געהאַט קיין טרייסט. ער האָט אונדז געסטראַ־שעט מיט דער גרויזאַמקייט און אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿון דער געשיכטע, ווי איינער רעדט. איר צאַפּלט זיך, קעלבעלעך. איר ווילט נעבעך נישט גיין צו דער שחיטה. נעבעך! אָבער שעכטן וועט מען אייך פֿאָרט.

עטלעכע טעג שפּעטער בין איך געזעסן אין אַ ווינקל פֿון אַ שטילן האָטעל צוזאַמען מיט מיינעם אַ קאָלעגע. צווישן אונדז איז געזעסן ביאַ־ליק. דער קאָלעגע איז געשיקט געוואָרן פֿון זיין ציַיטונג צו כאַפּן אַ שמועס מיט דעם גרויסן העברעיִשן דיכטער. ווייזט אויס, ביאַליק האָט גוט געדענקט, אַז איך בין ערשט געשטאַנען קעגן אים און געשריגן. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויף מיר, ווי ער וואָלט מיר עפּעס שולדיק געווען אַ זאַך, וואָס ער קען מיר בשום־אופֿן נישט אָפּגעבן. אָבער אַז איך

האָב זיך פֿאַרקוקט, האָב איך אָפּט געכאַפּט זיין פֿאַרגנבעטן בליק. גע־וויינלעך פֿלעגט נאָך אַזאַ פֿאַרגנבעטן בליק זיך אַרויסרייסן ביי ביאַליקן אַ יידישלעכער זיפֿץ.

דאָס דריטע און לעצטע מאָל האָב איך געזען ביאַליקן אויף אַ פּלאַטפֿאָרמע צווישן העברעער. ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן און ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ קורצע מלחמה — נישט קיין מלחמה, נאָר אַ מין בירגער־קריג. ס׳האָבן זיך געהערט געשרייען: ספרדית! אשכנזית! אָבער ביאַליק האָט דעם בירגער־קריג אונטערדריקט, פֿלאָנטערנדיק זיך צווישן די ביידע הברות. ביי דעם העברעיִשן אָוונט זענען געזעסן ייִנגלעך, מיידלעך, העברעיִשע לערערס און עטלעכע אַלטע, שטראַלנדיקע ייִדן אין יאַרמלקעס. זיי האָבן געהאַלטן געשלאָסן די אויגן פֿון גרויס מתיקות. וואָס ביאַליק האָט געזאָגט איז זיי קנאַפּ אָנגעגאַנגען. דער עיקר איז געווען לשון־קודש. די ייִנגערע זענען געזעסן מיט האַלב־אָפֿענע מיילער — אַ קלייניקייט, ביאַליק!

ווען איך האָב שוין געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט די עטלעכע פּראָגמענ־טאַרישע דערמאָנונגען, האָב איך ערשט דערזען, אַז דער מאָלער זיצט שוין נישט לעבן מיר. ער איז שוין געזעסן ווייטער פֿון מיר, מיט אַ פּעט־לעכער דאַמע. צו מיר איז ער געזעסן מיט דעם פּראָפֿיל און איך האָב דאָרט געזוכט אַ שפּור פֿון דעם פֿריִערדיקן טרויער. אָבער אויף דעם צע־רונצלטן פּראָפֿיל, וואָס איז ווי געווען געקנאָטן פֿון שוואַרצן פֿעפֿער, האָב איך שוין געזען רייטן אַ ברייטן שמייכל.

די פּעטלעכע דאַמע איז געווען אַ מיאוסע, אָבער איך האָב געמוזט באַשליסן, לויט אַן אַלטן נאַטוראַליסטישן רעצעפּט, אַז זי זאָל עס זיין דער סימבאָל פֿון לעבן, וואָס האָט ביי אים אינגאַנצן אָפּגעווישט דעם טויט פֿון זיין פּריוואַטן, נאַציאָנאַלן פֿעטער.

מיטאַמאָל האָב איך דערפֿילט אויף זיך בליקן. ביי אַ צווייט טישל, לינקס, איז צו מיין גרויסער איבערראַשונג געזעסן די וויסקאָנסינער אי־בער אַ האַלב־אויסגעטרונקען גלעזל ביר. אַ ווײַלע האָבן מיר זיך ביידע אָנגעקוקט, ווי מיר וואָלטן געוואָלט גוט אויספֿאָרשן אויף ווי ווייט דער־ווייטערט מיר זענען שוין, זייט מיר זענען אַרונטער פֿון דער שיף, און

אויף ווי ווייט מיר ווילן פאַרבלייבן דערוווייטערט. פון גרויס איבעררא־שונג האָב איך זי אַפילו פאַרגעסן צו באַגריסן.

זי האָט אויפגעהויבן איר נישט־דערטרונקען גלאָז ביר און זיך אַוועקגעזעצט ביי מיין טיש.

איר ווייסט, אַז עס איז נישט שיין פון אייך, וואָס איר פאָרט נאָך אַלץ נישט אַוועק — זאָגט זי קאָקעטיש — וואָס איז דאָס, שפּיאָנאַזש? ווען איך ווייס, אַז איר זענט פון די יונגעלייט, וואָס קומען קיין פּאַריז און כאַפּן זיך גלייך אַריין אין „דאָם", וואָלט איך מיט אייך קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט אויף דער שיף. אַזוי גיך ווי איך האָב אויסגעפּאַקט מיינע זאַכן, בין איך גלייך אַוועק אין „דאָם". פוי, איך קען זיך דערפאַר נישט אָנקוקן.

דערצייל איך איר ערשט, אַז איך קום פון אַזאַ וויסטן צעך, וואָס פאַרבינדט אין „דאָם" מיט דעם אַנדערן. ווען אַן אונדזעריקער זאָל אויס־פאָרן די גאַנצע וועלט, וועט ער אין יעדער גרויסשטאָט אויסזוכן איר „דאָם". ווען, אייגנטלעך, מיר קענען ביי אַזעלכע אומשטענדן קריגן די געלעגנהייט זיך צו זען און רעדן מיט אַן אמתן מענטשן, איז אַ רעטע־ניש. פונדעסטוועגן שרייבער מיר ביכער און מענטשן מיינען, אַז זיי שלינ־גען שטיקער לעבן. אינדעראמתן זענען עס גאָר שטיקער „דאָם".

אויב אַזוי, גייען מיר שוין אַרויס פונדאַנען.

זי פירט מיך אין אַ קליינעם, ציכטיקן רעסטאָראַן. מיר זיצן איינ־דרויסן, קוקן זיך אָן און שווייגן.

פאַראַן פאָרט עפּעס אין „דאָם" אַזעלכעס, וואָס איז דאָ נישטאָ — האָקט זי פּלוצים איבער — לאָמיר נעמען צום ביישפּיל מוט. אין „דאָם" האָב איך געהאַט מער מוט. דאָרט האָב איך אייך געקענט זאָגן — אָ, זייער אַ סך זאַכן. פאַראַן דאָרט עפּעס אין דער אַטמאָספערע. דאָ פיל איך זיך צוריק באַלעבאַטיש און — אויס פליגל.

אפשר צוריקגיין? — הייב איך זיך העלפט פון בענקל.

ניין! פאַרפאַלן. איך בין טויט־הונגעריק.

זי באַשטעלט אַן אַפּעריטיוו. אַז זי נעצט אין די עטוואָס דיקלעכע ליפּן אין דעם געדיכטן פאָרט, דערזע איך זי ערשט רעכט אַנטקעגן מיר

— די גרויסע איבערגעוואַקסענע מויד, מיט די לאַנגע הענט און לאַנגע פיס, אָפּענע אויגן און ציטערדיקע ליפּן.

איר זענט אַ ייִדי? איך ווייס גאָרנישט וועגן ייִדן.

פונוואַנעט ווייסט איר, אַז מען דאַרף עפּעס ספּעציעל וויסן וועגן ייִדן?

אַנטשולדיקט. איר זענט גערעכט.

ניין, איך בין אומגערעכט, רייץ איך זיך מיט איר.

זי האָט שוין אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזער ווײַן, זי רעדט ווײַניק, אָבער מיטאַמאָל, אַז זי פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל, הייבט זי אָן רעדן פלעגמאַטיש.

ווי לאַנג וועט איר פאַרבלייבן אין פּאַריז? לאָמיר זאָגן אַ פינף־זעקס טעג. דעם ערשטן טאָג וועט איר מיר געבן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אײַך. מיר וועלן גיין איבער די גאַסן און רעדן און רעדן און רעדן. דעם צווייטן וועל איך זיך אין אײַך פאַרליבן. דעם דריטן, וועל איך זײַן גליקלעך. אַנטשולדיקט פאַר דעם נאַרישן וואָרט. ניין, מיר וועלן ביידע זײַן גליקלעך. דעם פערטן, וועט איר זיך פאַרליבן, ניין, נאָך ניט. דעם פערטן וועלן מיר נאָך אַלץ זײַן גליקלעך. ערשט דעם פינפטן, וועט איר זיך פאַרליבן אין אַן אַנדערער און איך וועל זײַן אייפערזיכטיק, ווי אַ מכשפה, און דעם זעקסטן, וועט איר מיך אַוועקוואַרפן.

אַ גאַנץ גוטע פּראָגראַם. אָבער איך פאָר נאָך היינט האַלבע־נאַכט אַוועק קיין פּוילן. די מאַמע איז קראַנק. זייער קראַנק. שוין צוואַנציק יאָר זיך נישט געזען. איך בין איר שולדיק יעדער מינוט. איך וואַרט בלויז אויף אַ צוג. געטראַכט אַפילו פון פליִען.

נעמט מיך מיט. ניין, נעמט מיך נישט מיט. איר וועט האָבן אַ גרויסן פּאַראַזיט אויף אייערע פּלייצעס. די פּראָגראַם אונדזערע וועט דערווייל אָפּגעלייגט ביז איר וועט פאָרן צוריקוועגס. אויב — אויב איך וועל גראָד דעמאָלט נישט זײַן פאַרנומען. גיט מיר אייער פּוילישן אַדרעס און איך וועל אײַך שרייבן אַ בריוול. פאַר אײַך דאָרט וועט עס זײַן אַ גרוס פון „דאָם", אפשר גאָר פון דער ענגלישער שפּראַך, אין פּוילן, ווו אייערע רעדן פּויליש.

ייִדיש!

## יעקב גלאַטשטיין

ייִדיש! ייִדיש! שפּראַכן זענען מיר אַלעמאָל טשיקאַווע. פראַנצויזן רעדן פראַנצויזיש, טערקן רעדן טערקיש, ייִדן רעדן ייִדיש און אַמעריקאַנער רעדן שוין באַלד אַמעריקאַניש. טשיקאַווע אָבער גאַנץ נאַטירלעך. מען רעדט עפּעס וואָס איז אייגנס, וואָס מען האָט אַליין אויסגעוואַרעמט. ס'איז אַזוי פּערזענלעך ווי אָטעמען. מען דאַרף זיך נישט איבערזעצן, נאָר מען עפנט דאָס מויל און מען רעדט אייגענע ווערטער, ווערטער פון פּאָלקסלידער און פון וויגלידער. איך האָב ליב אַזעלכע ווערטער, פּראָסטע און אַלטע, ווי ברויט, וואַסער, פּוטער, מילך, קו, גראָז, הימל, האַרץ, זון, שטערן און ליבע. כ'האָב פיינט די אַנדערע ווערטער, וואָס מאַכן צו קלוג. יעדער שפּראַך וואָלט באַדאַרפט פאַרבלייבן חנעוודיק־נאַריש, אָפּגעגרענעצט פאַר זיך און נישט אויפנעמען די אַלע אינטעליגענטע ממזרים־ווערטער, די קאַריעריסטן וואָס אָרדענען זיך איין און מאַכן אַ לעבן אין אַלע שפּראַכן. דאָס אייניקל וואָלט באַדאַרפט רעדן פּונקט דיזעלביקע רייד ווי דער זיידע.

זי גיט עטלעכע האַסטיקע צי, וואַרפט אַוועק דאָס ציגאַרעטל און רעדט ווייטער.

איך בין שוין אויך אַמאָל געפאָרן זוכן מיין שטאַם, ערגעץ אין אַ קליין שוועדיש שטעטעלע. מיינע עלטערן זענען געבוירן געוואָרן אין וויסקאָנסין, אָבער מיין זיידע, דעם טאַטנס טאַטע, איז צוריקגעפאָרן אין זיין געבוירנשטעטל באַלד ווי מיין טאַטע און די אַנדערע קינדער האָבן געקענט שטיין אויף אייגענע פיס. דער זיידע האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט צוגעווינען צום נייעם לאַנד. אין דעם קליינעם שוועדישן שטעטל האָט מען אַפילו קיין אַדרעס נישט באַדאַרפט אָפּצוזוכן מיין זיידן. דער זיידע האָט מיר נאָר געהאַלטן אין איין קנייפּן די באַקן. זיין צווייט ווייב, מיין שטיפבאָבע, האָט אויף מיר געקוקט מיט בייזע אויגן. זי האָט אפשר מורא געהאַט, אַז איך בין געקומען נאָך ירושה און זי האָט שוין באַדאַרפט פאַרזאָרגן אייגענע קינדער, וואָס זי האָט געהאַט מיטן זיידן. עטלעכע קינדער, כ'האָב זיי נישט איבערגעציילט, זענען אַפילו געווען גאָר ייִנגער פון מיר. אַנדערע זיילן פון מיין משפּחה, הויכע זעקספּוסיקע פעטערס מיט דיקע, ווי צוגעקלעפּטע באַקנבערד, האָבן געטרונקען צו מיין געזונט, געלאַכט הויך און גערעדט, אָבער איך האָב נישט פאַרשטאַנען

קיין וואָרט. ביינאַכט האָט זיך צו מיר אין בעט אַריינגעגנבעט עפּעס אַ געזונטער, נאַרישער קרוב, כ׳געדענק שוין נישט אַקוראַט ווי אַזוי ער האָט זיך מיט מיר אָנגעקערט. ס׳האָט פון אים געשטונקען פון שווייס און לעדער און איך האָב גיך באַשלאָסן, אַז מיט אַזאַ אידיאָט לוינט זיך נישט צו קעמפן. צו וואָס געבן אַ טעאַטראַלישן געשריי און מאַכן אַ סקאַנדאַל אין אַ קליין שטעטל? בעסער נאָכגעבן עטלעכע מינוט און פּטור ווערן פון אים. אָבער דעם יונג האָט עס, ווייזט אויס, פאַרשמעקט און אויפן צווייטן טאָג האָט ער נישט אַנדערש געוואָלט ווי חתונה האָבן מיט מיר. ער האָט מיר אַפילו געשיקט דעם זיידן ווי אַ שדכן. דער זיידע האָט מיר געקניפּט די באַקן און געהאַלטן אין איין רעדן דעם שידוך אויף דעם געבראָכענעם ענגליש, וואָס אים איז נאָך פאַרבליבן — בין איך אָן אַ זיי־געזונט אַנטלאָפן פון שטעטל.

און איך בין פון מיין שטאָט אויך כמעט ווי אַנטלאָפן. אָבער מען קען נישט אַנטלויפן. איך האָב געוואָלט ווערן אַ נייער מענטש אין נייעם לאַנד, — אַרויסגעקומען איז אַ סינטעטישער מענטש, פאַרגעסט נישט אַז איך האָב איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע אויף יענער זייט ים. אַ צייט לאַנג האָב איך זיך אַרומגעדרייט ווי אַ האַלבער מענטש, און איך האָב גוט אַרומגעאַרבעט דאָס סענטימענטאַלע אין מיר מיט אַ סך האַרטקייט. אָבער פון מיין שטאָט בין איך געלאָפן ווי מען אַנטלויפט פון שרעק, ווייל מיין שטאָט איז פאַר מיר אַלעמאָל געווען שרעק. אַ יידיש קינד דערציט זיך אויף שרעק. אונדזערע גויים זענען פאַר אונדז שרעק, אייער גע־קרייציקטער איז פאַר אונדז מורא, אַ סך פון אונדזערע יום־טובים זענען פּחד, די ליכט זענען נשמות וואָס צאַנקען, אונדזערע לוויות זענען פינצ־טערע און די מתים אונדזערע לעבן טויטערהייט און שרעקן די קינדער. אַפילו אין חלום מוז מען זיין ביים פולן פאַרשטאַנד, ווייל מען דאַרף געדענקען, וואָס צו זאָגן, ווען אַ טויטער נעמט דיך אָן ביי דער האַנט און זאָגט: „קום!". אין אונדזער הויז, אין קעלער, האָט געוווינט אַ ייד אַ בעל־קער, האָט ער געהאַט צו טון מיט טויטע. ער האָט גערייניקט די טויטע און זיי צוגעגרייט פאַר יענער וועלט, ווו מען דאַרף זיך שטעלן אָפּגעבן דעם גרויסן חשבון. ער האָט גערייניקט די טויטע און געקנעטן די זע־מעלעך, וואָס די מאַמע האָט געקויפט אַלע פרימאָרגן — פאַר מיר זענען

דאָס געזהען טויטע זעמעלעך. זיי זענען מיר נישט איינמאָל געבליבן שטעקן אין האַלדז. אָבער דער עיקר זענען פינצטער, שוואַרץ און טרויע־ריק אונדזערע לוויות. האָט איר נישט געזען קינדווייז אַ יִדישע לוויה אין אַ קליין שטעטל, ווייסט איר נישט וואָס איז אַזוינס שרעק. אַפילו די הינט ווייִנען, ווייל דער מלאך־המוות איז אין שטאָט און דער מלאך־המוות האָט, ווי ייִדישע קינדער ווייסן, טויזנט אויגן, און ווען מען דעקט זיך גוט איבער מיט דעם שווערן איבערבעט, העלפט אויך גאָרנישט. איך געדענק, די מאַמע איז אַמאָל קראַנק געווען — די מאַמע איז קיינמאָל נישט געווען קיין געזונטע — האָב איך, כ׳ווייס נישט צי האַלב־וואַך אָדער אין חלום, זיך געבעטן ביי גאָט, אַז אויב ס׳איז נישט מעגלעך זי איינגאַנצן אָפּצוראַטעווען, זאָל ער איר כאָטש שענקען נאָך עטלעכע יאָר, ביז איך וועל אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. (אַפילו קינדווייז האָב איך גע־חלומט פון אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע) אַ לוויה ביי מיר אין שטוב, דער מאַמעס לוויה וואָלט איך נישט געווען איבערגעלעבט. איצט איז די מאַמע זייער קראַנק. זי רופט מיך צוריק אַהיים, ווער ווייסט אויף וואָס די מאַמע רופט. מסתמא צו דער אָפּגעלייגטער לוויה. כ׳בין שוין אָפּגעפאָרן צוויי־דריטל וועג, געוואָלט אַנטלויפן פון דער מאַמעס לוויה. אָבער גיי אַנטלויף, קלאַפּ דעם קאָפּ אין דער אייזערנער וואַנט. גורל. מען מוז פאָרן, עס ווערט שוין טאַקע שפעט. קומט, פירט מיך אונטער צו אַ טאַקסי. איך טאָר נישט פאַרשפעטיקן דעם צוג.

אויפן וועג, פאַרבייגייענדיק ווידעראַמאָל דעם „דאָם״, האָב איך אָנגעטראָפן אַ יונגן מאָלער, אַ ניו־יאָרקער, וואָס וווינט די לעצטע יאָרן אין פאַריז און כאַפּט זיך פון צייט צו צייט אַרונטער קיין ניו־יאָרק צו־זען זיינע קרובים.

איר אין פאַריז? ענדלעך! שוין לאַנג צייט געווען. ווען געקומען?

ערשט־אָ און שוין — איך פאָר שוין אַוועק.

שעמען מעגט איר זיך. פאַריז און איך, מיר וועלן עס אייך קיינ־מאָל נישט מוחל זיין.

וועל זיין צוריק.

סיידן אַזוי.

די וויסקאַנסינער קוקט אויף אונדז ביידן. זי האָט געקראָגן די געלעגנהייט זיך אויסצוטשוכן אַביסל פון דער צו־גיכער נאָנטשאַפט מיט מיר. שטייט זי און קוקט אויף מיר און אויף דעם יונגן מאַלער מיט קאַלטע אויגן.

ווער איז די־אָ — ער קוקט אויף איר מיט יענער אָפענער און כמעט חוצפּהדיקער נייגעריקייט, וואָס בלויז מאַלערס קענען זיך פאַרגינען צו מאַכן עלעגאַנט — שיקסע

פון דער שיף.

אין ניו־יאָרק האָב איך מיט דעם יונגן מאַלער אויסגערעדט סך־הכל אפשר אַ צענדליק ווערטער, אָבער שטייענדיק אַרום דעם „דאָם" איז ער מיר געוואָרן אַזוי נאָענט, ווי איך וואָלט אפשר אַ שטיק צוליב אים גע־קומען קיין פּאַריז. און נישט דערפאַר, ווייל איך האָב זיך חלילה דערפילט עלנט, נאָר ווייל איך האָב אין אים מאָמענטאַן דערשפּירט אַ שטראָם וואַרעמקייט. אין ניו־יאָרק האָבן מיר זיינע לאַנגע האָר, זיין בנעימותדיקע שטים, זיין געמאָסטענער טראָט, אויסגעוויזן אַ ביסל אָנשטעלעריש, אָבער דאָ, אַרום „דאָם", האָט עס אַלץ מערקווירדיק געפּאַסט און ס'האָט אויס־געזען אויטענטיש. אַפילו זיין געמאָסטענער טראָט האָט אין זיך נישט געהאַט קיין שפּור פון שוואַכקייט, נאָר פאַרקערט, עס האָט אויסגעזען, אַז עס קומט פון אַ גרויסן קוואַל מיט גבורה, וואָס ער וויל עקשנותדיק קאָנסערווירן.

אַ שיקסע פון דער שיף און שוין לעבן „דאָם"? ס'איז עפּעס נישט גלאַטיק, זאָגט ער מיט אַ גמרא־ניגון.

ער נעמט גלייך רעדן צו מיר ענגליש און די וויסקאַנסינער ווערט איבערראַשט, ווען דער שטראָם פון יידיש ווערט פּלוצים פאַרביטן מיט קאָרעקטע ענגלישע זאַצן.

וואָס מאַכט מען עפּעס אין ניו־יאָרק? וואָס מאַכן דאָרט אַלע גוטע און ווילע מענטשן?

איך וועל אייך אַלץ פאַרענטפערן, ווען איך וועל קומען צוריק, ס'איז שוין באַלד עלף, איך וועל נאָך פאַרשפּעטיקן דעם צוג.

זיין פּנים ווערט טונקעלער און ערנסטער, ווי ער אַליין וואָלט פּלוצים געקראָגן אַלע מיינע פליכטן. ער רופט צו אַ טאַקסי און ער נעמט

אים דערקלערן געגוי ווו מיין האָטעל געפינט זיך, ערגעץ נישט ווייט פון דעם גאַר סען לאַזאַר. 1) די וויסקאָנסינער שטייט עטלעכע טריט פונ־ ווייטנס אין זי פילט זיך איצט הילפלאָז און אומבאַקוועם, און עפּעס ווי־ אַרויסגעשטויסן דורך דער פּלוצימדיקער באַגעגעניש מיט דעם מאָלער, איך כאַפּ איר פאַרלעגנהייט.

באַקענט זיך — זאָג איך שוין מיט איין פוס אין דער טאַקסי, אויך פון גרויס הילפלאָזיקייט — אַ פיינער מאָלער פון ניו־יאָרק — האַלט איך אָן דעם נוסח פון פאָרשטעלעניש — און אַ פראַנצויזישע לערערקע פון וויסקאָנסין.

איר וועט נאָך פאַרשפּעטיקן דעם צוג. מיר וועלן זיך שוין דאָ באַ־ קענען אָן אייך, איילט מיך אונטער דער מאָלער.

איידער עס פאַרהאַקט זיך די טיר פון דער טאַקסי, דערזע איך זיי מיטאַמאָל ווי זיי שטייען צוזאַמען, אָן מיר, און איך באַמערק דעם שטאַרקן קאָנטראַסט צווישן דיביידע פרעמדע, וואָס איך לאָז איבער, איינעם אויף דעם אַנדערנס פּלייצעס. זי — הויך, בלאָנד, קרעפּטיק און שיקסעוואַטע. און ער — נידעריקער פון מיטלוווקס, טונקל און אָנספּקדיק ייִדיש.

זי גיט זיך פּלוצים אַ ריס פון אָרט, שפּרינגט צו צו דער טאַקסי, בלייבט שטיין אַ ווייל און זי איז ווידער אין אַ פאַרלעגנהייט.

איך האָף, שטאַמלט זי, אַז אייער מוטער, אַלץ וועט דאָרט זיין אין בעסטער אָרדענונג.

זי האָט עס געזאָגט צערטלעך און מיט אַ סך אויפריכטיקייט. זי, די וויסקאָנסינער, האָט געשיקט אַ שטילן גרוס צו אַ קליין שטעטל אין פּוילן. נישט דאָס וואָס זי האָט געזאָגט, נאָר דאָס וואָס זי האָט זיך איצט אינגאַנצן באַזייטיקט, האָבן אירע רייד געמאַכט פאַר אומפאַרמיידלעך. עס איז אַבסאָלוט געווען דאָס וואַרעמסטע וואָס זי האָט מיר געקענט זאָגן.

זי איז געבליבן שטיין מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן, און אין די אויגן, מער ווי אויף די ליפּן, איז געלעגן אַ וואָרט אָדער צוויי, וואָס זי האָט אפשר נאָך געוואָלט זאָגן.

און ווען די האַרטע טאַקסי האָט שוין געבראַזגעט לינקס און רעכטס,

1) גאַר סאַן לאַזאַר — באַוווסטע פּאַריזער באַן־סטאַנציע.

שיעור נישט איבערפאַרנדיק צענדליקער מענטשן, האָט זיך ביי מיר פאַרגנבעט אַ געדאַנק, אַז אפשר וואָלט געווען אַ יושר צוריק אויסצוקע־רעווען די טאַקסי און פאַרבלייבן אַ טאָג־צוויי.

אַפילו ווען איך בין שוין געשטאַנען אויפן וואָקזאַל, איז מיר נאָך אַלץ עפּעס געווען אַ שאָד.

III

אויף דער שיף איז מיין אַלטע היים פאַר מיר העכסטנס געווען הינ־טערגרונט. יעדער מאָל ווען איך האָב זיך אַביסל פאַרפלאָנטערט און פאַרלוירן דעם פאָדעם, האָב איך זיך קודם־כל צוריקגעפירט צו דער אַלטער היים, כדי צו האָבן אַ פונוואַנען. מיינע טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער זענען אָבער פאַר מיר געווען פאַרגאַנגענהייט. אמת, דער גע־דאַנק וועגן דער מאַמעס קראַנקייט האָט פאַר מיר אַלעמאָל אויפגעטויכט ווי אַ רעפריין פון אַ טרויעריק לידל, נאָר די מאַמע אַליין איז נישט געווען אינגאַנצן רעאַל. אַלעמאָל ווען איך האָב זיך דערמאָנט אין איר, האָב איך געמוזט אויפקנוילן אַ לאַנגן קנויל און צוריקקומען צום אָנהייב און צו פאַרגאַנגענהייט.

פון שיף האָב איך אַפילו געשיקט אַ קייבל, אָבער ס׳איז געווען אין דעם אַ גרויס שטיק פון דעם פאַרלאַנג זיך אַ שפּיל צו טון מיט די גע־היימענישן פון דער וויסנשאַפט. אַ דין בריקל האָט מיט דעם כוח פון דער דראָטלאָזער דעפּעשע פאָרט אַ ציטער געטון צווישן מיר, אויף דער שיף, און זיי דאָרט אינדערהיים. ס׳האָט געדויערט אַ ווײַלע און דאָס בריקל איז פאַרשוווּנדן ווי אַ מיראַזש.

אָבער זייט איך בין אַרונטער פון דער שיף איז מיין אַלטע היים געוואָרן ציל. דאָס וואָס איז געווען פאַרגאַנגענהייט האָט זיך איצטער פאַר מיר אוועקגעשטעלט מיט דער גאַנצער רייצנדיקער מיסטעריע פון צוקונפט, אַ צוקונפט וואָס דו ווילסט שוין, אַז זי זאָל ווערן איצט. ביסט גרייט איבערצוהיפּען וואָכן און חדשים, אַבי צו ברענגען יענע צוקונפט נענטער צו זיך. אָט־אַזוי פילט אַ קראַנקער, וואָס וויל שוין עלטער ווערן מיט עטלעכע חדשים, אַבי אַרויסצוקריכן פון קראַנקן בעט און זען אַ

געזונטע זון. אַט־אַזוי פּילט איך אַמאָל אַ טאַטע, ווען ער וואָלט שוין גערן עלטער געווען מיט עטלעכע יאָר, אַבי צו זען זיין קינדס צוקונפט. פאַראַן צופיל אַזעלכע פאַלן אין מענטשנס לעבן, ווען מען לעבט נישט דעם איצט, נאָר מען היפּט איבער טעג און וואָכן פאַר אַ צווייפלהאַפטיקער צוקונפט.

אַלץ האָט מיר נאָך דער שיף אויסגעזען ווי אַ גיכע און דירעקטע ליניע אַהיים. איך האָב גאַנץ גוט געפילט, אַז דאָרט אין דער היים וואַרט אויף מיר אַ קאַמער מיט צרות און דאָך האָט מיך געצויגן צו קומען וואָס שנעלער אַהיים. איז עס געווען דאָס געפיל וואָס גיכער איבערצוקומען? כ׳גלייב קוים. איך האָב געבענקט, איך האָב זיך געזען אין פאַרשידענע פּאָזעס ביים אַהיימקומען, איך האָב זיך געזען אויף דער דראָזשקע, ביי דער טיר, אָבער קיינמאָל זיך נישט דערוועגט אַריבערצוגיין די שוועל. אַט־דאָס געפיל האָב איך אַפילו נישט געוואָלט קאַליע מאַכן דורך פאַר־חלומען, איך האָב עס איבערגעלאָזט פאַר דער רעכטער מינוט.

איך בין געוואָרן נערוועז און אומגעדולדיק. איך האָב געוווּסט, אַז דאָרט אין דער אַלטער היים האַלט מען פאַר אַ לעצטן אַקט און מען וואַרט אויף מיר אויפצוהייבן דעם פאָרהאַנג. דער לעצטער אַקט איז אומפאַר־מיידלעך, אָבער דאָס גאַנצע הויז וואַרט אויף מיר, ווייל מען וויל אָן מיר נישט ענדיקן דאָס שפּיל. איך האָב גאַנץ גוט געוווּסט מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן און דאָך האָט מיך געצויגן אַהין מיט מורא, טאָמער וועל איך חלילה פאַרלירן אַ טראָפּן פון דעם, וואָס עס איז באַשערט מיינע נאָענטע, ווער ווייסט צי זיי וועלן דאָרט אַזוי לאַנג אויסהאַלטן, וואַרטנדיק אויף מיר.

אויב איך האָב אויף דער שיף שפּאַצירט, ווי די דעק וואָלט געווען אַ לאַנגער, זוניקער טאָל, וואָס פירט אין ערגעץ נישט, אויב מיינע דער־מאָנונגען זענען געווען קאַלטע און פונוויטנדיקע, בין איך איצט געוואָרן געשפּאַנט, אַז איך האָב אַפילו נישט געוואָלט זען קיין מענטשן — אַלץ האָט מיר אויסגעזען ווי שטיינער אויפן וועג צום הויפּט־ציל. איך האָב שוין מער נישט געוואָלט זיך אַריינוועבן אין אַ פרעמדער וועלט מיט פרעמדע מענטשן, וואָס איך זאָל דאַרפן אַליין אויפהאַלטן און צוזאַמענ־האַלטן, מיט געשפּרעכן וואָס זאָלן פאַר מיר מוזן ווערן געשעענישן. דאָס

אַלץ האָט מיר איצט אויסגעזען ווי אַ פֿאַרשווינדעניש פֿון צייט. כ׳האָב באַשלאָסן אויף ווי ווייט מעגלעך צו פֿאַרבלייבן מיט זיך. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַפֿילו ווען איך ווייס נאָך נישט פּינקטלעך ווי אַזוי, האַלט איך ביי קומען גאָר נאָענט צו אַ געשעעניש, וואָס וועט מיר עפֿענען די אויגן און קלאָר מאַכן אַ סך אומקלאָרקייטן. איך האָב דערפֿאַר נישט געוואָלט זיך לאָזן אַרונטערשלאָגן פֿון וועג. מיר איז אויסגעקומען, אַז ערשט איצט בין איך אויף דעם ריכטיקן שליאַך און איך טאָר דערפֿאַר נישט בלאָנדזשען.

דער ריטמישער טעמפּ פֿון די רעדער האָט מיך אַביסל באַרויִקט און דווקא דערפֿאַר, ווייל ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער צוג איז אָנגעשטעקט מיט מיין אומרו. דער צוג לויפֿט, לויפֿט, לויפֿט אָן אָפּשטעל צו מיין מאַמען. ווען איך בין געזעסן מיט די אויגן געשלאָסן, איז מיר דער צוג אויסגעקומען אַ ביסל קאָנטיק. דאַכט זיך, אַז דאָס איז דערזעלביקער צוג, וואָס האָט מיך נאָך האַלבער נאַכט מיט צוואַנציק יאָר צוריק אַוועקגעפֿירט פֿון דער היים. איצט איז אויך נאָך מיטנאַכט און עס וואָלט געווען אַ שטיקל קאָמפּענסאַציע, אַז דאָס זאָל דורך אַ נס דווקא זיין דערזעלבער צוג.

אָבער אַז איך עפֿן די אויגן צערינען די אַלע סענטימענטאַלע געדאַנקען־צווייטן. דער וואַגאָן איז אינגאַנצן נישט ענלעך אויף יענעם וואַגאָן מיט צוואַנציק יאָר צוריק. יענעם צוג וואָלט איך דערקענט אַן אָפּגעשוונדענעם!

לעבן מיר זיצט אַ גלח מיט אַ ברייטן גלחישן ראָק און אַ ברייטן אָפּשטייענדיקן קאָלנער ווי אַ באַשליק. דער ראָק איז וואָרעם ווי אַ קאָלדרע. דער גלח טראָגט סאַנדאַלן אויף די באָרוועסע פֿיס. ער האָט אַ לאַנגע, געבלעכטע באָרד און אַן אומגעוויינלעך ברייטן זיצער, וואָס פֿאַרנעמט אַ סך שטח, אַזוי אַז איך בין צוגעקוועטשט צום ווינקל. די אַנדערע פּאַסאַזשירן אין דעם אומהיימלעכן וואַגאָן זיצן און דרימלען. דער גלח איז דער איינציקער פּאַסאַזשיר, וואָס איז אויף. ער לייענט געמיטלעך אַ פּראָווינציש צייטונג. מיט איין האַנט גיט ער זיך אַלעמאָל ייִדישלעך אַ גלעט די באָרד, פֿון דער גאָמבע ביז אַרונטער און פֿאַרענדיקט געוויינלעך מיט אָוועקשאַרן די וואָנצן פֿון מויל.

יעדער איינער איז פֿאַרטוליעט אין זיך און ס׳זעט אויס, ווי מען וויל

פֿאַרשלאָפֿן אַ שטיק אומגליק און אַז מען וויל זיך איינער מיט דעם אַנ־דערן גאָרנישט אָנקערן. באין־ברירה האָב איך אויך געשלאָסן די אויגן, כאָטש מיר האָט זיך גאָרנישט געגלוסט צו שלאָפֿן.

פֿון דרימל האָט מיך אויפֿגעוועקט אַ קאַלטער שוידער, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט אַלע מיינע פֿאַרשלאָפֿענע ביינער. דער גלח איז שוין נישט געזעסן לעבן מיר, נאָר אַ מענטש וואָס איז געווען דער היפּוך פֿון גלח. אַ דינער, מיט אַ קליין קעפּל און מיט דינע פֿאַרשנורעוועטע ליפּן. זיינע הענט, וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר זיך אויף די קני, ווי ער וואָלט פּאָזירט פֿאַר אַ קאָנווענציאָנעלער פֿאָטאָגראַפֿיע, זענען געווען אַזוי דין און דורכ־זיכטיק, אַז מען האָט אַרויסגעזען די ביינער. ווען איך האָב אויפֿגעעפֿנט די אויגן, האָט ער אַ קוק געגעבן אויף מיר און ער האָט זיך גלייך אָפּ־געקערט, נאָך מער פֿאַרשליסנדיק דאָס מויל זיינס, אַז די דינע ליפּן זיינע זענען אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן. ס'האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פֿאַרזיכערן, אַז ער זאָל נישט אויסרעדן קיין איין וואָרט.

איצט איז שוין געווען לייכטער איינצוזען, אַז אין וואַגאָן זיצן מענ־טשן, וואָס קערן זיך יאָ אָן איינער מיט דעם אַנדערן. אַ פּרוי וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער באַנק האָט זיך שוין גענומען שאַפֿן מיט דעם מאַן, וועלכער איז געזעסן לעבן איר אויף אַ קאַרג שטיקל פּלאַץ, וואָס זי האָט אים אָפּגעלאָזט. דער מאַן האָט זי פֿאַרשלאָפֿענערהייט באַדינט.

צוויי מענער זענען געשלאָפֿן אָנגעלענט איינער אויף דעם אַנדערן. עס איז אַפֿילו געווען שווער צו טרעפֿן צי דאָס זענען טאַקע פֿריינד, אָדער ווילד־פֿרעמדע, וואָס דער שלאָף האָט צוזאַמענגעפּירט — אפשר גאָר אַן „אַריער" מיט אַ „ניט־אַריער". אַ פּרוי איז געזעסן ווייט אין אַ ווינקל. איין אויג איז ביי איר געווען האַלב־אויפֿגעעפֿנט. זי האָט זיך געריסן אויפֿצו־עפֿענען ביידע אויגן, אָבער זי האָט נישט געוואָלט זיין די ערשטע צו שטערן די האַרמאָניע פֿון פֿאַרשלאָפֿנקייט.

איך האָב מיט געוואָלט אויפֿגעריסן מיינע פֿאַרשלאָפֿענע הענט און פֿיס און טרעטנדיק ווי אויף זאַמד מיט גומענע טרעטערס, וואָס האָבן אין זיך נישט געהאַט קיין טראָפּן בלוט און קיין ביסל לעבן, האָב איך זיך קוים דערשלעפּט ביז צום ענגן קאָרידאָר.

פֿאַרביי די פֿענצטער זענען געלאָפֿן טוי־פֿייכטע פֿעלדער, קליינע

שטעטלעך מיט שטייניקע בערג. דער הימל איז געװען אַ פּאַרװאָלקנטער מיט אַן אָנזאָג אויף רעגן.

לעבן מיר איז געשטאַנען אַ נידעריקער, ברייט־פּלייציקער מאַן, אין די ערשטע פּערציקער. ער האָט געקוקט אויף די פֿאַרבייפֿליִענדיקע פּעל־דער, װעלדער און קליינע שטעטלעך און אַלעמאָל אומגעקערט דעם קאָפּ צו מיר, װי ער װאָלט מיר עפּעס געװאָלט זאָגן. אָבער װען ער האָט גע־כאַפּט אַ קוק אויף מיר, האָט ער זיך פֿאַרלױרן און צוריק איינגעגעסן די אויגן אין דער פֿאַרהויכטער שויב פֿון װאַגאָן־פֿענצטער.

ענדלעך האָט ער מיר עפּעס אַ זאָג־געטון אויף דײַטש און װען ער האָט געזען, אַז מײַן ענטפֿער קומט נישט גלייך, האָט ער אויף אַ געבראָ־כענעם ענגליש, פֿאַרזיכטיק טאַפּנדיק די װערטער, מיך געפֿרעגט, צי איך בין אַן אַמעריקאַנער.

ער האָט געטראָגן אַן אַנצוג, װאָס האָט אַרונטערגעשמעקט פֿון אים מיט זױבערקייט. די הויזן זענען געװען פֿאַרזיכטיק געפּרעסט, אַז ס׳איז פּשוט געװען אַ װוּנדער צו זען אַזאַ אויסגעפּרעסטקייט פֿאַרטאָג, װען יע־דער איינער קריכט ערשט אַרויס פֿון צוזאַמענגעקאָרטשעטקייט. ער איז נישט געװען בלאָנד מיט דער פּרעכער דײַטשער בלאָנדקייט — אַזאַ בלאָנדקייט װאָלט נישט געפּאַסט צו זײַן גאַנצער באַשיידענער האַלטונג. זײַנע האָר זענען געװען טונקל־בלאָנד און ערטערװײַז זיי שוין געװען באַזאַלצן און באַפּעפּערט מיט אַ שפּיזלדיקן גרוי. ער האָט געהאַט אַ גרויס פּנים מיט אַ ביסל קורצזיכטיקע טרויעריקע אויגן.

ער איז אַ געשעפֿטסמאַן. ער פֿאָרט איצט פֿון פּאַריז צוריק אַהיים. ער האָט אַמאָל געמאַכט גוטע געשעפֿטן מיט אַמעריקע. איצט אָבער, און ער לאַכט, װי ס׳װאָלט געװען עפּעס אַ װיץ, האָט אַמעריקע אויפֿגעהערט צו האַנדלען מיט אונדז. דערפֿאַר איז קאַנאַדע נאָך אַלץ אַ גוטער קונה.

אַמעריקע באָיקאָטירט? פֿרעג איך מיט אַזױפֿיל גלײַכגילטיקייט, װי ס׳איז נאָר מעגלעך געװען.

ער לאַכט, װי ס׳װאָלט אים גװאַלטיק הנאה געטון, װי די גאַנצע זאַך װאָלט געװען אַ קינדער־שפּיל און ער אַ זײַטיקער דערװאַקסענער צו־קוקער.

יאָ, באָיקאָט! באָיקאָט!

ווי גייט עס עפּעס פרעג איך ווידער מיט דער גרעסטער פאַרזיכ־טיקייט, זוכנדיק צו געווינען זיין צוטרוי.

נישט זייער גוט! גרויס אָרימקייט צווישן די אַרבעטער, אַ סך פאַ־בריקן שטייען ליידיק. זיין זייד־פאַבריק, זאָגט ער מיר אָפּנהאַרציק, האָט אויך געמוזט אָפּזאָגן אַ העלפט אַרבעטער.

מיט וואָס־זשע וועט זיך עס ענדיקן? ווער איך אַביסל מוטיקער.

ער כאַפּט אויף מיר אַ קוק און צעלאַכט זיך מיט זיינע מעלאַנכאָליש־קורצזיכטיקע אויגן. ער לאַכט און שטיקט זיך אַזש פון הילפלאָזיקייט.

מיר טאָרן נישט רעדן! מיר טאָרן גאָרנישט רעדן! גאָרנישט. ס׳איז בעסער אַזוי, גאָרנישט רעדן!

איך הייב ווידער אָן פאָרזיכטיק צוריקצוגיין צו אומשולדיקע פראַ־געס, ביז איך קריג אַ שטיקל געלעגנהייט אים צו פאַרטשעפּען, אָבער ער לאָזט זיך שוין מער נישט. ווען ער דערשנאַפּט, אַז מיר געפינען זיך אויף דער גרענעץ פון אַ פראַגע, וואָס שמעקט מיט געפאַר, האָט ער איין תירוץ:

מיר טאָרן נישט רעדן.

און ער לאַכט פון גרויס הילפלאָזיקייט, וואָס ער מוז מיט מיר זיין אומהעפלעך. זיין געלעכטער פאַרקייכט זיך אין אַ קוויטש, און איז אַביסל אַ היסטערישער, ווי דער געלעכטער ביי אַ טייל מענטשן, ווען זיי דער־הערן אַ טרויעריקע בשורה.

ער דערקלערט מיר, אַז עס איז נישט אין זיין נאַטור צו זיין אומ־העפלעך, אָבער מען טאָר נישט רעדן. ער זוכט אַפילו אָפּצודינגען פון דעם, וואָס עס האָט זיך ביי אים פרי׳ער אַרויסגעכאַפּט, אַז די פאַבריקן פוסטעווען און אַרבעטער זענען שרעקלעך אָרים.

עס וועט מסתמא ווערן בעסער, — זאָגט ער.

די וואַגאָנען הייבן אָן אויפצוכאַלן און אין קאָרידאָר הייבט מען אָן טומלען. פון אַלע זייטן נעמט מען גיין אין שלאָפּרעק. מען וואַרט אומ־געדולדיק אַרום די וואַש־צימערן אויף די גזלנים, וואָס האָבן פאַרכאַפּט און זיצן אינעווייניק ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן.

דעם דייטשס פּנים ווערט אין מאָרגנליכט נאָך קאַנטיקער און ליבער. די ברוינלעכע אויגן שטענדיק גרייט צו געבן אַ שמייכל. זיינע אויסערגע־

זווינלעך ברייטע פלייצעס האָבן אין זיך אַ סך גבורה, אָבער דאָס פּנים מיט דער גאַנצער שווערקייט און גרויסקייט, פאַרמאָגט איידלקייט.

מענער און ווייבער שרייען זיך דורך אויף אַ ניו־יאָרקער יידישן ענגליש, און דער דייטש מאַכט צו מיר כמעט מיט יראת־הכבוד.

אַ סך אַמעריקאַנער פאָרן איצטער קיין אייראָפּע.

יאָ, ווייזט אויס.

ס׳גייט פאַרביי אַ הויכער ייד אין אַ קורצן שלאָפראָק. ער קוקט מיר שאַרף אַריין אין די אויגן.

יו פאָרגאָט יאָר רעיזער 1)

דאָטסרייט! — שרייט אים נאָך אַ פרוי.

ער גייט צוריק, גייט מיר ווידער פאַרביי און קוקט מיר ווידער שאַרף אין די אויגן.

וואַצעמערע וויט יאָר טאועל? 2) — שרייט אים ווידער נאָך דיזעלבע פרויענשטים.

דעמעט! 3) ער גייט ווידער צוריק, נעמט אַ האַנטוך, גייט מיר פאַר־ביי און נאָך אַ פאַרשנדיקן בליק שטעלט ער ענדלעך איין און זאָגט: „גוט מאָרנינג״ מיט אַ טאָן ווי ער וואָלט מיר געזאָגט: „שלום־עליכם, אַ יידן!״.

גוד מאָרנינג!

גוד מאָרנינג!

ס׳טראָגן זיך פאַרביי מינען־שטעטלעך, פאַררויכערטע הייזער, מענ־טשן גייען צו דער אַרבעט מיט קענדעלעך. מאַשינען שטייען אויף פאַר־זשאַווערטער ערד. דער צוג לויפט, דער דייטש קוקט אַרויס פון פענצטער און ער רעדט ווי צו זיך אַליין וועגן בעלגיעס קוילן־מינעס, אייזן־מינעס, קופּער און צינק און אויך וועגן איר וואָל, געוואַנט און זייד־אינדוסטריע.

דער קאָנדוקטאָר מיט די שיין־פאַרקעמטע און פאַרשטייפטע שוואַרצע וואָנצעלעך, וואָס איז עטלעכע מאָל פאַרבייגעגאַנגען, שטעלט זיך אָפּ און

1) יו פאָרגאָט יאָר רעיזער! — האָסט פאַרגעסן דיין גאָל־מעסער.
2) וואַצמערע וויט יאָר טאועל — וואָס הערט זיך מיט דיין האַנטעך.
3) דעמעט — פאַרדאַמט.

רופט מיך מיט דעם דייטש. מיר גייען אים נאָך און ער פירט אונדז מיס־טעריעז אין אַ באַזונדערן וואַגאָן. ער עפנט אויף דאָס פענצטער און הייסט אונדז ביידע אַרויסקוקן.

פון דער זייט פענצטער לויפט דער צוג דורך ריזיקע בערג, וואָס זענען נישט משופּעדיק, נאָר גלייכע הויכע ווענט, וואָס פאַרפינצטערן דעם וואַגאָן ווי דער פינצטערסטער טונעל. מיר קוקן אַרויס און זעען גאָרנישט. אָבער דעם קאָנדוקטאָרס פּנים איז פול מיט דערוואַרטונג. פּלוצים גיט דער קאָנדוקטאָר אַ שריי־אויס:

„לע רואַ״!

מיר ביידע, איך און דער דייטש רייסן אַרויס די קעפּ פון אָפענעם פענצטער. דער קאָנדוקטאָר קוקט אַרויס דורך אַן אַנדער פענצטערל. מיר רייסן די קעפּ אַרויף און מיר קענען אַלץ נישט דערזען דעם שפּיץ פון דעם הויכן מוראדיקן באַרג. דער צוג גייט אַביסל לאַנגזאַמער פאַרביי דער דאָזיקער ריזיקער וואַנט, וואָס זעט אויס צו האָבן אַלערליי קאָלירן פון פאַרזשאַווערטן אַרץ.

פּלוצים דערזען מיר, ביים פוס פון אַ שטיק באַרג, בלומען, און אויף דעם באַרג דעם דאַטום — פעברואַר 17, 1934, און נאָך עטלעכע ווער־טער, וואָס מיר האָבן שוין נישט באַוויזן צו כאַפּן, ווייל דער צוג איז שוין געהאַט פאַרבייגעלאָפן. ס׳ווערט מיר אָבער גלייך קלאָר, אַז אויף דעם שטיק באַרג האָט קעניג אַלבערט פאַרענדיקט זיין קאַריערע פון אַ קלע־טערער. שווער צו פאַרשטיין, וואָס דער קעניג האָט דאָ אויף דעם פאַר־וואָרפענעם שטיק געפאַר געקענט זוכן, אַ חוץ אפשר דעם טויט.

דער קאָנדוקטאָר קוקט נאָך אַלץ צוריק צו דער באַרגיקער מצבה. איך רייס דעם קאָפּ אַרויף און ס׳כאַפּט מיך אָן אַ גרויל, ווען איך טראַכט, אַז אַלבערט דער ערשטער איז ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק אַרונ־טערגעפאַלן פונדאַנען און געבליבן ליגן אונטן, ווו עס ליגן איצט די בלו־מען. דער קאָנדוקטאָר נעמט אַריין דעם קאָפּ און בלייבט זיצן אַ דער־שעפּטער, ווי ער וואָלט דורכגעמאַכט אַ שווערע דערפאַרונג. גלייך ער וואָלט איצט געווען ביי די לעצטע מינוטן פון קעניג אַלבערט. אויף אונדז קוקט ער ווי אויף גליקלעכע מענטשן, ווייל מיר האָבן זוכה געווען צו זען אַזוינס, וואָס קיינער אין צוג האָט נישט געזען. ווען מיר האָבן אים

געדאַנקט פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט, האָט ער עס צוגענומען מיט אַ מינע, אַז מיר פאַרמאָגן גאַרנישט אַזוינס מיט וואָס אָפּצודאַנקען פאַר דער פייערלעכער רגע, וואָס ער האָט אונדז צוגעשאַנצט.

ווידעראַמאָל בין איך געשטאַנען מיט דעם דייטש אין דעם ענגן קאָרידאָר פון אונדזער וואַגאָן. איך האָב געקוקט גלייכגילטיק אויף די גרינע שטרעקעס און איינזאַמע הייזלעך. אָבער דער דייטש האָט געשלונגען אַלץ וואָס איז פאַרבייגעלאָפן, מיט אַן אומגעדולד, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט מיט די אויגן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ ריס געטון און אויסגעשטרעקט די האַנט ווייזנדיק דורכן פענצטער. די האַנט האָט געציטערט ווי ביי אַן אַלטן און די אויגן זיינע זענען געוואָרן נאָך פאַרבענקטער און טרויעריקער.

איר זעט! אָט דאָס איז אַמאָל געווען אינגאַנצן אונדזערס. אונדזערס — ער האָט געמאַכט אַ פויסט, ווי ער וואָלט דאָס אַלץ געהאַלטן אין האַנט — האָט מען עס ביי אונדז מיט געוואַלט צוגענומען.

ס׳האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן און די ציטערדיקע האַנט האָט ווי געצערטלט דאָס פעטע גרינס, וואָס האָט זיך פאַרביי־געטראָגן.

איך האָב נאָך גלייכגילטיקער געקוקט אויף די שטיקער ערד. ס׳איז מיר געווען אַ רחמנות אויף דעם מענטשן, וואָס האָט אינגאַנצן קאָנוול־סירט. איך האָב געזוכט דעם לעבעדיקן שייכות צווישן דעם שטח, וואָס דער צוג האָט איצט געפרעסן מיט אַ זעלטן־אויסגערעכנטן און געמאָס־טענעם אַפּעטיט, און זיינע פאַרטרערטע אויגן. אָבער מיין רחמנות האָט נישט געביטן מיין גלייכגילט. איך האָב זיך אַפילו גענומען איינרעדן, אַז איך בין אים מקנא, וואָס ער פילט זיך אַזוי פערזענלעך באַרויבט, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. מיר איז נישט געלונגען זיך אַליין אָפּצו־נאַרן — איך האָב אים אַבסאָלוט נישט מקנא געווען.

דער ייִד אין מיר, דער ציגיינער אין מיר. דער וועלט־פּאַטריאָט, דער אַוואַנטוריסט, דער אינטערנאַציאָנאַליסט. — איך האָב זיך אַליין גע־נומען דרייען פאַרן אויער און זיך זידלען מיט דעם גאַנצן ווילבאַקאַנטן אַנטיסעמיטישן לעקסיקאָן, דערפאַר, וואָס מיר איז נישט באַשערט אַזאַ

וואָרעמע באַציִונג צו שטיקער אָפּגעביסענע לאַנד־שטרעקעס, וואָס איין לאַנד רויבט ביים אַנדערן — דער ייִד אין מיר!

ס׳האָט מיך פּלוצים גענומען צושפּאָרן, איך זאָל ווי־ניט־איז אַרייג־שמוגלען, אַז איך בין אַ ייִד. איך האָב גענומען פילן, אַז ס׳איז גאָרנישט עטיש פון מיין זייט, לגבי די עטלעכע הונדערט טויזנט דייטשע ייִדן, צו שטיין אַזוי אָן מורא לעבן אַן „אַריער״ און זיך אַפילו נישט אויסגעבן; ס׳איז אויך נישט אינגאַנצן אָנשטענדיק פון מיר לגבי דעם „אַריער״, אַז איך זאָל אים אָפּנאַרן. איך האָב זיך גענומען שלאָגן מיט דער דעה, ווייל ס׳איז מיר געווען אַ גרויס רחמנות אויף דעם דייטש, וואָס איז איצט שוין סיי־ווי געווען אַ צעטרייסלטער. זאָל איך אים פּלוצים אונטעררוקן אַ ניי פּראָבלעם און אים אויפסניי ערשט פאַרביטערן דאָס לעבן מיט מיין ייִדישקייט? אַ שד האָט מיך אָבער געשטופּט צום סאַמע ברעג פון אָפּ־גרונט. איך בין שוין נישט געווען ביי זיך אין די הענט, די צונג האָט שוין געוועלטיקט, ווערטער האָבן זיך גענומען אַרונטערקייקלען מיט עט־לעכע רגעס פריִער, איידער איך האָב געהאַט געמאַכט מיין באַשלוס.

ווי אַ ייִד קאָן איך נישט פאַרשטיין אַזאַ פּערזענלעכע צוגעבונדנקייט צו אַ שטיקל ערד, אַזאַ רירנדיקן פּאַטריאָטיזם. איך וואָלט אַוודאי געוואָלט זאָגן, אַז איך שאַץ עס אָפּ און אַז איך באַוווּנדער עס, אָבער אַפילו פון העפ־לעכקייט וועגן, קען איך דאָס נישט, ווייל איך באַגרייף עס פּשוט נישט. העכסטנס קען איך צוגעבן, אַז ס׳איז פאַר מיר אַ טראַגי־קאָמיש געפיל.

האָב איך עס געזאָגט הויך גענוג? האָב איך פּעסט אונטערגעשטראָכן מיין ייִדישקייט? דער דייטש איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ צוגעפרוירענער צום פענצטער. אָבער ניין, איך האָב אָנגעהויבן באַמערקן, אַז אַ ווינקל פון זיין אויג האָט זיך לאַנגזאַם גענומען קערעווען צו מיר. איך האָב גע־פילט, אַז אין אים קומט עפּעס פאָר אַן ענדערונג, כאָטש ער האָט עס געזוכט צו באַהאַלטן. ער וואָלט איצט זייער שטאַרק געוואָלט אויף מיר כאַפּן אַ פולן זייטיקן בליק, אָבער איך האָב געקוקט אויף אים מיטן גאַנצן פּנים און מיט אָפענער דערוואַרטונג.

פון העלער הויט האָט ער אַרויפגעלייגט זיין ציטערדיקע האַנט אויף מיין פּלייצע, אַ שווערע האַנט, אָבער ער האָט זי געהאַלטן אויף מיר מיט

צערטלעכקייט. באַלד האָט ער די האַנט אַרונטערגעכאַפּט און גענומען מײַן רעכטע האַנט אין זײַנע בײדע און זי געוואַרעמט.

ס׳וועט נאָך זײַן רעכט! ס׳וועט נאָך זײַן רעכט! איך פֿאַרשטײ גוט אײַער באַרעכטיקטע ייִדישע ראַכע. אָבער ס׳וועט נאָך זײַן רעכט!

עס איז געווען אַ שרעקלעכער פּלאָנטער, איך האָב קוים געקענט אויספּלאָנטערן, אַז איך פֿיל צו אים פֿערזענלעך קײן שום שנאה, אַז מיך וואָלט נישט געאַרט, ווען דײַטשלאַנד וואָלט צוריקגעקראָגן אירע שטיקער ערד. פֿאַר אים איז עס געווען נאָך פּלאָנטערדיקער מיר צו דערציילן, ווי טיף ער פֿילט די עוולה, וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן דײַטשלאַנד, און דאָך איז ער נישט מסכים מיט אַלץ, וואָס עס ווערט איצט דאָרטן געטון אין נאָמען פֿון אויפֿלעבונג. ער איז ווײַט נישט מסכים. אָבער ווי געזאָגט, מען טאָר נישט רעדן. בײַ אים אויפֿן גאַס ווױנען עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס. ער האָט זײ קײנמאָל פֿערזענלעך נישט געקענט, אָבער איצטער שיקט ער זײ געהײמע בריוולעך, טרײסט־בריוולעך, אַז עס וועט נאָך אַלץ רעכט זײַן! זײ גײען אָבער אַרום מיט געבויגענע קעפּ און לאָזן זיך נישט טרײסטן. זײ זענען אויס פֿאַרשעמט. מיר, דײַטשן, וואָס זענען צעדריקט געוואָרן נאָך ווערסאַל, האָבן ענדלעך געפֿונען וועמען צו דערנידעריקן, אָבער אום גאָטעס ווילן, מען טאָר נישט רעדן.

די לעצטע ווערטער האָט ער כּמעט אויסגעשריגן ווי אַ וואָרענונג צו זיך אַלײן, ווײַל אין וואַגאָן האָבן זיך גענומען באַווײַזן בלאָנדע זיבעצן־אַכצן יעריקע יונגען מיט סוואַסטיקאַ־בענדער אַרום די אָרעמס. זײ זענען געווען שטאָלצע און פֿריילעכע. די גראָבע פּויערשע פּנימער האָבן געלאַכט. די פֿיס האָבן געטראָטן ענערגיש אין וואַגאָן, ווי זײ וואָלטן געגאַנגען אויף ערד, אײגענער און זיכערער. יעדער מאָל, ווען זײ האָבן מיר אַ לײכטן שטויס געטון פֿאַרבײגײענדיק, האָבן זײ זיך העפֿלעך אַנטשולדיקט. אַלע וואַגאָנען זענען געווען פֿול מיט זײ. זײ האָבן פֿריילעך און געשיקט געהויבן די הענט אײנער אַנטקעגן דעם אַנדערן מיט אַ מושטירטער עלעגאַנץ. אַ האַנט האָט אַ שווים־געטון אַנטקעגן אַן אַנדערער. ס׳האָט גענומען רוישן און זשומען מיט זײ, ווי מיט אַ גאַנצער טרופּע סטאַטיסטן אין אַן אָפּערע. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט וועט אַ זעץ־טון אַן אָרקעס־

טער און זיי וועלן זיך אַלע צעזינגען. זיי האָבן אויסגעזען אויסגעוואַשענע, ווי זיי וואָלטן ערשט אויפגעשטאַנען פון שלאָף.

שווערלייביקע קאָנדוקטאָרן זענען אויך אַריינגעקומען מיט אַ „הייל", אָבער ביי זיי, ביי די עלטערע, איז עס אויסגעקומען ווי אַ רוטינע, ווי אַ טרויעריקע פליכט.

אַכען! — האָט מיין דייטש, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען לעבן מיר, אַ זאָג געטון. זיינע ליפּן זענען געוואָרן צוזאַמענגעפּרעסטער. ווען ס'האָבן זיך געהויבן הענט אַנטקעגן אים, האָט ער אויך אויטאָמאַטיש אויפגעהויבן זיינע. אַלע אין וואַגאָן זענען געווען געפּלעפּט פון דער פּלוצימדיקער איני־וואַזיע. קיינער האָט נישט גערעדט קיין וואָרט. אַ ווײַלע האָט עס אויס־געזען ווי אַ פרומע צערעמאָניע, ווי מען וואָלט איינער דעם אַנדערן אי־בערגעצלמט מיט אַ גוט־מאָרגן. דער דייטש האָט זיך געשטעלט צווישן מיר און דעם יונגוואַרג, גלייך ער וואָלט מיך געוואָלט באַשיצן קעגן דער פרייד פון זיגער.

דאָס ערשטע געפיל ביי מיר איז געווען נישט כעס, נאָר איבער־ראַשונג, וואָס איך זע מיט די אייגענע אויגן עפּעס אַזוינס, וועגן וואָס איך האָב ביז איצט בלויז געלייענט אָדער געהערט. איך האָב געטראַכט פון ניו־יאָרק, ווו עס ווערן אָפּגעהאַלטן ריזיקע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן אָט־די שווימענדיקע הענט, אָבער מיר איז איצטער געגאַנגען אין מרחק, אין לעגענדאַרישער ווייטקייט, וואָס מען שפּאַנט אַריבער. דאָרט אין ניו־יאָרק איז אַלץ, וואָס איך זע דאָ, ווייט, אויסגעטראַכט, און דאָ איז עס אַנצוטאַפּן־רעאַל. אַ נאַרישער געדאַנק האָט זיך מיר גענומען פּלאָנטערן, אַז אַזוי רעאַל מוז אויך זיין כינע, יאַפּאַן און אינדיע. ווונדערלעך איז בלויז די שטרעקע — פּאָר און דערגרייך אַלץ, וואָס דו מוזט נאָר גלייבן אויפן וואָרט.

אַן ענלעך געפיל, געדענק איך, האָב איך געהאַט, ווען איך בין געזעסן ביי אַ סענסאַציאָנעלן מאָרד־פּראָצעס און געזען מיט די אייגענע אויגן די העלדן, די וואָס האָבן זיך אַמאָל אַזוי שטאַרק געליבט, אַז זיי האָבן בשותפות אָפּגעראַמט עמעצן, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. ביז אין געריכט־זאַל בין איך געווען איינער פון שטראָם, וואָס האָט בלויז געזען אין די צייטונ־גען דאָס בילד פון דער „שיינער" מערדערין אין פּראָפיל, פון דער

„רייצנדיקער״ מערדערין אין פּולן געזיכט. אָבער אַט זע איך מיט מײַנע אייגענע אויגן און הער ווי די העלדן רעדן כמעט מיט פֿאַרשלאָפֿענע שטי־מען. איך זע, ווי ער, דער קליינטשיקער העלד, זיצט אַן איינגעהויקערטער אויף דעם שטול און ענטפֿערט אויף פֿראַגעס. אַ רויטקייט, אַ קינסטלעכע רויטקייט פֿון צייט צו צייט אויף זײַנע באַקן. ער זעט אויס געשמינקט פֿאַר זיין ראָלע. פֿונוויינטנס זיצט זיין שותפֿטע אין ליבע, אין מאָרד, איר פּנים איז צעפּלאַקערט, אירע האָר צעפּאַטלט. די „רייצנדיקע״ מערדערין איז היבש־מיטליעריק, און אסור, אויב איך וואָלט פֿאַר איר דערהרגעט אַ קאַץ. מען פֿירט זיי אַרויס פֿון זאַל, ביי אַ געריכט־הפּסקה. איך זע זייער קליינע, דריבנע פֿיסלעך, איך זע אירע ברייטע באַקעס. ערשט אינדרויסן פֿון געריכט־זאַל ווערט מיר קלאָר, אַז איך האָב געזען צוויי טויטע מענטשן.

מיט אַזעלכע אויגן האָבן איך געקוקט אויף די יונגע בלאָנדע חברה־לייט און אויף זייערע געשטרעקטע הענט. ס׳איז מיר אין אָנהייב שווער געווען צו פֿאַרבינדן די קינדישע טעאַטער־פֿאָרשטעלונג מיט דעם גע־רעכטן גרימצאָרן פֿון ניו־יאָרק.

ערשט אַביסל שפּעטער האָט מיר אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן, אַז אויב עס ווערט איצט רעאַל אַלץ, וואָס איך האָב געהערט, איז דאָך אויך אמת, אַז אָט־די יונגען האָבן מיט דערזעלביקער טעאַטראַלישער פֿריי־לעכקייט געשלעפּט מענער און פֿרויען פֿון די הייזער און זיי פֿאַרשלעפּט, ווו אַ האָן קרייט נישט. אָט־דיזעלביקע יונגעלייטלעך האָבן געשלאָגן, גע־פּייניקט, געבריקעט מיט די פֿיס אין פּנים אַריין. אַלץ איז אמת, אַלע קינ־דישע זאַכן זענען רעאַליטעטן. איך געפֿין זיך, הייסט עס, איצט אין וויסט־און־פֿינצטער לאַנד.

אָבער כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געשפּירט קיין שנאה, נאָר ס׳האָט מיר גענומען פּלאַמען דאָס פּנים פֿאַר מיין אייגענער הילפֿלאָזיקייט. זיך אויפֿ־הייבן און האַלטן אַ רעדע, אַ פּלאַמיקע רעדע! כאָטש שטערן די שמחה און אויסשרייען אינמיטן דער יוגנטלעכער פֿרייד: איך בין אַ ייד. נישט קיין גרויסע קונץ, — אַ ייִד מיט אַן אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט אין קעשענע, די אַרמיי פֿון יונגען מיט סוואַסטיקאַס איז געוואָרן אַלץ פֿריידיקער און טומלדיקער. איך האָב גענומען זוכן שוץ ביי מיין דייטש, אָבער כ׳האָב

אים פונקט געכאַפּט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט, בעת ער האָט גע־ענטפערט אויף אַ „הייל״.

איך בין אַרונטער אויף דער באַנסטאַנציע.. איך האָב געזוכט ווײַ־טערדיקע רעאַליטעטן, אָבער דאָ האָט זיך אַלץ באַוועגט ווי אויף יעדער קליינשטעטלדיקער באַנסטאַנציע. מען האָט געפירט וועגעלעך, געבראַז־געט אויף די שטיינער, געלאַדעוועט פעק. קאָנדוקטאָרן זענען געזעסן אויף די טרעפ פון די וואַגאָנען און זיך געוואַרעמט אַנטקעגן דער זון. קופּקע־לעך זענען געשטאַנען און געשמועסט פאַר זיך. איך האָב געזוכט אַ ייִדיש פּנים.

אַ שטאָלץ שיין יונג מיידל מיט ערנסטע אויגן, וואָס האָבן אַזש אויס־געזען בייז און אומפריינדלעך, איז געגאַנגען הין און צוריק. זי האָט באַ־דאַרפט זיין אַ יאָר זעכצן־זיבעצן, אָבער אַ וועלט פון טרויער איז געלעגן אויף איר פּנים. זי האָט שפּאַצירט מיט אַ שטאָלצן געהויבענעם קאָפּ — אַ זעלטענער געמיש פון יוגנט און ערנסט. אוממעגלעך צו קוקן אויף איר מיט יענע לעקעשעוואַטע בליקן, מיט וועלכע מען קוקט געוויינלעך אויף אַ יונג מיידל. זי בריט דיך צוריק מיט שטרענגע אויגן און זעט אויס עלטער פון דיר, ווי זי וואָלט דיר אָנגעדרייט אַן אויער פאַר דיין לייכט־זיניקייט. דו ווייסט בלויז, אַז עס איז אַ גרויסע דערגרייכונג אָנצוצינדן אַ פּייערל פון פרייד אין אַזעלכע קלוגע, טרויעריקע אויגן. אַ הויכע, עלטערע דאַמע, איינגאַנצן אין שוואַרצן, קומט און נעמט אַן דאָס יונגע מיידל ביים אָרעם. ביידע גייען שווייגנדיקע הין און צוריק. זענען זיי ייִדישע ?

מיין דייטש איז אויך אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אויפן וואָקזאַל. ער האָט אויסגעזען אַ סך נידעריקער ווי אין וואַגאָן און צוזאַמענגעקאָר־טשעטער. ער האָט זיך אַביסל געשעמט מיר צו קוקן אין פּנים, איז ער געגאַנגען נאָך מיר ווי אַ שאָטן. עטלעכע מאָל איז ער מיר פאַרלאָפן דעם וועג און אויף מיר געקוקט מיט אויגן פון אַן אומגליקלעכער קו. ער האָט געוואָלט זען, אויב עס זענען נאָך פאַרבליבן צווישן מיר און אים ווערטער. ער האָט געהויבן מיט די פּלייצעס, געגעבן אַ הילפלאָזן מאַך מיט דער האַנט, צוזאַמענגעקנייטשט דעם שטערן, ווי איינער רעדט, וואָס קען איין מענטש טון ?

ווען דער צוג האָט זיך גערירט, זענען מיר ביידע געזעסן אין עס־וואַגאָן ביי אַ קליין טישל. דער צוג האָט זיך געהוידעט. אַ פעטער דייטש אין אַן אוניפאָרם האָט געטראָגן אַ גרויסן הייסן מעטאַלענעם פּאָלומיסיק, און צוגעטיילט יעדן איינעם זיין פּאָרציע אויפן טעלער. דער דייטש האָט גאָרנישט אויסגעזען ווי אַ מאַנספּאַרשוין. ער האָט זיך באַוועגט ווי אַ שווערע פרוי, און אַפילו זיין צעקנייטשט פּנים איז געווען פון אַן אַלטער, גוטער, איבערגעגעבענער קעכין. ווען ער האָט שוין אַלעמען געהאַט איינגעטיילט, האָט ער ערשט מיט ווייבערשער צערטלעכקייט יעדערן צוגעלייגט נאָך אַ שטיקל.

מיר, דער דייטש און איך, זענען געזעסן איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. ער האָט באַשטעלט אַ פלאַש וויין און ער האָט מיר אויך אָנגעגאָסן אַביסל. מיר איז געווען אָנגעזאָליעט אויפן האַרצן און איך האָב זיך נישט צוגערירט צום וויין.

עס האָט אויסגעזען ווי אַ היימישע פּריוואַטע רעסטאָראַציע. ס׳האָט אַפילו געשמעקט מיט דאָרפישקייט פון דעם עסן, סערווירן און פון דעם אַלטן פעטן דייטש, וואָס האָט דערלאַנגט צום טיש.

מיין טיש־קאָמפּאַניאָן האָט מיך געמונטערט — טרינקן זי מאָל, עסן זי מאָל. ער האָט, ווי ענטפערנדיק אויף מיינע געדאַנקען, פּאַרפירט כלומרשט אַ זייטיקן געשפּרעך וועגן „דאָס שטענדיקע״ אין לעבן, וואָס בייט זיך נישט, וואָס וועט בלייבן אייביק, וועגן דער פריינדשאַפטלעכער אַטמאָספערע אין רעסטאָראַן, וועגן דער מענטשלעכער וואַרעמקייט, וואָס וועט טריומפירן; אַלע אַנדערע זאַכן זענען טרויעריקע אינצידענטן, וואָס וועלן פאַרשווינדן. טרינקן זי מאָל. עסן זי מאָל.

אָבער מיר איז געווען שווער, ווי עמעצער וואָלט מיך אַביסל געוואָרגן ביים האַלדז, נאָך נישט אינגאַנצן געשטיקט, נאָר געהאַלטן ביים גאָרגל, גרייט צו דערשטיקן.

און אַזוי האָב איך געפּילט נאָך דעם, ווי מיין דייטש איז אַרונטער און ער האָט זיך מיט מיר וואַרעם צעזעגנט, דערקלערנדיק מיר נאָכאַמאָל, אַז ס׳וועט נאָך רעכט זיין. איך האָב אים געוואָלט פרעגן, ווי אַזוי קען עס רעכט זיין, אַז אַלע הייבן אַזוי געהאָרכזאַם די הענט, אָבער איך האָב

אויף אים רחמנות געהאַט. ער האָט געהאַלטן אין איין שרייען צו מיר: דאַנקעשען! דאַנקעשען!

אַזוי אַ גאַנצן טאָג, ווען דער צוג האָט געסאָפּעט איבער דייטשער ערד און אַזוי דערדריקט זענען אויך געווען די עטלעכע ייִדן, וואָס זענען געזעסן אין וואַגאָן, געשפּילט קאָרטן און אַפילו נישט אַרויסגעקוקט פון פענצטער. בערלין האָט יאָ אַרויסגערופן אַ שטיקל ביי̇גער. מיר זענען אַרונטער און געטראָטן מיט פאַרזיכטיקע טריט, ווי מיר וואָלטן דאָ נישט געהאַט קיין ווײַנרעכט, ווי מיר וואָלטן זיך דאָ געפינען אומלעגאַל.

פאַרנאַכט־צו האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן די פּעטע, זאַפטיקע, געזוירעטע פעלדער. ס'האָבן זיך גענומען באַווייזן מאָגערע אָפּגעבליאַקעווטע שטיקער ערד, מיט ווייניקער גרינס אין דעם גרין, ווייניקער פעטן שוואַרץ אין דער שוואַרצקייט, מיט ווייניקער סדר. אַלץ איז געווען אָנגעוואָרפן. אַ וואָרף אַהער — טראַף. געטראָפן, וואַקסט עפּעס. אַ וואָרף דאָרט און נישט געטראָפן, וואַקסט אַ שטיק פּליכעוואַטע גראָז.

צוויי דינע הערשעלעך שטייען און קוקן אויפן צוג. זיי שטייען צוגעקאָוועט און פּאַראַליזירט פון שרעק. ערשט ווען דער צוג לויפט זיי פאַרביי, נעמען זיי אָוועקשפּרינגען מיט אַ מערקווירדיקער גראַציעזקייט — זיי טאַנצן אויף די פעדערשטע פיס און די הינטערשטע קומען אויס, ווי זיי וואָלטן געהאַנגען אין דער לופטן.

די נאַכט פאַרסאַזשעט שוין אינגאַנצן די פענצטער און ווען ס'באַווייזן זיך עטלעכע קליינגעוויקסיקע קאָנדוקטאָרן מיט שמאָלע פּלייצעס און מען הערט די ערשטע פּוילישע ווערטער, ווערט לייכטער אויפן האַרצן. די האַנט, וואָס האָט געהאַלטן ביים גאָרגל, פאַרשווינדט און די קאָמישע ווילד־פרעמדע באַן־קאָנדוקטאָרן, וואָס זעען אויס, ווי פאַרקליידטע שבת־גויים, ווערן נאָענט ווי לאַנדסלייט.

אומפאַרשטענדלעך!

אַ מיטליעריקע פרוי, באַהאַנגען מיט דימענטן, אוירינגען און בראַסלעטן, וואָס האָט מיר שוין באַוויזן צו דערציילן, אַז זי איז אַ פאַרמעגלעכע אַלמנה, וואָס פאָרט איצט אויף קבר־אבות, טוליעט זיך צו מיר. זי האָט ברענענדיקע אויגן, איצט אָנטקעגן נאַכט, האַלב־משוגענע אויגן. זי דריקט זיך צו מיר מיט אַ הייסן זאַק און איך דאַנק גאָט, וואָס עס זיצן מיט אונדז

נאָך עטלעכע מענטשן, ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט נאָך חלילה מיט מיר געקענט געשען, אויף דער גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און פוילן, מיט אַזאַ צודרינגלעכער אלמנה!

איך בין אַ פרייער מענטש, זאָגט זי און ווינקט בשעת־מעשה מיט אַן אויגל, ווי אַ מאַנסביל. אַז עס קומט צו ליבע, טראַכט איך נישט פון יענער וועלט.

אַלע וואַלגערן זיך שוין אויף די האַרטלעכע בענק. איך האָב מורא איינצושלאָפן, ווייל ס׳איז קלאָר, אַז מיין שכנטע וואַרט אויף עפּעס מיט האַלב־אָפענע אויגן. ליג איך איינגעקאָרטשעט און ריר זיך נישט פון אָרט. ס׳נעמט נישט לאַנג און זי ווערט אָן איר גאַנצע גבורה, זי קראַכט צו־זאַמען, ווי אַן אַלטע געביידע, וואָס האָט זיך אָנגעשטרענגט צו שטיין איבער די כוחות. און אַז זי קראַכט שוין צוזאַמען, לאָזט זי זיך איינגאַנצן ווויל גיין — זי נעמט קרעכצן און אָכצן מיט אמתע אַלטע אָכצענישן, ביז זי פאַרלירט אינגאַנצן איר רעספּעקט צו מיר און זי שנאָרכט ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע. נאָכדעם ווי זי צעסטראָיעט זיך, שלאָפט זי ערשט איין שטיל און רויִק ווי אַ לעמעלע. ס׳לאָזט זיך קוים גלייבן, אַז אָט־די באַרויִקטע אַלטע פרוי האָט ערשט געזאָטן, געגעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער, און גע־שפּריט גאַנצע נעצן.

ווייזט אויס, אַז איך האָב זיך אויך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט, ווייל ווען איך עפן די אויגן, הער איך שוין ווי מען שרייט:

זגערזש! זגערזש!

מיין פאַרשלאָפענער קאָפּ שטעלט מיך גלייך אויף די פאַרשלאָפענע פיס. זגערזש פאַר מיר מיינט דאָך זגערזש — מיין ברודער בנימין, מיין ברודער מאַרקוס.

זגערזש — מאַרקוס, בנימין. כ׳לויף צו צום פענצטער, אפשר וועל איך זען קענטלעכע פּנימער.

דער צוג שטעלט זיך אַפילו נישט. איך פאַל צוריק אויף דער באַנק און איך ווער אינגאַנצן אָפּגעווישט אונטער די גומענע רעדער פון אַ חלום, וואָס פאָרט איבער מיינע צעבראָכענעביינער. עס איז אַ טיפע פאַנטאַס־מאַגאָריע, טיף ווי אַ ברונעם און איך ליג אויף דעם סאַמע דנאָ אַ דער־טרונקענער. איך בין זיכער, אַז איך וועל זיך אַרויסראַטעווען, אָבער ווער

ווייס וועז. ס׳האָט געמוזט דויערן שיינע עטלעכע שעה ביז איך האָב אויפגעריסן די אויגן.

האַלב־איינגעפאַלענע כאַלופעס. פויערים באַגלייטן דעם צוג מיט פאַרשלאָפענע און טרויעריקע אויגן. באָרוועסע פויערטעס שטייען ווי מאַטקעבאָסקעס מיט קינדער אין די אָרעמס, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען מיט זיי און געבעטלט, ווי זיי וואָלטן זיי געהויבן צו אונדזערע אויגן: נאַט, נעמט כאָטש צו ביי אונדז די קינדער, מאַכט לייכטער אונדזער לאַסט. די קינדער ליגן געליימט אין די אָרעמס פון די מאַמעס און האָבן אַזעלכע טרויעריקע אויגן ווי די אַלטע פויערים. די אויגן בעטלען. די רעדער אַנטלויפן שנעלער. די אויגן באַגלייטן: ברויט. די אַנטלויפנדיקע רעדער ווערן פאַרשאָלטן צו קלאַפן: ברויט! ברויט! ברויט! שווער צו פאַרגעסן אַזעלכע אויגן.

פינצטערע קוימענס, רויך, סאַזשע און אַן אומגלויבלעך וואָרט — וואַרשע.

## IV

דער דראַזשקאַזש האָט אַ צי־געטון די לייצן און דאָס אויסגעביינטע פערדל האָט אַוועקגעטאַנצט מיט דער העצקנדיקער דראָזשקע. די וואַר־שעווער גאַסן זענען נאָך געלעגן האַלב־פאַרשלאָפן. עס איז געווען הייס, אומגעוויינלעך הייס פאַר אַן אינדערפרי. די מידקייט פון אַנדערטהאַלבן מעת־לעת אויפן צוג האָט מיך צוזאַמענגעקאָרטשעט לעבן מיין געפּעק. די גאַסן האָבן זיך געשיילט און געוויקלט איינע פון דער אַנדערער מיט אַ מערקווירדיקער פרעמדקייט. דער קאָפּ איז געווען שווער און איך האָב אים דווקא געריסן הויך, ווי איך וואָלט אים געמינטערט. עס איז געווען ווי איך וואָלט גאַנצע צוואַנציק יאָר זיך אויסגעמאַטערט וואַרטנדיק אויף דעם איצטיקן מאָמענט און איצט, אַז דער מאָמענט איז שוין דאָ, בין איך צו מיד צו געבן שלום־עליכם.

ס׳פּלאָנטערט זיך ביי מיר אין קאָפּ אַ מאָדנער געוועב פון די לעצטע עטלעכע שלעפּערדיקע און טראַסקנדיקע פרימאָרגן־שעהן איבער דער פּוי־לישער ערד. מיין מוח חלומט איצט איבער די זעלביקע חלומות, ווי עס

טרעפט אַמאָל ווען מען וואַכט אויף, מען שלאָפט ווידער איין און מען זעצט פאָר מיט אַ פאַרשלאָפענער באַוווסטזיניקייט דעם זעלביקן חלום.

אָבער דאָס מאָל האָב איך נישט פאַרגעזעצט, נאָר טאַקע פּשוט אי־בערגעחלומט. כ׳האָב זיך געמאַטערט צו רעסטאַווירן דעם חלום מיט זיין גאַנצער שפּינוועבסדיקייט און אומלאָגישער פאַרשטענדלעכקייט. מיין מוח איז שוין אָבער פאַרט געווען אַביסל וואַכער און זאַכן האָבן ווילנדיק־נישט־ווילנדיק געקראָגן אַן אומאַנגענעמע אָרדענונג. די שטיקער חלומות האָבן געהאַט אַן אומאַנגענעמען סדר פון אַ קאָמפּאָזיציע.

ס׳האָט זיך ביי מיר צופיל אָנגעהויבן איבערזעצן פון היראָגליפן־שפּראַך אויף אַ פאַרשטענדלעך לשון. אַלץ וואָס איז געווען רויכיק און פאַרמלאָז בעת איך בין געלעגן אויפן סאַמע דנאָ פון חלום, איז איצט געוואָרן סאָליד און מיט ווינקלען. דער ערשטער חלום איז געווען לעבע־דיק ווי אַ באַרג מיט מוראַשקעס, אָבער ביים איבערחלומען האָב איך פאַנאַנדערגעקיצלט דעם באַרג און ס׳האָבן גענומען לויפן עפּיזאָדן אין פאַרשידענע ווינקלען, באַזונדערע קאָנטיקע עפּיזאָדן.

דער הינטערגרונט פון חלום איז געווען עפּעס אַ שרעק פאַר אַ משחית. ס׳האָבן געקלונגען גלעקער פון רוסישע באַסאָווע סאָבאָרן און פון פּוילישע קאָשטשיאָלן, און עמעצער מיט אַן אויסגעבויגענעם שטעקן ווי אַ שטיק בוים, האָט זיך געיאָגט באַרג־אַראָפּ איבער דער ייִדן־גאַס, געקלאַפּט אין אַלע געוועלבער און געוואָרנט קעגן אַ שטאָך אין שבת. געשעפטן, האָבן זיך געשלאָסן מיט אַ פאַרשלאָפענער געהאָרכזאַמקייט און ס׳איז אָנגעפאַלן אַ שרעקנדיקע רו אויף די פאַרמאַכטע קלייטן און אויף דער פאַרשאָטנטער, אָפּגעליידיקטער גאַס.

אין סאַמע צענטער פון די באַסאָווע פּראַוואָסלאַוונע קירכן און די דינערע קאַטוילישע, איז געשטאַנען ס׳האַלב־איינגעפאַלענע בית־המדרש. די גאַס וואָס האָט געפירט צום מקום־קדוש איז געווען פינצטער און פון בית־המדרש זענען אַלעמאָל אַרויסגעלאָפן לעבעדיקע לכאַ־דודיס — לקראַת לקראת, געלאָפן אַנטקעגן ווי קליינע קעצעלעך אַריבער דער שוועל פון בית־המדרש.

אַ הויכער וואַסערטרעגער איז געגאַנגען מיט שווערע, פּאַמעלעכע טריט און לעבן אים אַ קליין ייִדעלע. ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס

קליינע יִדעלע איז דער רבי רב אייזערנער קאָפּ, אָבער ער האָט אַרויפּ־געקוקט מיט גרויס יראה צום הויכן.

רבי, האָט ער געזאָגט צום וואַסערטרעגער, דו ווייסט דאָך יאָ ווי אַזוי אָפּצושטעלן ס׳פּורעניות. ווערסטו דערלאָזן, רבי, אַזאַ עונש, אַז ס׳משחית זאָל פּאַרוויסטן די גאַנצע קהילה קדושה?

רופ מיך נישט רבי, איז דער הויכער וואַסערטרעגער, וואָס איז גע־ווען אַ גאַנצן טאָג אַ נכנע, מיט אַרונטערגעלאָזענע פּלייצעס, אַריין אין אַ שרעקלעכן גרימצאָרן. בעריש וואַסערטרעגער עט זיך נישט לאָזן אָנטאָן דאָס שמויסענע שטריימל אויפן קאָפּ. טו מיר נאָר נישט אָן דעם רבנישן ספּאָדיק. יעך בין נישט מסכים. כ׳על עס נישט לאָזן.

דאָס שטילע קליינטשיקע יִדל וואָס איז ביז איצט געגאַנגען געלאַסן איז אויך אַריין אין אַ ברענענדיקן כעס. ער האָט געביסן די ווערטער, אַז דאָס קול זיינס איז אַרויסגעקומען פּאַרדומפּן.

אַז דו שפּילסט זיך רק אין עניוות און אַ פּשוטער בן־אדם איז איצ־טער כצאן בלי רועה, נישטאָ פון וועמען קיין עצה־טובה צו הערן. ס׳משחית שטייט שוין אָט־אָט ביי די טויערן פון שטאָט און דו לאָזט זיך זווילגיין מיט עניוות.

בעריש האָט אַרונטערגעלאָזט די פּלייצעס, ווי ער וואָלט ערשט איצט געטראָגן די שווערסטע נאָשעס פון גאַנצן טאָג. ער האָט זיך געקאָר־טשעט אין דרייען, זיך אָנגעלענט אין דער קאָפּטשנדיקער לאָמטערנע און שטיל געהעשעט.

פון שול זענען אַלץ געלאָפן לעבעדיקע לכא־דודיס, קליינע שוואַרצע און גרויע קעצעלעך. זיי האָבן זיך געקייקלט איבער דער פינצטערער גאַס. לקראת כלה, פּני שבת נקבלה. לקראת, לקראת. די גלעקער האָבן זיך פרום געוויגט איבער דער גאַנצער שטאָט און דער לובלינער שטאָט־זייגער האָט אויסגעקלונגען חצות.

דערנאָך זענען געקומען צוויי פּאָר שטיוואַליעס. די צוויי פּאָר שטי־וואַליעס האָבן געשפּאַנט איבער דעם בלאָטיקן וועג. ווען די שטיוואַליעס זענען שוין געווען אויף יענער זייט פון דעם צמענטאַזש, וואָס נאָך דער ראַגאַטקע, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. אַ כאַלעריטשנע זון האָט דעם וואַ־סערדיקן הימל געגעבן אַ שטיקל אָנבליק פון טאָג.ביידע פּאָר שטיוואַ־

ליעס זענען שוין געווען זיכער, אַז זיי טרעטן אויף שטאָטישער טעריטאָ־ריע און זיי האָבן זיך פֿאַרגונען דעם תענוג זיך אַביסל אָפּצורוען.

דער הויכער, מיט דער פֿלאַקערדיקער רויטער באָרד און מיט די גרינע קליינע אויגן האָט אַ טיפֿן קרעכץ געטון און זיך גענומען געשמאַק שיבן איבער דער צעריסענער, וואַטאָווער, קאַפּאָטע.

דאָס קליינע יידל לעבן אים האָט דערגרייכט דעם הויכן ביז צום גאַרטל. ער האָט געהאַט אַ גרוי שטרויען בערדל און רויטע בעקעלעך, ווי פֿאַרפרוירענע עפּל. ער האָט אַלץ נישט אָפּגעלאָזט דעם הויכנס האַנט, כאָטש יענער האָט זיך געריסן צו באַפֿרייען. דער הויכער האָט אַ ברום־געטון און דאָס יידל האָט אים געגעבן אַ שאַרפֿן, פּריצישן קניפּ אין האַנט, אַז ער האָט זיך צערעוועט און זיך אַזש פֿאַרסמאַרקעט רעוונדיק. און ווי נאָר איך האָב אים דערהערט וויינען, האָב איך גלייך דערקענט דעם משוגענעם אַביש.

ס'איז נאָך נישט געווען רעכט טאָג אָבער פֿונדעסטוועגן זענען שוין ווייסע חברהניקעס אַרומגעלאָפֿן און געפּאַטשט מיט די באָרוועסע פֿיס אין די קאַלוזשעס. ווי זיי האָבן דערזען די צוויי, וואָס זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביי דער ראָגאַטקע, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי: דער משוגענער אַביש איז שוין דאָ! דער משוגענער אַביש! דאָס פֿריילעכע געשריי האָט אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן נייעם וועג.

אַ שטיל יינגל מיט פֿרומע בעקעלעך איז געגאַנגען אין חדר אַריין. ער האָט געטראָגן אַ וואַרעם פֿלעצל אָנגעשמירט מיט צעגאַנגענער פּוטער, אַ בייטל מיט זויערע ווײַנשל און אין קעשענע האָט ער געהאַט אַ צווייער פּאַר סאַכמעראָזש. דאָס שטילע יינגל איז מיר געווען אַזוי באַקאַנט, אַז כ'האָב אַזש געוואָלט וויינען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און איז צוגעגאַנ־גען דרייסט צו אַבישן, אָפּגעקנייפּט אַ שטיקל פֿלעצל און אויסגעשטרעקט די האַנט. אָבער ווען אַביש האָט עס געוואָלט אַ כאַפּ טאָן, האָט אים דאָס יינגעלע בלויז אַ וווּנק־געטון מיט אַ שטיל קול: וכול מאמינים.

אבישס גרינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. ער האָט זיך גענומען געטריי און פֿרום שאָקלען און מיט פֿאַרשטשעמעטע ליפּן האָט ער אויסגעזונגען מיטן טראָפּ יעדער פּסוק:

יעקב גלאַטשטיין

וכול מאמינים
גאָט מוז מען דינען,
מען מוז אים דינען,
מען דאַרף אים דינען
מיט פרייד און מיט נחת,
הגואל ממות ופודה משחת.

דאָס קליינע יידל, ס׳טאַטל זיינס, איז געשטאַנען און זיך מיטגע־שאָקלט צום טאַקט. אין קאָפּ זענען ביי אים געבאָרן געוואָרן קליינע טרייס־טעלעך, וואָס דער זון זיינער פאַרדינט קיין עין־הרע אויף חיונה. שוין יאָרן און יאָרן, ווי ער טאָפּטשעט אויס, צוזאַמען מיט דעם זון, די בלאָטעס פון אַלע שטעט און דערפלעך — און גאָט איז אַ פאָטער. אַביש האָט אַ גע־לענק צו זינגען. מען שטופּט דורך ברוך־השם די וואָך און אַלע פרייטיק קומט מען צוריק הערן לכו נרננה אין רבינס בית־המדרש. דאָס טאַטל אַליין קען אויך אָפּזינגען אַ וכול מאמינים, אָבער נישט מיט דעם זונס רגילות. עפּעס זענען ביי אים שוין פאַרפּעצט און פאַרלייגט שטיקער מוח. די ווערטער קומען אַרויס שטומפּיק און נישט אַזוי ניגונדיק און מיט דעם זעלבן קרעכץ ווי ביי אַבישן. אָן אַבישן וואָלט ער זיכער צו גרונט געגאַנגען אויף די עלטערע יאָרן.

דאָס קליינע יינגעלע מיט די פרומע בעקעלעך האָט זיך אַרומגע־קוקט, אויב קיינער זעט נישט און ער האָט אַבישן דערלאַנגט נאָך אַ קניפּ פון וואַרעמען פּלעצל.

אַביש, זאָג מיר, ווי שפּעט איז?

דאָס טאַטל האָט צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט שוין געוווּסט וואָס דאָ קומט. אויף אַזעלכע זאַכן האָט ער טאַקע זיין הסכמה נישט געגעבן, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אַ טייל פון דער פרנסה. אַביש האָט זיך אַ פאָרע־געטון ביים קראַק און אַרויסגענומען די זאַך און שלימזל־דיק געדרייט ווי ער וואָלט אָנגעדרייט אַ רעגולאַטאָר. דאָס יינגל, וואָס האָט דאָס שוין געהאַט געזען צום וויפלטן מאָל, האָט דערלאַנגט אַ קוויטש און אַ הירזש און געגומען לויפן ווי אַ לאָשעק אין חדר.

אויפן גויישן מאַרק זענען שוין אָנגעפאָרן אַ סך פורן. די גויעס

מיט די הינער און אייער, מיט די גרינסן, און אויבסן, מיט די שוואַרצע און רויטע יאַגדעס. די ייִדענעס האָבן געבלאָזן די הינער אויפן ריכטיקן אָרט און זיך געדונגען. אַ פויער איז געשטאַנען ביי זיין וואָגן און גע־מאַכט אַ גאַנצע קאַלוזשע. עס איז דערלאָפן שוימענדיק ביז צום פערדל, וואָס האָט געהויבן די פיס. די העקעריונגען מיט די פאַרבלוטיקטע פאַר־טעכער האָבן געשאַרפט די לאַנגע שפּיציקע מעסערס. איין העקעריונג האָט אַ כאַפּ־געטון אַ יונגע שיקסע, זי געגעבן אַ הייב אין דער לופטן און זי אַזוי געהאַלטן. עטלעכע העקעריונגען זענען אונטערגעשפּרונגען און געדרוקט די הענט אונטער דער שיקסעס קליידל, וואָס האָט זיך אויפ־געבלאָזן פון ווינט. די שיקסע האָט זיך געריסן און געדריגעט מיט די פיס און געשריגן האָט זי אויף אַ קוויטש:

פאַר גאָט, פאַר גאָט, האָבן זיי נישט קיין מורא. פאַר גאָט.

דער מאַרק האָט געשמעקט מיט מעליקע און וויינקע פּערזשיכעס, רויטע טרוסקאַווקעס, מאַלינעס, פרישע מייערן, שאַלאָטן, גרין־געלע או־גערקעס, רויטע רעטעכלעך. ס'איז אַלץ ווי אויפגעגאַנגען פאַר די אויגן און פאַרשמעקט דעם גאַנצן מאַרק.

אַן אַלטע גויע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מכשפה, איז געשטאַנען און געמעלקט אַ געהאָרכזאַמע ציג און דערלאַנגט אַ גלאָז מיט פריש אויס־געמאָלקנס צו אַ יונג חסידל מיט געקרייזלטע פייעלעך, וואָס האָט נאָך יעדער שלוק מילך זיך אַ כאַפּ־געטון ביים האַרץ און געזיפצט מיט כוונה ווי אַ גרויסע רפואה.

אַ חוץ מיט שאַלאָטן און פּרוכט האָט דער מאַרק געשמעקט מיט קי, הענער, הינט און פערד און מיט פרישע שטיקער וואָס די פערד האָט באַר־וואָס אָנגעלייגט. בייזע הינט מיט אַלטע פּנימער זענען געווען צוגע־בונדן צו די וועגענער. זיי האָבן זיך געריסן פון די שטריק און געהאַווקעט. האַלב דערשטיקטע הענער, וואָס זענען געלעגן אונטער אַ באַרג שמאַטעס, האָבן קונציק אַרויסגעקראָגן די קעפּלעך, געקרייעט מיט אַ צוגעוואָרגענעם קריי און ווידער געפּאַלן חלשות.

אַ ציגיינערן איז אַרומגעגאַנגען, געקלימפּערט מיט אירע קייטן און בראַסלעטן און געריסן ביי אַלעמען די הענט. ייִדענעס האָבן זיך באַראָטן איינע מיט דער אַנדערער. ייִדן האָבן אויך אַרומגעשמאַיעט און געזוכט

מציאות אויף שבת. קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף דער משוגע־נער דבורה, וואָס האָט געהויבן ס׳קלייד ביז צו די אויגן און געשריגן היסטעריש מיט איר קינדישן סיען.

ייִדן, מוסיאַך וועט קומען.
ייִדן, מוסיאַך וועט קומען.

דער טאָג איז געווען אַ פּאַרנער און די פּויערים האָבן געשוויצט אונטער די שווערע סערמיגעס. זייערע וועגענער האָבן זיך שוין ביסלעכ־ווייז גענומען רירן אין וועג אַריין, צוריק אין די דערפלעך, ווו אַ קילער הימל איז געהאנגען איבער זייערע כאַטעס, וואָס זענען געשטאַנען צע־וואָרפן אין געדיכטע וועלדלעך.

דער בלינדער דזשיאַד 1) איז געזעסן אינמיטן מאַרק, געשפּילט אויף דער קאַטערינקע און צוגעזונגען אַ פּרום לידעלע, וואָס אַלע האָבן שוין געקענט פון אויסנווייניק. די קאַטערינקע האָט אין זיינע הענט אויסגעזען ווי אַ האַנט־מילעכל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין מאַלן דאָס זעלביקע לידל נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

בלינד בין איך אָבער
יעזוס איז גוט צו מיר,
גוט צו מיר,
און מאַריע איז גוט צו מיר,
גוט צו מיר,
זייט־זשע, ליבע מענטשן, גוט צו מיר.
גוט צו מיר.

ריפּיי, ריפּיי, ריפּיי, האָט ער געצויגן דעם בויך פון דער קאַטערינ־קע, וואָס האָט זיך געקאָרטשעט, אויסגעלענגערט און זיך געקערעוועט אין אַלע זייטן ווי אַ שלאַנג.

דעם דזשיאַדס געזאַנג איז געווען זיסלעך און האָט זיך געלייגט פריקרע אויף יעדערנס ליפּן. מ׳האָט פון אים געוויכט; ס׳האָבן געוויכט פון אים הינט, פערד, אַפילו די קאַטשקעס און די היבער זענען געגאַנגען

1) דזשיאַד — אַלטער גוי, בעטלער.

אַרום אים און אים נישט אָנגערירט, נישט מיט קיין פליגל און נישט מיט קיין פיסל.

אַ סוכאָטנער גלח, מיט אַ לאַנגער, דינער נאָז און אַ סך זומער־שפרענקעלעך איבערן גאַנצן פּנים האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַלטיטשקן און זיך גענומען אויסטענהן מיט אים, זינגענדיק:

אַ גוט טאָג דיר, זיידעשי,
אַ גוטן טאָג דיר.
ווי דינט דיר היינט דאָס ליכט פון דיין האַרץ?

דער דזשיאַד האָט לאַנגזאַם איינגעשטילט זיין קאַטערינקע, ער האָט געענפערט מיט די ווערטער פון זיין לידל, אָבער ער האָט נישט געזונגען. ער האָט בלויז יעדע עטלעכע ווערטער באַגלייט מיט אַ שטילן ריפּיי.

יעזוס איז גוט צו מיר,
גוט צו מיר,
און מאַריע איז גוט צו מיר.

דאָס איז גוט! האָט דער שוואַרצגעקליידעטער פרום פאַרגלייזט די אויגן און אַרויסגענומען אַ גראָשן, פאַרזיכטיק באַטראַכט פון אַלע זייטן און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס גלאַנציקע מטבעלע איז נישט נישט קיין רענדל, האָט ער אַריינגעוואָרפן אין דעם דזשיאַדס פושקעלע. דער אַלטיטשקער האָט גלייך ווידער אויסגעשפּילט זיין לידל און אונטערגעהוידעט מיט דעם האַלב־זיצנדיקן גוף.

דער גלח איז געגאַנגען פון איין בודקע צו דער אַנדערער, ווו עס זענען געהאַנגען הייליקע פּאַטשערקעס, קופּערנע יעזוסלעך, רויטע לאַמפּאַדעס, פעט־אָנגעשמירטע מאַריעס אין געגילדטע רעמלעך, בלוטיקע הערצער, יעזוסן מיט דערנער אַרום די בלאָנדע צעפּ. ער האָט פרום געטאַפּט די שטיקלעך הייליקוואַרג. די גאַיעס זענען פאַרבייגעגאַנגען און אים געקושט די האַנט.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ יונגער שיקסע, וואָס איז געזעסן צווישן הויכע, ערדענע טעפּ מיט מאַלינעס. די שיקסע איז גלייך אויפגעשפּרונגען און רויטלענדיק זיך האָט זי אַ כאַפּ געטון זיין האַנט און זי צוגע־

פּרעסט צו די ליפּן. דער גלח האָט גענומען עטלעכע מאַלינעס, אויפגע־עפנט די איידעלע, האַריקע פיסקלעך, זיי אַריינגעוואָרפן אין מויל און זיך פאַסמאַקעוועט.

עטלעכע האָט ער געהאַלטן אויף דער דלאָניע. ער האָט געקוקט אויף די מאַלינעס, וואָס זענען געשטאַנען ווי די קליינע וואַזעס.

געראָטן, געראָטן, האָט דער גלח גערעדט קייענדיק. דער הער־גאָט האָט היי־יאָר געבענטשט אונדזערעביימער און אונדזער ערד.

און ווי נאָר דער גלח איז געשטאַנען און געקוקט אויף דער דלאָניע, וואָס האָט אויסגעזען אינגאַנצן פאַרבלוטיקט פון די מאַלינעס, איז דער מאַרק פלוצים געוואָרן טרויעריק פון איין עק צום אַנדערן. אפשר דער־פאַר, ווייל ער האָט זיך מיטאַמאָל אינגאַנצן אָפּגעליידיקט און ווייל ס'איז געוואָרן טונקל מיט אַן ערב־שבת־טונקלקייט.

דער מאַן מיט דעם אויסגעבויגענעם שטעקן האָט זיך נאָך אַלץ גע־יאָגט באַרג־אַראָפּ איבער דער ייִדנגאַס און געקלאַפּט אין אַלע געוועלבער. דער גלח האָט געגעבן אַ סיגנאַל מיט זיין רויטער דלאָניע און ס'האָבן זיך צעקלונגען די רוסישע באַסאָווע סאָבאָרן 1) און די פּוילישע קאָשטשיאָלן. אָבער מיטאַמאָל זענען זיי שטום געוואָרן און ווי די רויטע דלאָניע האָט זיך ביי זיי נישט געבעטן, זענען זיי אַלץ געבליבן שטום. דער בלינדער דזשיאַד איז געבליבן זיצן ביי אַן אַלטער פאַרפישטער וואַנט אויפן מאַרק און געצויגן די קאַטערינקע.

בלינד בין איך אָבער
יעזוס איז גוט צו מיר,
גוט צו מיר,
און מאַריע איז גוט צו מיר,
גוט צו מיר,
זייט־זשע, ליבע מענטשן, גוט צו מיר,
גוט צו מיר.

כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט אין צוג מיט דעם פריקרען טעם פון דעם דזשיאַדס לידל אויפן גומען. נאָך איצט, בעת איך האָב זיך געטראַסקעט

1) סאָבאָרן — רוסישע קלויסטערס.

אין דער דראָזשקע, האָב איך געהאַט די זעלביקע זויערקייט אין מויל, וואָס איך האָב געפילט, ווען איך האָב זיך אַרויסגעדראַפּעט פון מיין חלום און געזען מיט פאַרשלאָפענע אויגן, ווי ס׳האָבן גענומען לויפן אויף דער וואָר פוילישע שטעט און שטעטלעך פאַר די פענצטער פון מיין צוג.

איך בין געווען דאַנקבאַר מיין פאַרשלאָפענעם קאָפּ, וואָס האָט צוזאַמענגעפּלאָנטערט אַ פיינעם פּלאָנטער. נאָך צוואַנציק יאָר קום איך איצט צוריק אַהיים באַלאָדן מיט היימישקייט, און נישט נאָר מיט היימישקייט, נאָר אַפילו מיט דער טרויעריקער טאָנאַליטעט פון דער היים. איך האָב איצט דאָס געפיל, ווי אַלע מיינע קעשענעס וואָלטן געווען איבערגעלאָדן מיט די היימישע זאַכן פון מיין חלום, וואָס איך האָב די גאַנצע צוואַנציק יאָר פון אָפּגעפרעמדקייט אָפּגעהיט. איצט ווילט זיך מיר אויסליידיקן אַלע קעשענעס און צעוואַרפן אַלע מיינע געדעכענישן איבער די וואַרשעווער גאַסן. זעט, איך האָב אין אייך נישט געפעלשט. מיין צונג איז טאַקע איצט צוגעקלעפּט צום גומען, אָבער איך דיך, מיין יידיש־פוילן, האָב קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיט אַלע דיינע שרעקן און טרויעריקע שמחות. פאַרגעס נישט מיין רעכטע האַנט, ווי איך האָב אין דיר נישט פאַרגעסן.

די פרימאָרגנדיקע וואַרשע האָט מיר נאָך קיין שלום נישט אָפּגעגעבן. דאָס אייגנטימלעכע פון דער שטאָט איז נאָך אַלץ געלעגן פאַרשלאָפן. איך האָב מיין הייסן יאַכמער באַהאַלטן פאַר לובלין, דער שטאָט פון מיין חלום, דער שטאָט פון מיין דערשראָקענער יידישקייט, וואָס האָט זיך שטענדיק אויסבאַהאַלטן צווישן דיביידע פיינטלעכע גלעקער, רוסישע און קאַטוילישע.

דאָס וואָס איך פאָר איצט צו מיין מומען דורך ניו־יאָרק, איז מיר אויסגעקומען, ווי איך וואָלט פאַרלייגט אַ שטיק וועג, אַריינגעפאָרן דורך אַן אַנדער טויער, און אָנגעקומען דורך אַ הינטער־טיר. אַמאָל פלעג איך פאָרן דירעקט פון לובלין קיין וואַרשע, איצט פאָר איך גאָר פון לובלין קיין ניו־יאָרק דורך, פאָלג־מיך־אַ־גאַנג, צוואַנציק יאָר קיין וואַרשע, און ערשט פון וואַרשע צוריק קיין לובלין.

דירעקט פון לובלין קיין וואַרשע בין איך געפאָרן אויף באַזוך, גע־

פאָרן זיך גרויסשטעטלעך, געפאָרן אָפּקלאַפּן די טירן אין די רעדאַק־ציעס, געפאָרן אָפּגעבן עקזאַמען אין קרינסקיס שולע.

אין די קאָרידאָרן פון קרינסקיס שולע האָט מען גערעדט אַ גע־ביכלטן העברעיִש. די קלאַס־צימערן האָבן נישט געהאַט די איינגעפּונ־דעוועטקייט פון דער לובלינער גימנאַזיע, נאָר זיי האָבן גיכער אויסגעזען ווי אויף גיך אויפגעשלאָגענע סוכות. קרינסקיס סטודענטן האָט געפעלט די פרייד פון אַ סטודענטישער יוגנט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען און גע־קנייטשט די תכליתדיקע שטערנס. אַפילו די סאַמע ייִנגסטע סטודענטן האָבן געפילט, אַז די גרויסע וועלט האָט זיי אויסבראַקירט און מען צווינגט זיי צו היטן דעם אייגענעם ווייַנגאָרטן.

די שינעלן פון קרינסקיס האַנדלס־שולע זענען אַפילו געווען ענלעך אויף די שינעלן פון קאַזיאָנע האַנדלס־שולן, אָבער עטלעכע מעשענע קנעפּלעך אויף דעם אוניפאָרם און היטל האָבן אַרויסגעגעבן דעם סוד, אַז דאָס איז אַ שבת־פאַר־זיך מונדיר. די דירעקטאָרן פון דער שולע האָבן געמאַכט אַ העראָיִשן אָנשטרענג צו באַהאַלטן דאָס געטאָ־געמיט פון וועלטלעכקייט געפּאָרט מיט ייִדישקייט. יעדער סטודענט האָט געברומט עוד לא אבדה פאַר זיך און ער האָט זיך געפילט נישט מער געטרייסט ווי דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק. טאַקע עוד לא אבדה, אָבער וואָס וועט מען פאָרט טון, אַז מען וועט שוין, משטיינס־געזאָגט, ענדיקן קרינסקיס שולע?

דאָ אַהער איז מען געקומען באין־ברירה, נאָכדעם ווי די גימנאַזיאַלע עקזאַמינאַטאָרן האָבן יאָר איין און יאָר אויס, געשניטן מיט זייערע קאָסעס ייִדישע האָפענונגען. מען איז אַרויף צו קרינסקין און געהערט דעם אומ־זיכערן סקריפּ פון די טרעפּ, איינגעזאַפּט די טוכלעקייט פון ייִדישע גע־שעפטן אין דער געביידע און אין דער גאַנצער געגנט. סימאָנס פּאַסאַזש — געוואַנט, לעדער, קרינסקיס האַנדלס־שולע. האַנדעל — האַנדעל — שולע — שמאַטעס — האַנדעל.

די לובלינער גימנאַזיע איז געווען אַ נידעריקע געביידע. עטלעכע מאַרמאָרנע טרעפּ האָבן געפירט צום אָפּגעשלאָסענעם טעמפּל. ביי קרינס־קין — קרעכצנדיקע הילצערנע שטיגן. געטאָוואַטע. באין־ברירהדיקע ייִדישקייט און אָראַנזשערעי־וועלטלעכקייט, וואָס זעט נישט קיין זון און פילט נישט קיין רעגן.

די אָרנאַמענטיק איז געווען דער דירעקטאָר מיט דער ברייטער פּראַוואָסלאַוונער באָרד און רויטער פּראַוואָסלאַוונער נאָז. די באָרד איז געווען אַזוי ברייט, אַז זי האָט אַזש אויסגעזען ווי אַ געשעפּטלעכע דעקאָראַציע. ראָזשדעסטווענסקי פון דער לובלינער גימנאַזיע האָט זיך געקענט פאַרגינען דינע, שוואַרצע וואָנצעלעך, אָבער וואָסקרעסענסקי פון קרינסקיס שולע האָט געמוזט טראָגן אַ ברייטע, רויטע באָרד פון אַ פּאָפּ, ער איז געווען קרינסקיס וועלטלעך־קריסטלעכע שילד. אָבער ראָזשדעסטווענסקיס וואָנצעלעך האָבן אַרויסגערופן מער מורא, ווי אָט־די פּראַוואָסלאַוונע באָרד, וואָס האָט גיכער געהערט צו דער פאַרשווענדערישער ייִדישער קאַריקאַטור, וואָס סטימולירט פרעמדקייט מיט אַ ברייטער האַנט.

וואָסקרעסענסקי האָט געמוזט דינען ווי דער גוי ביי די טויערן פון ייִדישער בילדונג. די סטודענטן שטייען אַרום אים צו נאָענט. ער איז נעבעך צוזאַמען מיט זיי אין גלות. סיי ער, סיי די ייִדישע סטודענטן זענען אויסבראַקירט געוואָרן. די גוייִשע וועלט האָט פאַר אים אויך נישט געפונען קיין פּלאַץ.

צוזאַמען מיט מיר פאָרט צו קרינסקין מיין קליינער סטודענט. ער האָט לעבעדיקע, ברוינע אויגן און אַן אונטערשטע, פאַרעקשנטע ליפּ. מיר דאַכט זיך, אַז ער זעט פונקט אַזויפיל ווי איך, שפּאַנענדיק איבער די קאָרידאָרן, אָבער זיין אונטערשטע, פליישיקע ליפּ שוויגט. ער האָט אויך אַ שווער האַרץ. ער בייגט דעם קאָפּ, ווייל דאָ אין די קלאַס־צימערן וואַרפט מען אים שוין אַן אַ ייִדישן עול. כאָטש מיר גייען אין די קאָרידאָרן, דאַכט זיך גאָר, אַז מירביידע קלעטערן ערגעץ באַרג־אַרויף מיט גרויס מאַטערניש. איך, דער דערוואַקסענער יונגערמאַן פון פופצן און ער דער צוועלפיעריקער — מיר ביידע זוכן דאָ תכלית. דער לערער און דער תלמיד זענען אַרויסמאַנעווורירט געוואָרן פון דעם גרויסן, ברייטן קוואַל און ביידע טאַפּן אַ וואַנט.

דערפאַר האָט דער שוויענטעדוסקי שפּיטאָל יאָ געהאַט ענלעכקייט צו דער לובלינער גימנאַזיע. בלויז אין די קאָרידאָרן פון דער לובלינער גימנאַזיע האָב איך, אַ ייִדיש ייִנגל, געפילט דעם זעלביקן קלעם אַרום האַרץ ווי אין שפּיטאָל. אַלעמאָל, ווען איך בין געגאַנגען האַלטן עקזאַמען אין לובלינער גימנאַזיע האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין זייער קראַנק.

די לערערס זענען בייזע כירורגן מיט גרייטע לאַנצעטן. די ווענט האָבן געהאַט אַ שפּיטאָלענע קאַלטקייט. די זויבערקייט האָט געשמעקט מיט יאָדאָפאָרם. די עקזאַמינאַטאָרן האָבן מיר אַריינגעשמייכלט אין פּנים אַריין מיט אַ שפּיזלדיק שמייכעלע, ווען מען האָט אויסגערופן דעם יאַקאָוו אי־סאַקאָוויטש גליאַטשטעין, מיט דעם אַקצענט אויף דער לעצטער זילבע. כי־כי — יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, אַ קליין ייִדעלע וויל אויך, ער וויל אויך. די לערערס שמועסן זיך דורך מיטן פּאַפּ, וואָס זיצט געוויינלעך ביי די עקזאַמענעס, כדי צוצוגעבן פייערלעכקייט. ער וואַרפט אויך אַמאָל אַריין אַ פראַגעלע. יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, פרעגט ער, און מיר דאַכט זיך, אַז ער וויל גאָרנישט וויסן דעם ענטפער, ער וויל בלויז גראַבלען ביי מיר ער־געץ טיף, טיף, מיט אַ קליין מעסערל. און אין שוויענטעדוסקי שפּיטאָל האָט מען מיר אַרויסגענומען דעם אַפּענדיקס.

די נאָנעס פון דעם קאַטוילישן שפּיטאָל האָבן מיך געצוואָגן און גע־קעמט און געטרייבערט די אָדערן מיט גוטסקייט. זיי האָבן מיך געהאַלטן אין איין פרעגן, צי מיר ייִדן האָבן אויך ערגעץ אַזאַ אינסטיטוציע, ווו שוועסטער זאָלן אַזוי דורכצוואָגן און דורכקעמען אַ קראַנק קאַטויליש ייִנגל.

אַ שייגעץ, ביי וועמען מען האָט ערשט מיט טעלעכע וואָכן צוריק אַרונטערגענומען אַ פוס, האָט מיך געפרעגט טאַמעוואַטע, פאַרוואָס איך בין נישט אַריין אין אַ ייִדישן שפּיטאָל. ס׳איז געווען אין סאַמע ברען פון פוילישן באָיקאָט קעגן ייִדן און איך בין געלעגן, איין ייִד, צווישן 36 קריסט־לעכע בעטלעך. כ׳בין געווען אַרומגערינגלט מיט קריסטלעכער באַרעמ־האַרציקייט. אַלע זענען געווען גוט צו מיר און אַלע האָבן כסדר אונטער־געשטראָכן, וויפל פונט גוטסקייט מען שענקט מיר, כאָטש איך בין אַ ייִדיש ייִנגל.

אַ מאַן מיט שוואַרצע וואָנצן און געל פּנים איז אויסגעגאַנגען מיט אַ גוטן שמייכל, ווי ער וואָלט זיך געשעמט, וואָס ער מאַכט אונדז אַלעמען אַביסל אומבאַקוועם. ער איז געווען אַ באַן־קאָנדוקטאָר, וואָס מען האָט אַריינגעבראַכט נאָך אַ צוג־אומגליק. די לעצטע צערעמאָניעס, אַ שטילע פאַמיליע אַרום בעט.

רויטע לעמפּלעך אין די קאָרידאָרן. פאַרשטיקטע קרעכצן פון די

בעטן. איך געדענק ווי מ׳האָט אַרויסגענומען די שטעך. אַ רוסישע דאָקטאָרשע מיט גוטע, פעטע הענטלעך. די עטלעכע נעכט, ווען איך האָב שוין געקענט אַרומדראַלען אין שפּיטאָל, האָב איך גאַנץ אָפט געשפּירט, אַז איך, יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, שפּאַן אַרום, אַ קראַנקער ייִד, איבער די קאָרידאָרן פון דער לובלינער קריסטלעכער גימנאַזיע.

די מידקייט האָט מיר איצט געקיצלט יעדער ביין. איך האָב ווי דורך גלאָז געקוקט אויף די וואַרשעווער גאַסן און זיי געזוכט צו דערקענען אין רעטראָספּעקט פון יאָרן. אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ פאַרשלאָפענע אָרדענונג. די דראָזשקע איז שוין איצט געלאָפן איבער דער בריק קיין פּראַגע. אין די צוואַנציק יאָר פון וועלט־איבערקערעניש וווינט נאָך אַלץ מיין מומע אין זעלביקן הויף. דער זשאָנדצע, וואָס האָט זיך אָפט געשלאָגן מיט זיינע זין און זיך געהאַלטן אין איין באַרימען, אַז די קאַבאַרעט־זינגערין קאַוועצקאַ טוט אים אָן די זאָקן, מוז שוין לאַנג זיין אויף יענער וועלט. זיין עלטסטער זון, וואָס האָט אַלעמאָל געסטראַשעט מיט שמד, האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט. אין די האָניק־חדשים פון פּאָלאָניאַ רעסטיטוטאַ האָט ער זיך געשמדט און איז געוואָרן אַ פּאָליציי־שעף אין אַ קליין שטעטל. און געטריי דער טראַדיציע, האָט ער די דאָרטיקע ייִדן אָנגעטון געברוינטע לייד. אַזאַ גרוס האָט מיר אָפּגעגעבן זיין אייגענער ברודער, וואָס האָט מיט מיר אַמאָל געקנעלט היפּנאָטישע מאַנירן. אָטדער ייִנגערער זון, האָט זיך אויך אונטערגעשמדט, כדי ער זאָל קענען באַזוכן אַ גלחים־סעמינאַר. די יונגע גלחים־סטודענטן האָבן דעם נייעם משומד געגעבן שלעכטע קעסט, איז ער אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, ווו ער האָט זיך מיט זיינע היפּנאָטישע מאַנערן דערשלאָגן צו אַן אַלטער מיליאָנערשע. ער האָט מיך כסדר געהאַלטן אין איין פרעגן עצות, צי ער זאָל חתונה האָבן מיט דער אַלטער גויע, וואָס שדכנט זיך צו אים, און ווערן אַ פּאַרטיקער מיליאָנער, אָדער ער זאָל זיך לאָזן איבעררעדן פון דער יונגער טאָכטער און מיט איר אַנטלויפן.

אָבער מיין מומע האָט דאָך דורכגעמאַכט אַ שטיקל ענדערונג. שטאָט וואָס זי האָט אַמאָל געוווינט רעכטס, וווינט זי איצטער לינקס. פּאָרט פאַרלאָפן צוואַנציק יאָר.

ווי שטיל און אומבאַמערקט איך האָב געוואָלט זיך דורכגליטשן, איז

עס מיר נישט געלונגען. אַ קליין מיידעלע האָט גענומען לויפן. צוויי ייִנגלעך האָבן זיך אָנגעכאַפּט ביי די הענט און אָנגעהויבן שפּרינגען אי־בערן הויף ווי קוריערן. אַ ייִדענע מיט אַן איבערגעוואַקסענער נאָז, די גרויס פון אַ קאַרטאָפליע, האָט אַ פרעג־געטון ווען איך דאַרף. אַ ייִד מיט אַן אונטערגעבונדענער באָרד האָט גענומען שרייען איבערן גאַנצן הויף. עטלעכע ווייבער זענען אַרויס אויף די באַלקאָנען. דער גאַנצער הויף האָט גענומען רודערן.

ווען איך בין אַרויף אויף די טרעפּ, האָט מיך שוין מיין מומע באַ־געגנט האַלבוועגס, מיט אַ פּאַטש אין די הענט און מיט אַ וויינענדיק פּנים.

## V

ווי געל דער מומעס פּנים איז געווען, איז עס אַלץ געווען דאָס איינ־ציקע שטיקל ליכט אויף די פינצטערע שטיגן. איך האָב זי גלייך דער־קענט. מערקווירדיק ענלעך אויף דער מאַמען מיינער איז זי געווען אויף אַזויפיל נישט ענלעך, אויף וויפל איך האָב נאָך געהאַט דורכצומאַכן עט־לעכע שעה רייזע, כדי פולשטענדיק צו פאַרענדיקן פאַר זיך דער מאַמעס געשטאַלט. ס׳איז געווען ווי מען מאַטערט זיך צוריקצורופן אַ פּנים און מען האַלט שוין גאַר נאָענט. ס׳פעלט נאָך אַ פּינטעלע, אַ שטריך. זי איז געווען אויף אַזוי פיל ענלעך, אויף וויפל ס׳האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז איך זאָל זען די מאַמען אַליין. טראָץ דער מומעס שוידערלעכער פאַר־עלטערטקייט בין איך געבליבן צופרידן, וואָס איך זע שוין כמעט די מאַמע. עס איז ווי נאָך אַ חלום. דו עפנסט אויף די אויגן און דו דער־זעסט שטיין איבער דיר אַ נאָענטן מענטשן. דער נאָענטער מענטש איז שוין כמעט ענלעך צו זיך. דו ווייסט, אַז דו דאַרפסט נאָר אַביסל עפענען די אויגן, כדי איינגאַנצן איבערצורייסן דעם לעצטן פאָדעם פון חלום און זען דעם נאָענטן מיט וואַכע אויגן.

די מומע האָט מיך אַריינגעפירט אין הויז מיט אַ געוויין.

דיין מאַמע איז אַ גרויסע צדיקת, אַז זי האָט דאָס דערלעבט! דייז מאַמע מוז ערגעץ האָבן אַ גרויסן זכות אין הימל, אַז זי האָט דיך דער־לעבט צו זען.

אַ ווייל האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ וואַקס־מוזיי. עטלעכע וואַקסענע פיגורן, זענען געשטאַנען און מיך אָנ־געקוקט. אויף אַ נישט־פאַרבעט געלעגער, האָבן זיך געוואַלגערט קינדער־לעך. איין קינד מיט אַ קורץ נעזל, ווי אַן אָפּגעהאַקטער עק ביי אַ הינטל. און מיט עטלעכע איבערשטע ציינדלעך, האָט גענומען מאַכן פּיסקעס, קוקנדיק אויף מיר; אַ צווייט קינד, אַביסל אַן עלטערס, האָט זיך צעוויינט; אַן אַנדער קינד איז אַרונטערגעשפּרונגען פון בעט און פאַרשוווּנדן אין אַ צווייטן צימער. די וואַקסענע פּנימער האָבן אַלץ געקוקט אויף מיר מיט שרעק.

דערקענסט זיי נישט? דאָס זענען דאָך מיינע טעכטער. דאָס איז דאָך די יינגסטע — נאָך דער באָבע דרעזל. און די מיטלסטע געדענקסטו אויך נישט? און די עלטערע האָסטו שוין אָפּילו פאַרגעסן?

איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געטראַכט פון די פאַרלאָפּענע צוואַנציק יאָר אין טערמינען פון מלחמה, הונגער, פּאָגראָמען, שרעק, דלות, דחקות, ווי איצט, קוקנדיק אויף די דריי פאַרגעלטע פּנימער. נאָך קיינמאָל איז מיר נישט אויסגעקומען צו טראַכטן פון די צוואַנציק שרעק־לעכע יאָר, אַפילו אין דעם פּשוטן באַגריף פון אַ פאַרלאָפן שטיק צייט, ווי איצט ווען כ'בין געשטאַנען אַ צוגעקאָוועטער צום אָרט און געקוקט אויף די דריי פּנימער. זייער שרעק האָט מיך אָנגעשטעקט, ווייל די פּני־מער זענען געווען פאַרשעמט, וואָס די צייט האָט זיי אַזוי, אָן רחמנות, אויסגעפּאַטשט; אָבער איבער אַלץ זענען זיי געווען דערשראָקן, וואָס מען האָט זיי געכאַפּט נישט צוגעגרייטערהייט. זיי זענען געווען דערשראָקן ווי דאָס נישט־פאַרבעטע געלעגער, ווי דאָס קינד וואָס האָט נאָך אַלץ גע־מאַכט פּיסקעס. זיי האָבן זיך געשראָקן צי איך וועל זיי פאַרגעבן, וואָס זיי האָבן אַזוי צעפּאַטערט מיינע צוואַנציק יאָר, וואָס זענען פאַרלאָפן זייט מיר האָבן זיך געזען. כ'האָב זיי געפּאַקט ביי דער האַנט אינמיטן אַלט ווערן פאַר דער צייט.

אָבער נאָך ערגער איז מיר געוואָרן, ווען איך האָב ענדלעך דערזען אין די דריי פּנימער די שפּורן פון די דריי קליינע שטיפערישע מיידן, וואָס פלעגן לאַכן מיט אַ פאַרשטיקט, אומגעדולדיק געלעכטער דעם אינדערפרי, נאָך דער נאַכט, ווען איך פלעג קומען צו־גאַסט פון לובלין. געוויינלעך בין איך אָנ־

געקומען שפּעט ביינאַכט, אָבער אינדערפרי זענען זיי שוין געלעגן אין אַן אַנטקעגנאיבערדיק בעט, און געטשאַטעוועט אויף מיר ווי די קעצלעך. די מומע האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל מיך לאָזן שלאָפן, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביז איך וועל אַליין עפענען די אויגן. זיי האָבן מיט אַלע מיטלען געזוכט מיך אויפצוּוועקן אויף אַ האַלב־געזעצלעכן אופן. און אַז איך האָב ענדלעך אויפגעריסן די אויגן, האָבן זיי ערשט אַרויסגעפּלאַצט אין אַן אמת געלעכטער און זיך אינגאַנצן איבערגעדעקט מיט דעם שווערן איבערבעט. איך האָב זיי אַרויסגעקראָגן איינציקווייז, ביי די האָר, ביי אַ פּעט־באָרוועס פיסל, אָדער גאָר ביי אַן אויער.

איצט שטייען זיי אַנטקעגן מיר מיט אַ דערשראָקענער פאַרגליווערטקייט, און וואָס מער איך דערקען די שפּורן פון יענע דריי קינדישע פּנימער, אַלץ ענגער ווערט מיר אין האַלדז. איינע ליידט פון אַ גוידער, און די אויגן אירע זענען שטיקער גלאָז; ביי אַ צווייטער, פעלן שוין באַלד אַלע ציין און דער אונטערשטער טייל איז דריי מאָל אַזוי ברייט ווי דער אויבערשטער. די דריטע, די יינגסטע, האָט דווקא דאָס עלטסטע און פאַרזאָרגטסטע פּנים.

פון אַ זייטיק צימער קומען אַרויס צוויי יונגעלייט. איינער ווערט מיר פאָרגעשטעלט ווי דער מאַן פון דער עלטסטער. ער האָט אַ פאַרביסן און קאָנספּיראַטיוו פּנים. ער גייט גלייך אַוועק. ער איז אַן אַרבעטלאָזער בעקער און ער איילט זיך צו אַ פּאַך־מיטינג.

דער צווייטער יונגערמאַן, איז דער מומעס זון. ער איז געבאָרן געוואָרן צוויי יאָר נאָך מיין אָפּפאָרן. אָבער נישט קוקנדיק אויף זיינע אַכצן יאָר האָט ער שוין אַ שפּיגלדיקן ליסעקאָפּ און אַ פּנים פון אַ מידן סוחר.

איך טו זיך אַביסל איבער אין קיך, און איך וואַש זיך אַרום ביים פאַרזשאַווערטן זליווו. אויף אַ פענצטער ווייקט זיך פליייש און אַרום פליייש קריכן ווייסע ווערים, נאַסטלען. אויך זיי האָב איך שוין נישט געזען צוואַנציק יאָר און איצט גיבן זיי מיר דעמזעלבן פּיק ביים האַרץ, ווי זיי פלעגן מיר אַ פּיקטון, ווען איך האָב אַלס קינד אַרויפגעטראָטן אויף זיי באָרוועסערהייט. זיי זענען נאָך ווערעמדיקער און פלעגמאַטישער ווי די אַמעריקאַנער קאַקראַטשעס. די פאָדלאָגע, די ווענט און דער פּאָלעפּ זענען בוכשטעבלעך פון דעם זעלביקן שוואַרץ. די מומע האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעצייכנט מיט צופיל זויבערקייט, אָבער דאָס מאָל איז עס נישט בלויז נאַכלעסיקייט, נאָר דלות.

דער אונטערשיד וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן. דער קאָליר פון דלות — נישט שוואַרץ, נאָר בלאָטיק־ שוואַרץ, ערד פון זאַכן, וואָס האַלטן זיך שוין ביי אויפלייזן.

ווען איך בין צוריק אַריין אין צווייטן צימער, איז שוין אויך געזעסן דער פעטער און געזופט אַ גלעזל וואַרעמס. ער האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסע, שוואַרצע באָרד פון אַ ברייטן טשינאַווניק. איצט איז פון דעם געוואָרן אַ קליין, גרוי בערדל, וואָס איז נישט געשוירן, נאָר פשוט אויסגעקראַכן. ער האָט מיר דערלאַנגט שלום מיט אַן אַלטער האַנט. ס׳איז אין אים נישט געווען צו דערקענען קיין סימן פון דעם אַמאָליקן געזונטן פלייש־הענדלער, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גבורה אין פנים, אַז ער האָט אַלעמאָל אויסגעזען ווי ער האַלט אָט־אָט ביי קריגן אַן אַפּאָפּלעקציע פון צופיל געזונט. איצט האָב איך אים קוים דערקענט לויט זיין רעדן אונטער דער נאָז און דעם כיטרען שמייכעלע, וואָס האָט אַלעמאָל געשפּילט אַרום זיינע אָנגעגאָסענע אויגן מיט אַ וואָרענונג, אַז — מיך וועט איר נישט אָפּפּרייערן.

לאָמען עפּעס שטעלן צום טיש. ס׳מוז דאָך אים חלשן ס׳האַרץ, — האָט דער פעטער באַפוילן זייטיק, נישט ווויסנדיק געגעבן צי ער מעג מיך נאָך דוצן. אָבער איך האָב, נישט געקוקט אויף מיין שרעקלעכן הונגער, פאַר־זיכטיק געטרונקען אַ גלעזל טיי, און אַלץ געטראַכט פון די קריכנדיקע נאַסט־לען און פון דעם דלותדיקן שוואַרץ.

אַ מאַן פון זעקספוסיקער היין, אפשר נאָך מיט אַ שמיצל, מיט אַ שווערן קאָפּ און מיט אַ בויך ווי אַ קעסלפויק, וואָס האָט זיך דורכגעפּלאַצט אַ וועג דורך די ברייטסטע הויזן, איז אַריין אין הויז. ער איז גלייך צוגעלאָפן צו מיר, און מיר דערלאַנגט אַ גרויסע, האַרטע האַנט.

שלום־עליכם, שלום! שוויגער, דאָס איז ער? — האָט ער זיך געוואָלט איבערצייגן אויב ס׳איז טאַקע אמת.

די מומע האָט מיר גלייך דערקלערט, אַז דאָס איז דער גן־עדן אירער, דער מיטלסטערס מאַן.

איך בין אים געווען אמת דאַנקבאַר, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין הויז אַן אַנדער אַטמאָספערע. ער האָט מיט זיין גבורה און זיין בויך גלייך אויסגעקערט דאָס גאַנצע דערדריקעניש.

וואָס שווייגט מען דאָ, ווי ביי אַן אבל? הער נאָר, אַ מענטש איז ערשט

געקומען קיין פּוילן, און מ׳דערלאַנגט אים שוין געברוינטע צרות. וואָסי, ער וועט חלילה פאַרשפּעטיקן?

דער גרויסער בויך זיינער האָט פאַרמאָגט אַ מאַסע ענערגיע. אַזאַ שווע־רע קוועקזילבערדיקייט האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען. ער איז גאָרנישט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט. ער האָט געטאַנצט פון איינעם צום צווייטן מיט דער לייכטקייט פון אַ טענצער.

שוויגער! וואָס מאַכט איר אַ זויער פּנים? איר האָט דאָך מיך ליב, אַז איר קריגט אַזש די נכפּה פאַר מיר.

ער האָט געגעבן אַ קוש דער שוויגער, געקושט דאָס ווייב, און מיר דערקלערט אין איין אָטעם, אַז איך בין פאַרבעטן צו אים אין שטוב אויף מיטאָג. אַליין איז ער אַרויס ווי אַ שטורעמווינט איינקויפן און צוגרייטן.

אַז זיין ווייב איז אויך אַוועק, האָט מיר ערשט די מומע גענומען דער־ציילן זיין גאַנצע „כיסטאָריע״. ער שטאַמט פון רייכע מענטשן. ס׳איז געווען אַזאַ גליק־שידוך, אַז זיינע עלטערע האָבן קיינמאָל נישט מסכים געווען.

דו זעסט דעם גראָבן יונג, איז ער אָנגעשטאָפּט מיט תורה, דעם גראָבן יונג האָט ער אַליין אויסגעכאַליעט. וואָס האָט מען אין אים נישט אַריינגע־לייגט? קורסן איז קורסן, שפּילן פידל איז שפּילן פידל, טאַנצן, איז טאַנצן, גאָלד מיט זילבער מיט בערליאַנטן, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט זיין קיין גרויסער לייט. קודם־כל האָט ער זיך דווקא פאַרליאַפּעט אין מייז טאָכטער און זי גענומען ווי די מאַמע האָט זי געהאַט. מען איז אים נאָכגעלאָפן מיט 20 טויזנט דאָלאַר נדן, ווי אַ גראָשן אַ בייגל. ער האָט אַ גאָלדענעם פאַך, ער איז אַ צאָן־טעכניקער, אָבער ער האָט פיינט צו אַרבעטן. ער איז שוין אָפּגעווען אין אורוגוויי אַ זעקס־זיבן יאָר. ערשט אַ יאָר, ווי ער איז דאָ צוריק, און ער פּאַקט זיך שוין ווידער אין וועג אַריין. ער וואָלט געווען אַ גאַנץ ווילער מענטש, נאָר ער האָט ליב דעם פּרעס און דעם זויף און האָט אַפילו ליב, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, צו קוקן אויף פרעמדע ווייבלעך. אַז אַלץ ווילט זיך אים. ער האָט גרויסע אויגן, אַ גרויסן בויך און אַ געשמדטן גאָרגל, אָבער גיב נאָר אַ רעד מיט אים. ער איז טאַקע אַ שטיק משוגענער, נאָר אַז ער צערעדט זיך איז דאָ וואָס צו הערן.

ווען איך בין געזעסן ביי אים אין הויז, האָט ער אַרום מיר געפּאַדעט.

מיר האָבן געטרונקען ווייסן, פּוילישן שפּירט, און ער האָט מיך פּשוט גע־קאָרמעט און געשטאָפּט.

וואָס עסטו ווי אַ פֿייגעלע? האָט ער מיך גלייך גענומען דוצן. — כּוח ליגט אין דער שיסל. עסט דאַרפֿן האָבן אַ שיין ביסל כּוח אַהיימפֿאָרנדיק צו אַ קראַנקער מאַמען.

און וואָס מער ער האָט געגעסן און געטרונקען, אַלץ רעדעוודיקער איז ער געוואָרן.

ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן, ווער איך קליגער פֿון טאָג צו טאָג. איך ווער קליגער, ווייל איך האָב ענדלעך אַנטדעקט דעם סוד, אַז ס'איז בעסער צו זיין וואָס נאַרישער. אַמאָל בין איך געווען אַ קאָמפּליצירטער יונגערמאַן מיט פּראָבלעמען אויפֿן פּוד. איך האָב שטענדיק אונטערגעקרענקט. דאָס זע־נען געווען די צייטן, ווען איך האָב ליב געהאַט נישט אַנדערש ווי קאַמער־מוזיק. דו ווייסט דאָך — אינטימע, שטילע מוזיקאַלישע געשפּרעכן. און דאָסטאָיעווסקין, פּשאַמאַט! 1)

ער זופּט אויס נאָך אַ גלעזל.

איך האָב זיך אָבער גענומען רעדוצירן אויף צוריק, און וואָס מער איך האָב זיך גענומען רעדוצירן, אַלץ גרעסער איז ביי מיר געוואַקסן דער בויך. איך האָב איינגעזען, אַז די גאַנצע זאַך איז נישט מער ווי איינגערעדטע גדלות. וואָסי, אָפּערע איז שלעכט? אַ שטיקל ווערדי, ביזעי, האַלעווי? און אַז איך ביז שוין דערגאַנגען צוריקוועגס צו אָפּערע, האָב איך דערפֿילט, אַז אַפֿילו אָפּערע איז אויך צו הויך געפֿלויגן פֿאַר אַזאַ וואַנעריונג ווי איך בין. איך בין גע־גאַנגען צוריק ביז צום פּשוטן לידל. אַ האַרציק יידיש פֿאָלקסלידל איז פּונקט גוט. ווען איך בין דערגאַנגען צום פֿאָלקסליד, האָב איך ערשט דערכאַפּט דאָס האַרץ, ווי מען דערכאַפּט זיך אַמאָל דאָס האַרץ מיט אַן אמת זויערער אוי־גערקע, אָדער ווי מען דערקוויקט זיך מיטן געשמאַקן זויערקרויט. מיין נשמה איז לכתחילה געווען פֿאָלקסמוזיק, נאָר איך האָב זי איידל צעפּאַטשקעט מיט פֿריצישער קאַמערמוזיק.

אַזוי עסן ווי ער האָט געגעסן, זעט מען אַפֿילו נישט אין די עכטסטע רומענישע קעלערס אויף עלען־סטריט. ס'איז געווען אַ קאָנצערט. ער האָט

1) פּשאַמאַט — הינטישע מוטער.

געטרונקען און געגעסן מיט אמתער ווירטואָזיטעט, וואָס האָט אָנגעשטעקט מיט פריילעכקייט. דאָס ווייב זיינס, וואָס איז געזעסן ביים טיש, איז איצטער אויך געוואָרן אַביסל פריילעכער. זי האָט אַפּילו אויסגעזען יינגער, און די פּאַרגליווערט־דערשראָקענע אויגן האָבן איצט אויף מיר געקוקט מיט וואָרעמקייט.

קאַמער־מוזיק דאָס איז קרענקלעכקייט, אַן איידעלע כאַראָבע,2) און פּאָלקסליד מיינט פרעסן, טרינקען, לעבן. איר ווייסט גאָרנישט וואָס לעבן איז! די וועלט ווייסט קוים וואָס לעבן איז. די וועלט בעבעט פון העלדישקייט, און העלדישקייט מיינט, אין לעצטן סך־הכל, טויט. עס לערנט ליב צו האָבן דעם טויט. וואָס מיר אָנשטעל פון העלדישקייט? ווען איך זאָל וויסן, אַז איך גיי אָט־אָט שטאַרבן, וואָלט איך זיך שוין אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע און אַזוי געריעוועט, אַז איך וואָלט הימל און ערד געבראָכט צוזאַמען. פאַר וועמען דאַרף איך דאָ שפּילן דעם העלד? איך האָב אייך אַלעמען אין דר׳ערד. ס׳גייט דאָך אונטער אַ מענטש פון דער וועלט. סי עפּעס אַ קלייניקייט? איך וואָלט געריעוועט אויס שרעק פאַרן טויט, ווייל ס׳ווערט פאַרשניטן אַ לעבן, אַ בויך, אַ מויל, אויגן ווערן צוגעשלאָסן אויף אייביק. מען האָט אייך אַלעמען אין דר׳ערד מיט אייער העלדישקייט.

ווען ער האָט מיך צוגעפירט צום וואָקזאַל און אַריינגעזעצט אין צוג קיין לובלין, איז ער צו מיר צוגעפאַלן מיט זיין שווערן קאָפּ און זיך מיט מיר צעקושט. ער האָט מיט מיר נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין קנעלן, אַז מען מוז גיין צוריק צום מינדסטן פאָלקסלידל און צום לעבן.

שלינגט שטיקער לעבן! פרעסט, זויפט, וויפיל ס׳לאָזט זיך, און זייט וואָס ווייניקער העלד. העלדישקייט האָט דערפירט צום היטלעריזם.

נישט מער, רוימט ער מיר איין אַ סוד, און קומט אַזוי נאָענט צו מיר, ווי דער בויך זיינער דערלויבט, אַז מען לעבט אין פּוילן און מען זעט די פאַרצאָרנטע יידישע פּנימער, פאַרגייט דער אַפּעטיט צום לעבן. פאַר איך טאַקע דערפאַר גאָר אינגיכן צוריק קיין מאָנטעווידעאָ. דער זיד־אַמעריקאַנער שפּאַניער ווייסט נאָך אַביסל ווי צו לעבן, און ער לאָזט נאָך אַביסל לעבן. לעבן און לעבן לאָזן, האָט נישט פאַראיבל פאַר דעם אַפּגעריבענעם ווערטל, אַבי עס מיינט צום לעבן.

2) כאַראָבע — אַ קרענק.

ער האָט מיר געגעבן אַ שטאַרקן קוועטש די האַנט, אַרונטערגעשפּרונגען פֿון לויפֿנדיקן צוג און נאָכגעלאָפֿן, מיט דעם שווערן בויך פֿאָראויס, היבשע עטלעכע טריט, פּאָכענדיק ענערגיש מיט אַ נאָזטיכל.

## VI

אַ יונגערמאַן פֿון אַ יאָר דריי־פֿיר־און־צוואַנציק איז אַריין צו מיר אין דעם ליידיקן קופּע. ער האָט זיך פֿאַרנייגט און אָוועקגעזעצט אַנטקעגן איבער מיר ביים פֿענצטער, וואָס האָט געהאַלטן אין איין פֿילמירן שטיקער וואַלד, פֿעלד, וואַסערלעך און אַ זומערדיקן הימל פֿון פּלעגמאַטישן בלוי. אַ גלייכגילטיקער הימל — מען דערזעט גלייך, אַז ס׳וועט נישט בליצן, נישט דונערן און נישט רעגענען אַ גאַנצן צי׳ענדיקן טאָג.

דער שלאַנקער יונגערמאַן האָט געשמייכלט מיט וואַרעמקייט, נאָך איידער ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו עפֿענען דאָס מויל.

איך האָב זיך אַנטשולדיקט פֿאַר מיין פֿאַרלעגענעם פּויליש. כ׳האָב אים דערקלערט, אַז דאָס איז ביי מיר דאָס ערשטע מאָל אין צוואַנציק יאָר, וואָס מיר קומט אויס אויסצופּאַקן אַ פּויליש וואָרט.

פֿונוואַנען? אַ פֿרעמדער?

ניין, נישט קיין פֿרעמדער, נאָר אַן אָפּגעפֿרעמדטער. אַזש פֿון ניו־יאָרק.

אויב אַזוי, מוזט איר שוין אַריינגעמען די טרייבלעך אין די אויערן און קריגן דעם ערשטן ווילקאָמען דורך אונדזער מוזיק.

ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף די ראַדיאָ־טרייבלעך און איך האָב אים געפֿאָלגט און זיי אַריינגעשטעקט אין די אויערן.

דער צוג איז געלאָפֿן און ס׳זענען אים נאָכגעלאָפֿן קוויטשן פֿון ביליקע קאַפֿע־שאַנטאַן לידלעך, וואָס האָבן מיר אַריינגעגרילצט אין די אויערן, אָבער איך בין אים דאַנקבאַר געווען פֿאַר דער עצה. די פּוילישע ביליקע לידלעך מיט די נאָך ביליקערע ווערטער האָבן איצטער געהאַט אַן אייגנאַרטיקן חן און זענען געווען פּונקט אַזוי פֿאַנאַראַמיש אַנדערש, ווי דאָס פּוילישע גראָז, די וועלדלעך און די טאָלן, וואָס זענען געלאָפֿן אינדרויסן.

גרויסאַרטיק — האָב איך אויסגערופן — די טאַנאַלע פלאָראַ און פאַונאַ פון לאַנד.

אָט־דאָס איז עס — האָט ער געשטראַלט — אונדזער אָרעמקייט, אונדזער פרייד און אונדזער טרויער. אונדזערס.

ער האָט געווישט די ברילן און געקוקט אויף מיר מיט זיינע פאַר־היכטע, ברוינלעכע אויגן. אָן די ברילן זענען די אויגן זיינע געווען ביסטרע, אָבער איצט זענען זיי געווען דורכגעשטראַלט פון אַ שמייכל. מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך געזען ווייניק אַזעלכע פוילישע יוגנט־לעכע פנימער. ס׳איז געווען אַ מהלך פון דעם שייגעץ מיט די פלאַקסענע האָר, קעלבערנע אויגן און פרישטשעוואַטע פנים, ביז דעם אייראָפּעישן פנים אַנטקעגנאיבער מיר. דאָס קולטיווירטע פנים איז שוין אויסגעכאָ־וועט געוואָרן אין דער אַטמאָספּערע פון אַן אייגן לאַנד. איך גיב עס אים אַלץ איבער אַזוי דעליקאַט ווי מעגלעך, אַפילו מיט דעם פאַרגלייך צום אַמאָליקן שייגעץ. איך דערקלער אים, אַז פונקט ווי פאַר דעם מוזיקאַלישן גרוס בין איך אויך דאַנקבאַר זיין אויסזען.

ס׳איז ניי און אַנדערש.

ער האָט געקאַרבט דעם שטערן און איך האָב דערזען די פאַרזאָרגט־קייט זיינע. אָט־דער יונגערמאַן, האָב איך געטראַכט, טראָגט כמעט אַ שטיק ייִדישן הויקער אויף די פּלייצעס. מיר טראָגן דעם הויקער פון לאַנדלאָזיקייט, און ער טראָגט אויף זיך דעם האַרב פון אַ יונג לאַנד, אַ יונגער מלוכהשאַפט מיט די מאָזלען און אַנדערע קינדער־קראַנקייטן. ער טראָגט דעם עול פון פאַראַנטוואָרטלעכער בירגערשאַפט.

מיר אַרבעטן שטאַרק, כדי אויפצוהייבן דעם פּרעסטיזש פון פוילן אין דער וועלט. — ער האָט ווידער אַרונטערגענומען די ברילן און זיי געווישט, אָבער דאָס מאָל איז עס געווען כדי אויסצומיידן מיין בליק — איר זענט דאָך אַ ייִד? — ער זאָגט זשיד, אָבער עס קומט אַרויס ווייך און אָן דעם ביס. — ביי אונדז זענען פאַראַן אַנדערע, וואָס שלעפּן די שיינע טראַדיציעס פון פוילן אַרונטער צו דער ערד, אָבער דאָס איז ווילדפלייש. מיר וועלן עס אויסשניידן.

ער גיט מיר אַ זיכערע האַנט, ווי ער וואָלט זיך אַליין געגעבן אַ

הייליקן נדר, וואָס ער נעמט אויף זיך פייערלעך. מיר פאַרשטייען זיך און רעדן מער נישט דערפון.

ער איז אַן אינזשיניער און ער אַרבעט פאַר דער רעגירונג. ער האָט געאַרבעט אין וואַרשע אַ קורצע צייט, נאָר איצט ווערט ער טראַנספע־רירט אין אַן אַנדער שטאָט, נאָענט צו זיין היים.

אָבער ער וויל כמעט נישט רעדן פון זיך. ער באַוואַרפט מיך מיט פראַגעס וועגן אַמעריקע, וועגן רוזוועלטן, וועגן מיין רייזע אַהיים נאָך צוואַנציק יאָר.

אויף ער פאָרט אַהיים, אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך מיט מיין פאָרן? ער האָט ערשט געזען זיינע עלטערן מיט אַ האַלב יאָר צוריק. און ביי מיר איז עס צוואַנציק יאָר. צוואַנציק יאָר! — ער קען זיך גאָרנישט אָפּ־וווּנדערן.

איך וואָלט באַדאַרפט פאַרמאַכן דאָס מויל און איך נישט שטערן זיך צו קאָנצענטרירן אויף דעם הייליקן מאָמענט. צוואַנציק יאָר אָפּגעפרעמד־קייט פון אייגן בלוט און פלייש, און איצט דער צוריקקום. עס איז אַ גרויסע דראַמע.

איך בעט אים דווקא, אַז ער זאָל יאָ רעדן. איך דערצייל אים, אַז נאָך די אַכט־ניין טעג פון מיין וואַסערדיקן און יבשהדיקן אונטערוועגס, פאָר איך אַהיים אַן עלנדער. ס׳דריקט ביים האַרץ. איך פיל זיך פאַרלאָזן און אַליין. ערשט געקענט אַזוי פיל מענטשן און שוין אַלעמען אָנגעווירן. זיי וועל איך שוין קיינמאָל נישט זען, אַפילו נישט אין צוואַנציק יאָר אַרום. צו זיי קאָן איך שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען.

גוט איז, זאָג איך, די קאָמיוואָיאַזשאָרישע כאַראַקטערן. זיי זענען פיראַטן פון מאָמענטן, זיי כאַפּן־אויף זאַכן מיט אַ גוטמוטיקער אויבנאויי־פיקייט. זיי וואָרצלען זיך אין ערגעץ נישט איין.

איך דערקלער אים, אַז אויפן וועג האָב איך געטראָפן זייער ווילדע מענטשן. איך האָב זיך איינגעלעבט אין דעם פלאַטער פון זייערע רייד. ס׳איז די גאַנצע צייט גאָרנישט געשען, נאָר מענטשן האָבן גערעדט און די רייד זענען געווען פאַר מיר נאָך אינטערעסאַנטער ווי די אינטערע־סאַנטסטע געשעענישן.

אינטערעסאַנט אַפילו, ווען איך האָב גאָרנישט געהערט. עס האָט

געזשומעט אַרום מיר מיט לעבן פון בלויז רייד, און איך בין געקראָכן צו זיך אין אַרכיוו פון אייגענע נאָכטראַכטונגען. נישט די האַנדלונג, נאָר דער דיאַלאָג מאַכט די דראַמע. דער קנייטש פון די ווערטער, די שטים, די מינע. עס איז אפשר מיין אייגענע שולד, אַביסל צו עגאָצענטריש פון מיין זייט, אָבער ס׳איז מיר גאַנץ אָפט אויסגעקומען, אַז זיי אַלע פירן מיך אונטער אויפן וועג אַהיים, איצט האָבן זיי מיך פאַרלאָזן און איך פאָר אַהיים איינער אַליין.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און איך האָב דערווייל צייט געהאַט דורכצוּוואַרפן אין געדאַנק עטלעכע פּנימער.

יאָ, האָט ער געענטפערט נאָך אַביסל נאָכטראַכטן. יעדער איינער פאַר זיך איז אַ שטיק איינזאַמקייט. פאַראַן אָבער איינזאַמע מענטשן, וואָס קענען אַרום זיך שטענדיק אויפשפּילן אַ גאַנצן דזשאַז־אָרקעסטער אין אַנדערע וואָס קענען דאָס נישט. עס וואָלט אָבער געווען מאָדנע, לייגט ער צו מיט אַ שמייכל, ווען איר שפּאַנט אַריין צו זיך אין הויז, נאָך 20 יאָר, מיט דער גאַנצע קאַפּעליע, מיט וועלכער איר האָט זיך באַקענט אויפן וועג. אַלע מוזן זיך פאַנאַנדערגיין ווען עס קומט צו שפּאַנען אויף דער אייגענער וויאַ דאָלאָראָזאַ 1).

זיין מאַמע, זאָגט ער, וואָלט נישט אויסגעהאַלטן, ווען ער וואָלט זי נישט געזען. כאָטש צוויי מאָל אַ יאָר. ער איז ביי איר אַן אָפּגעציטערטער, פון זעקס קינדער איז ער איינער פאַרבליבן. אַלע פינף זענען אויסגע־שטאָרבן. צוויי, נאָך איידער ער איז געקומען אויף דער וועלט און דריי, וואָס זענען געבאָרן געוואָרן נאָך אים. קינדער זענען די אומזיכערסטע זאַך אין די קליינע פּוילישע שטעטלעך. ביז צען־צוועלף יאָר קען מען נאָך קיין קינד נישט פאַררעכענען פאַר אַ זיכערן מיטגליד פון דער משפּחה.

איך האָב אויך דריי טויטע ברידער. צוויי זענען געשטאָרבן פאַר מיר און איין ברודערל, וואָס איז אַלט געווען אַ יאָר דריי־פיר, האָב איך שוין אַליין געזען שליסן די אויגן אויף אייביק.

איך האָב אומגעקערט דעם קאָפּ צום פענצטער און גענומען גיין אַליין פאַר זיך, ווי ער האָט פריִער געזאָגט, אויף דער וויאַ דאָלאָראָזאַ.

1) וויאַ דאָלאָראָזאַ — דער יסורים־וועג.

הערצקע, מיין ברודערל, וואָס האָט געבראַכט דעם טויט צו אונדז אין הויז. דער טאַטע און נאָך עטלעכע ייִדן שטייען איבער זיין וויגל ביי יציאת נשמה. דער טאַטע שרייט מיט אַלע כוחות שמע ישראל ה׳ אלוהינו. הערצקע גלייסט די אויגן און דער טאַטע באַגלייט זיין נשמה מיט יללהדיקע שמע ישראלס, ביז ס׳ווערט אינגאַנצן שטיל אין וויגל.

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. מיר אַלע זענען זיך געגאַנגען לייגן שלאָפֿן. דער טאַטע איז איינער אַליין געבליבן וואַכן איבער דעם טויטן וויגל. הערצקע איז נאָך אַלץ געווען מיט אונדז יענע נאַכט, ער איז נאָך נישט געווען אָפּגעשיידט. כ׳האָב זיך עטלעכע מאָל אויפגעכאַפּט ווי פון אַ פיבער און געהערט ווי דער טאַטע שלינגט פּסוקים און וויינט שטיל, אַז ער זאָל קיינעם נישט אויפוועקן.

באַלד אינדערפרי האָבן מיך אויפגעוועקט ניגונדיקע קלאָג־רייד, אָבער דאָס זענען שוין געווען דער מאַמעס. זי איז געזעסן ביים איבער־געדעקטן וויגל און האָט געוויינט, ווי זי וואָלט געלייענט פון טייטש־חומש, די ווערטער אירע זענען געווען אַלטע, וואָס מען נוצט נישט טאָג־טעגלעך, נאָר אַרויסגענומען פון הייליקע ווייבערישע ספרים. דאָס גאַנצע פרום־ייִדישע געדולד אירס איז שוין געווען געבראָכן. זי האָט זיך אויסגעטענהט מיט גאָט. זי האָט אים גענומען פאַרוואַרפן. איך האָב זיך אַרומגעדרייט אין הויז ווי אַ שטיק ווייטיק. אַלץ האָט מיר ווי־געטון. ס׳האָט מיר ווי־געטון דעם אָטעם אַפילו. איך האָב זיך געמאַטערט נישט צו אָטעמען, און אַז איך האָב שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן, האָב איך אָפּגעאָטעמט מיט אַ קרעכץ. איך האָב זיך געבעטן ביי דער מאַמען, אַז זי זאָל מיר כאָטש לאָזן אַ קוש־טון דעם גאָלדענעם קאָפּ זיינעם, אָבער זי האָט מיר מיט אַ געבראָכן געביט דערקלערט, אַז ס׳איז קעגן ייִדישן דין. זי האָט מיר אָבער פאָרט געמוזט צוליב־טון און אים אָפּדעקן.

זעסט שוין מיין קינד, וואָס עס איז געוואָרן פון זיין מלכותדיקער צורה.

עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרץ. די מאַמע האָט אַלץ באַוואָרפן גאָט מיט טענות. זי האָט אַרויפגעטענהט צום פאָלעפּ, צו אים אַליין, און ביי אים געמאָנט יושר. איז עס רעכט אַזוי, אַז אַזאַ יונג, שיין שטיק פרייד

זאָל פאַרשניטן ווערן און איצט גיין אין קבר. פאַרוואָס איז אַזאַ אומשול־דיק נפשל געקומען כרת.

פון פאַלעפּ איז נישט געקומען קיין ענטפער. איך האָב דערפילט, אַז זי האָט נאָך אַלץ נישט געענוג גרונטאָוונע אויפגעטרייסלט דעם כסא הכבוד. כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז צוויי פון מיינע ברידער זענען געשטאָרבן נאָך איידער איך בין אויף דער וועלט געקומען, בין איך דער מאַמען געקומען צו הילף און איר געגעבן נאָך אַ שטאַרקערע טענה קעגן זיין ליבנגאָמען.

מאַמע, אַ ייִד דאַרף געבן מעשר פון זיין פאַרמעגן, און ביי דיר האָט מען פון אויבן שוין אויפגעמאָנט אַ סך מער ווי מעשר. איז דאָס רעכט אַזוי ?

איך האָב געפילט ,אַז דאָס איז אַ וואַזשנע טענה. כ'בין געווען אי־בערצייגט, אַז אַזאַ טענה קען מען שוין נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט, ארונטערשלינגען און פאַרשווייגן.

די מאַמע האָט גלייך געכאָפּט די גערעכטיקייט פון מיין פאָרוורף צום רבונו־של־עולם און זי האָט זיך אויפסניי פאַנאַנדערגעקלאָגט.

רבונו־של־עולם, אַ ייִד דאַרף געבן מעשר פון זיין פאַרמעגן, און דו האָסט ביי מיר שוין אויפגעמאָנט אַ סך מער ווי מעשר. איז דאָס רעכט אַזוי ?

איך האָב זיך אַביסל געקילט. ס'האָט מיר הנאה געטון, וואָס מיין מאַמע, אַ דערוואָקסענער מענטש, באַנוצט זיך פּינקטלעך מיט מיינע רייד און איר דין־תורה מיט גאָט. איך האָב געפילט, אַז מיר האָבן אים געפּאַקט. איך, די מאַמע און הערצקע האָבן געוווּנען די דין־תורה. קעגן אַזאַ טענה קען שוין גאָר קיין רעכטפאַרטיקונג נישט זיין. גאָט אַליין מוז זיך איצט שעמען, אָבער ס'איז אַ רחמנות, דער שאָדן איז שוין אָפּגעטון. די געלע ליאַלקע וועט שוין מער נישט ווערן קיין לעבעדיקער הערצקע. אָבער וואָס מער די מאַמע האָט אַרויפגעשיקט מיינע רייד צום אויסגעקאַלכטן פאַלעפּ, אַלץ מער האָב איך זיך געקילט. אונדזער צד האָט געוווּנען און דאָרטן אויבן איז מען דערשלאָגן, ווייל מען האָט נישט קיין רעכטן ענטפער.

באַלד איז געקומען אַ ייִד מיט אַ בלינד אויג און אַ קרומען, באָטש־

נעם 1) גאַנג. אויף איין זייט האָט ער געטראָגן אַ קעסטל, אַריבערגעוואָרפן מיט אַ רימען. ער האָט זיך געדרוקט זייטיק ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַריינשמוגלען. ער האָט אויסגעזען ווי אַ מוזיקאַנט מיט אַ טויטער מאַנדאָ־לינע. די מאַמע האָט זיך געגעבן אַ ריס. ער איז געשטאַנען מיט הילפֿ־לאָזע פֿלייצעס און — ווי מאַן צו מאַן — געזוכט שוץ ביים טאַטן, וואָס האָט אים אַריינגעפֿירט אין הויז מיט אַ געיאָמער.

כ׳האָב געבעטן אַנטשולדיקונג ביי מיין שכן פֿאַר דעם לאַנגן טראַנס.

די מאַמע מיינע איז זייער קראַנק, האָב איך אים געגעבן אַ זאָג, ווייל דער געדאַנק האָט מיר פּלוצים אַ שלאָג־געגעבן אין קאָפּ, ווער ווייסט ווי עס האַלט מיט איר!

דאָס גראָז וואָס איז געלאָפֿן פֿאַרביי די באַן־פֿענצטער האָט אויסגעזען פֿאַרקוואַרט פֿון דער ברענענדיקער זון. אַן אַלטער הונט האָט נאָכגעבילט דעם צוג. אַ קליין טרויעריק יינגל האָט געפֿאָכעט מיט דעם היטל זיינס. אַ געדיכט וועלדל האָט אַ כאַפּ־געטון די זון און זי צעבראָכן אויף טויזנ־טער שפּריצלעך ליכט, וואָס האָבן באַגילדט די ביימער.

מיין שכן האָט גאָר אויפֿגעלעבט, ווען איך האָב אים איבערגעגעבן, אַז איך קלייב זיך צו פֿאָרן קיין סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

סאָוועטנפֿאַרבאַנד! זיין פּנים האָט זיך גלייך צוריק פֿאַרכמורעט. ער האָט אַרונטערגענומען די ברילן, זיי געווישט מיט דעם נאָזטיכל און גע־קוקט אויף מיר מיט זיינע ביסטרע אויגן.

וואָס פֿאַר אַ גרוס זאָל איך זיי איבערגעבן אין נאָמען פֿון אַן אינטע־ליגענטן, פּוילישן יונגנמאַן?

ער האָט אַלץ געווישט די ברילן ביז ער האָט גענומען ציילן די ווערטער.

אין נאָמען פֿון אַ גרויסן טייל פֿון דער פּוילישער יוגנט — האָט ער גערעדט געלאַסן, אָבער מיט דער פֿייערלעכקייט פֿון אַ רעדנער — זאָגט זיי, אַז מיר פֿאָלגן נאָך מיט גרויס נייגעריקייט אַלץ וואָס ווערט געטון אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד. מער קען איך אייך נישט זאָגן. אָבער שטרייכט פֿאַר זיי אַבסאָלוט אונטער, אַז מיר זענען נייגעריק. זאָגט זיי, אַז מיר זענען

1) באַטשנעם — זייטיקן.

אַזוי נייגעריק, אַז זיי האָבן אַזש לגבי אונדז אַ מאָראַלישע פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט. דערפֿאַר מוזן זיי זיך אויסהיטן פֿון באַגיין פֿעלערן. עס וועט זיך אָפּרופֿן אויף אונדז, עס וועט פֿאַרלאַנגזאַמען אונדזער טראָט. זייערע פֿע־לערן זענען אַן עוולה קעגן אונדז ווי אַ גרענעץ־לאַנד, אַן עוולה אַנטקעגן דער גאַנצער וועלט, אָבער די וועלט איז ווייט פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד און מיר זענען נאָענט, מיט דער האַנט צו דערגרייכן.

פּלוצים האָט ער אַ קוק געגעבן אויף זיין זייגער און זיין פּנים האָט אויפֿגעלויכטן.

נאָך אַ האַלבע שעה און איר קומט צום ציל. גענוי נאָך 32 מינוט שוין! נישטאָ קיין 32 מינוט.

ער האָט גענומען פֿיבערן מיט מיין אָנקומען אַהיים.

פֿון צוואַנציק יאָר אָפּגעפֿרעמדקייט זענען פֿאַרבליבן — ער האַלט דעם זייגער אין דער האַנט — גענוי נאָך 31 מינוט.

ער האָט גענומען אַרויסקוקן פֿון פֿענצטערל און איז געוואָרן אויפֿ־געלייגט און אומרויִק. ער האָט נישט צוריקגעלייגט דעם זייגער און גע־האַלטן אין איין פֿאַרצייכענען די מינוטן.

און וואָס מער ער האָט געפֿיבערט מיט מיינע מינוטן, אַלץ מער איז אין מיין געדאַנק לעבעדיק געוואָרן אַן אומבאַקאַנטער קאַטאָרזשניק, מיט אַ ווילדן קאָפּ האָר און צעוואַקסענער באָרד. אַן עפּיזאָד, אַ כאַראַקטעריס־טיש מעשהלע, אָדער גלאַט אַ לעגענדע וועגן טשעכאָוון. איך האָב דעם עפּיזאָד איצט דראַמאַטיזירט — איך מיט מיין צעהיצטן פּנים ביים קילן פֿענצטער און ער מיט דעם זייגער אין האַנט.

אַ קאַטאָרזשניק, וואָס איז באַפֿרייט געוואָרן נאָך אַ צענדליק יאָר אין סיביר, פֿאָרט אַהיים צו זיינע עלטערן. טשעכאָוון האָט דאָס שטיקל כראָניק, וואָס איז געווען פֿאַרשטעקט ערגעץ אין דער צייטונג, אַזוי פֿאַר־כאַפּט, אַז ער האָט געלעבט מיט דעם עטלעכע טעג. ער האָט נישט גע־קענט רוען, ער האָט געהאַלטן אין איין נאָכפֿאָלגן די גאַנצע רייזע פֿון שטאָט צו שטאָט. ער האָט שטודירט מאַפּעס און באַן־טאַבעלעס, ביז ער האָט געוווּסט אויף באַשטימט די שעה און די מינוט, ווען דער קאַטאָרזש־ניק דאַרף אָנקומען אַהיים און פֿאַלן אַלטע טאַטע־מאַמע אויפֿן האַלדז. ס'איז געווען אַ לאַנגע און שווערע רייזע, אָבער אין יענעם טאָג, ווען דאָס

האָט שוין באַדאַרפֿט געשען, איז טשעכאָוו געווען אַזוי צערודערט פֿון פֿריידיקער אומגעדולד, אַז ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפֿינען. ער האָט געריסן דעם זייגער פֿון קעשענע. נאָך פֿיר שעה, נאָך צוויי שעה, נאָך אַ שעה, נאָך אַ האַלבע שעה, מינוטן. אַזוי האָט טשעכאָוו דורכגעלעבט די גאַנצע דראַמע פֿון באַפֿרייונג.

מענטש, איר האָט נאָך אפֿשר צוויי־דריי מינוט. אפֿשר דאָס אויך נישט.

דער צוג האָט אַרויסגעלאָזט עטלעכע געדיכטע פֿייף. ס'האָבן זיך פֿריִער געוויזן באַווייזן פֿאַבריק־קוימענס און דערנאָך עטלעכע מיניאַ־טור־הייזלעך אַרומגעצירט מיט גרינס. עס איז שוין געווען נאָענט צו פֿאַר־נאַכט און די אָרעמע, ציכטיקע הייזעלעך האָבן זיך געשפּיגלט אין אַ קילער זון. דער פּוילישער יונגערמאַן איז געשטאַנען לעבן מיר און גע־האַלטן די האַנט אויף מיין פּלייצע, ווי ער וואָלט מיר געוואָלט לייכטער מאַכן די שווערע מינוט. ער האָט געהאַט טרערן אין די אויגן. דער צוג האָט גענומען סאָפּען לאַנגזאַמער. צוזאַמען מיט דעם קאָנדוקטאָר האָט דער יונגער פּאָליאַק אויסגעזונגען מיט פֿרייד:

ל ו ב — ל י ן !

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

**ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע**

**רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו**

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

31) **שמחה פּאָליאַקיעוויטש** — אַ טאָג אין טרעבלינקע

32) **מרדכי שטריגלער** — אין די פֿאַבריקן פֿון טויט

33) **אברהם נחתומי** — אין שאָטן פֿון דורות

34) **יחיאל לערער** — מיין היים **(אויספֿאַרקויפֿט)**

35) **יוסף וואָלף** — לייענענדיק פּרצן...

36) **צפּורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו** — יצחק קאַצענעלסאָן!

37) **י. הירשהויט** — פֿינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק

38) **נחום סאָקאָלאָוו** — פּערזענלעכקייטן

39) **רחל קאָרן** — היים און היימלאָזיקייט **(לידער)**

40) **א. אלמי** — מאָמענטן פֿון אַ לעבן

41) **מנשה אונגער** — פּשיסכע און קאָצק **(אויספֿאַרקויפֿט)**

42) **מ. בורשטין** — איבער די חורבות פֿון פּלוינע

43) **מ. קיפּניס** — הונדערט פֿאָלקס־לידער **(אויספֿאַרקויפֿט)**

44) **ז. יעזשאָלאָוויטש** — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב **(אויספֿאַרקויפֿט)**

45) **ד״ר ה. שאָשקעס** — אַ וועלט וואָס איז פֿאַרביי... **(אויספֿאַרקויפֿט)**

46) **שלמה וואַגאַ** — חורבן טשענסטאָכאָוו

47) **אברהם זאַק** — יאָרן אין וואַנדער **(לידער)**

48־49) **ש. איזבאַן** — פֿאַמיליע קאַרפּ **(אויספֿאַרקויפֿט)**

(פֿאַרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פֿאָנד, מעקסיקע 1950)

50) **ד״ר א. מוקדוני** — מיינע באַגעגעניש **(זכרונות)**

51) **ר. שושנה־קאַהאַן** — אין פֿייער און פֿלאַמען **(אויספֿאַרקויפֿט)**

52) **י. י. טרונק** — די יידישע פּראָזע אין פּוילן

53) **יאָנאַס טורקאָוו** — אין קאַמף פֿאַרן לעבן **(אויספֿאַרקויפֿט)**

54) **יצחק פּערלאָוו** — די מענטשן פֿון „עקזאָדוס 1947" **(ראָמאַן)**

55) **פּנחס ביזבערג** — שבת־יום־טובדיקע יידן

56־57־58) **שלום אַש** — פּעטערבורג — וואַרשע — מאָסקווע

59) **ד״ר פֿיליפּ פֿרידמאַן** — אָשוויענטשים

60) **ב. ראָזען** — טלאָמאַצקע 13

61־62) **דוד פֿלינקער** — אין שטורעם **(ראָמאַן)**

63) **יאַנוש קאָרטשאַק** — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך

64־65) **מרדכי שטריגלער** — „ווערק צע"

(פֿרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פֿאָנד ביים
יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1951)

66) **חיים גראַדע** — שיין פֿון פֿאַרלאָשענע שטערן

67) **רבקה קוויאַטקאָווסקאַ** — פֿון לאַגער אין לאַגער

68) **יואל מאַסטבוים** — מיינע שטורמישע יאָ . **(זכרונות)**

69) **אליהו טראָצקי** — גלות דייטשלאַנד

70) **ד״ר י. שאַצקי** — קולטור־געשיכטע פֿון דער השכלה **(אויספֿאַרקויפֿט)**

71) **נחמן מייזיל** — געווען אַמאָל אַ לעבן... **(אויספֿאַרקויפֿט)**

72) **י. י. טרונק** — סימכע פּלאַכטע פֿון נאַרקאָווע **(אויספֿאַרקויפֿט)**

(פֿרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פֿאָנד, מעקסיקע 1951)

73) יהודה עלבערג — אונטער קופּערנע הימלען (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן ליטעראַטור־פאָנד אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל, 1951)

74) ד״ר א. מוקדוני — אויסלאַנד

75) זיגמונט טורקאָוו — פראַגמענטן פון מיין לעבן

76) יהושע פערלע — ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן און ליטעראַטור־פרעמיע פון „בונד״ אין פוילן, וואַרשע 1937.

77) יעקב לעשצינסקי — ערב חורבן

78) דניאל טשארני — ווילנע

79) ז. סעגאַלאָוויטש — דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן

80) יזכור־בוך — בעלכאַטאָוו (אויספאַרקויפט)

81) מ. י. שעליובסקי — אויף אַ פולער יואַך

82—83) יצחק פערלאָוו — דער צוריקגעקומענער (ראָמאַן)

84) יוסף אָקרוטני — דאָס בוך פון די עלנטע

85־86) מרדכי שטריגלער — גורלות

87) ד״ר יוסף טענענבוים — גאַליציע — מיין אַלטע היים

88) זלמן שזר — שטערן פאַרטאָג (זכרונות)

89) משה דוד גיסער — דאָס געזאַנג פון אַ לעבן (אויספאַרקויפט)

90) ז. י. אנכי — ר׳ אבא און אַנדערע כתבים

91־92) עמנואל רינגעלבלום — קאַפּיטלען געשיכטע

93) שמעון האָראָנטשיק — אין גערויש פון מאַשינען (ראָמאַן)

94) גרשם באַדער — מיינע זכרונות (קראַקע)

95—96) יאָנאַס טורקאָוו — פאַרלאָשענע שטערן (זכרונות)
(פרעמירט דורכן צבי קעסעל ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1954).

97—98) אַליטער קאַציזנע — שטאַרקע און שוואַכע (ראָמאַן)

99) פועה ראַקאָווסקי — זכרונות פון אַ ייִדישער רעוואָלוציאָנערין

100) מאַרק טורקאָוו — די לעצטע פון אַ גרויסן דור

101) י. הירשהויט — ייִדישע נאַפט־מאַגנאַטן
(פרעמירט דורכן מרדכי סטאָליאַר ליטעראַטור־פאָנד, ביי „די אידישע צייטונג״ בוענאָס־איירעס, 1955).

102) משה זאַנשיין — ייִדיש וואַרשע

103) פּ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — די געשיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע

104) — י. י. טרונק — די וועלט איז פול מיט נסים (ראָמאַן)

105־106־107) — מיכאל באָרוויטש — אַרישע פּאַפּירן

108־109) מרדכי שטריגלער — געאָרעמט מיטן ווינט (ראָמאַן)

110־111) ד״ר א. מוקדוני — וואַרשע און לאָדזש.
(פרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1956).

112) ברוך האַגער — מלכות חסידות
(פרעמירט דורכן מרדכי סטאָליאַר ליטעראַטור־פאָנד ביי „די אידישע צייטונג״, בוענאָס־איירעס, 1956).

113) ב. שעפנער — נאָוואָליפּיע 7 (זכרונות)

114) פנחס שטיינוואַקס — ייִדן צום געדענקען
115) ק. צעטניק — דאָס הויז פון ליאַלקעס
116) מאַקס ווײַנרייך — פון ביידע זייטן פלויט (וועגן אורי קאָוונער)
117) אליעזר וויזל — און די וועלט האָט געשוויגן
118) ש. בערלינסקי — ירושה
119) ד״ר יוסף טענענבוים — צווישן מלחמה און שלום
120) יוסף אָקרוטני — סוף קאַפּיטל
121) זיגמונט טורקאָוו — טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער צייט
122) בער י. ראָזען — פּאַרטרעטן
123) אברהם טענענבוים־ארזי — לאָדזש און אירע ייִדן
124—125) משה קאַגאַנאָוויטש — די מלחמה פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער, אין מזרח־אייראָפּע
126—127) אברהם זאַק — קנעכט זענען מיר געווען
128) יעקב גלאַטשטיין — ווען יאָש איז געפאָרן

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

דוד פלינקער — נייע צייטן (ראָמאַן)
ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט — זכרונות פון קראָקע
מ. י. שעליובסקי — איין מענטש

## עס גרייט זיך צום דרוק

לעאָן לענעמאַן — דער חשבון בלייבט אָפן
שלמה פראַנק — טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ
מלך באַקאַלטשוק־פעלין — זכרונות פון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַן
פנחס וועלנער — דערציילונגען

## פּראָטעסט־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע יידנטום



**חיים לייב פוקס** שרייבט וועגן ב. שעפנערס בוך „נאָוואָליפּיע 7" („אונדזער צייט", ניו־יאָרק, דעצעמבער 1955):

ווען מען זאָל וועלן אין קורצע שטריכן כאַראַקטעריזירן ברוך שעפּנערס שרייבערישן וועג, וואָלט מען עס געקענט טאָן דורך איין איינציק וואָרט: געמיט. אָט דאָס איינע וואָרט וואָלט קלאָר געוויזן שעפּנערס פּנים, זיין אינעווייניקסטן תוך, מיט וועלכן ער גייט צו צו זיין שרייבערישער עבֿודה.

שעפּנערס וועג אין דער יידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק, איז נישט בלויז דאָס וואָרט, וואָס ער ברענגט אַרויס אין זיין אייגענע גאַמע. אין זיין אויסטייטשונג. ער וויל דורכן וואָרט קומען צום מענטש און צו זיין חלום. שרייבן הייסט ביי שעפּנערן קעמפן. דעריבער שפּיגלט אָפּ זיין שרייבן די שטרעבונגען פון זיין דור, וואָס האָט זיך געצויגן אַרויף — צו דער פרייהייט.

אין „נאָוואָליפּיע 7" איז ווייניק פון שעפּנערס אייגן לעבן, וואָס ער האָט נאָר שאָטנדיק געוויזן אויפן פּאָן פון יענע גרויסע פּערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות; דאָך איז אין יעדער שורה פאַראַנען פון דער מי־ליע פון קלעטערן... און ווייל יענער גאַנג איז תמיד געווען צום אַרויף, וואָס האָט געהייסן באַנייונג פון יידי־שן מאַסן־לעבן, זעט מען אין דעם




בוך ניט נאָר די שיינע פּערזענלעכ־קייטן, וואָס זענען געווען די פירער, נאָר אויך די מאַסן, וואָס האָבן אויך געצילט צום חלום פון אַ פרייער מענטשהייט...

אין זיין אַריינפיר צום בוך גיט שעפּנער אַ זייער קליינע התנצלות וועגן מהות פון בוך, פון וועלכן מיר

קענען אָבער פיל לערנען. ער זאָגט דאָרטן, למשל, אַז ער זעט תמיד פאַר זיך דאָס פענצטער, וואָס כאָטש עס איז צוזאַמען מיטן פוילישן ייִדנטום אומגעקומען, וועט עס פאַר אים בלייבן אָפן אַזוי לאַנג, ווי זיינע אויגן וועלן בלייבן אָפן... דאָס פענצטער פון דער רעדאַקציע „פאָלקס־צייטונג איז פאַר אים נישט קיין רעמיניסצענץ בלויז, נישט קיין נאָסטאַלגיע; די מענטשן, וועגן וועלכע ער זינגט (מען קען אויך זינגען אין פּשוטע ווערטער), זענען ליכטיקע זונען, וואָס וואַרעמען אויך היינט. שעפנערס פענצטער פון נאָוואָליפּיע 7, איז ניט בלויז זיין פענצטער, נאָר אויך דאָס פענצטער פון ייִדישן מאַסן־מענטש צו דער וועלט, צו פרייען ווילן.

בעת שעפנער גיט קורצע כאַראַקטעריסטיקעס פון זיינע חבֿרים אין דער רעדאַקציע פון „פאָלקס־צייטונג" גיט ער זיי נישט נאָר אין זייער יחידישן לעבן, וואָס איז אויך גענוג כאַראַקטעריסטיש דורך זייער הערלעכן אופן, דורך זייער באַציִונג בין אדם לחברו, נאָר ער ווייזט זיי דער עיקר אויפן פאָן פון ייִדישן לעבן, פון די חלומות, וואָס זענען געווען דאָס שטרעבן פון מאַסן, וועלכע האָבן זיך דורך זייערע פירער אויפגעהויבן און געקענט אַריבערקוקן פון זייער עלנט צום מאָרגן און דורך דעם איז אויך לייכטער געוואָרן זייער פינצטערער היינט.

שעפנער, דער מיטרעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס־צייטונג", וואָס האָט געהאָלפן מאַכן זי פאַר דער בעסטער ייִדישער צייטונג אין פּוילן, האָט אין זיינע אַרבעטן תמיד אַריינגעזונגען אַ ניגון, וואָס ער האָט אים געהערט פון פּרצעס ווערק. אָט דער ניגון האָט געצערטלט כמעט אַלע מיטאַרבעטער פון דער „פאָלקס־צייטונג" און בעת מיר זעען די פּנימער פון אונדזערע טייערע ביינוש אָדער כמורנער, וואָס זינגען דעם נייעם ניגון פון דער ייִדישער ליטעראַטור, צוזאַמען מיטן ניגון פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און מיטן ניגון פון זייער יוגנט, באַקומט זיך אַ קאָלאָסאַל בילד, דורך וועלכן מיר זעען די גאַנצע אינערלעכע וועלט פון די גרויסע פערזענלעכקייטן. עס פלאַטערן די פּנימער פון מעדעם און וויקטאָר שולמאַן, מיכאַלעוויטש און קאָסאָווסקי מיטן פלאַטער פון אַ פרימאָרגן, וואָס ברענגט פרישקייט.

שעפנער פאַרקערפערט אַ המשך, וואָס איז אייגנאַרטיק פאַרן נייעם ייִד, דעריבער איז פאַר אים וויכטיק צו דער ברידערלעכקייט פון זיינע געדאַנקען אַריינצוואַרפן דאָ און דאָרט אַ פּסוק פון אַ גרויסן ייִד. און נישט צופעליק ציטירט ער דאָס וואָרט פון שאַפער פון חסידיזם, דעם בעל־שם, אַז „אַ מענטש איז טיפער פאַר אַ בלאַט גמרא". עס איז דערינען דאָ אויך פון זיין אייגענעם גאַנג, וואָס איז דורך דעם ווילן צו זיין אַ מענטש געקומען פון דער ישיבה־באַנק צו דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, צום „בונד", ווייל טאַקע ביים „בונד" האָט ער ערשט געזען דעם טייטש אַז, —אַ מענטש איז מער פאַר אַ טויטן פּסוק...

אין זיין עסיי „ערליך־אַלטער, אַלטער־ערליך", ברענגט ער אַרויס אַזעלכע דינע טענער, אַזעלכע ניואַנסן פון די צוויי גרויסע בונדישע פירער, אַז מיר ווערן אַרומגענומען

מיט אַ שטאָלץ, וואָס מיר זענען גע־
וועזן מיט זיי נאָענט... שעפּנערס שיל־
דערן די מינוטן, ווי אין אַנבליק פון
טויט, איז וויקטאָר אַלטער נישט
פאַרנומען מיט זיך, נאָר מיט „דער
נייער פיזיק״ וועגן וועלכער ער
גלויבט, אַז עס וועט ברענגען גליק
צו די קומענדיקע דורות, איז פון אַזאַ
מדרגה, אַז נאָר אין מוזיק אָדער
דיכטונג, קען מען געפינען איר גליי־
כן... די סצענע, ווען ערליך, אין זיין
טויטן־קאַמער, מיט די טויטן־לאַטשן
אויף די פיס, גיט אַוועק די לעצטע
שעה צו טרייסטן אַן אַנדערן צום
טויט פאַרמשפּטן אין די רוסישע
טורמעס, ווירקט אַזוי שטאַרק, אַז מיר
פאַרשעמען זיך פאַר דער פּשטות פון
הענריק ערליך, וואָס נאָר ער איז
געווען פעיק צו אַזאַ קרבן פאַרן
מענטש בכלל.

ציל־באַוווסט איז דאָס אַריינגעמען
אין דעם בוך אויך די עסייען וועגן
יידישע שרייבער. עס איז ביי שעפּ־
נערן איין וועג דער וועג פון די גיי־
ער, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן אַרי־
בערצושפּאַנען גרענעצן. שעפּנער
געפינט ביי פּרצן אין זיין שרייבן
דעם באַזונדערן שטריך. — דאָס
אַריבערשפּאַנען דורך פּרצן די מחיצה
פון וואָרט צום ניגון, איז ווי דער
גאַנג צו אַ חלום, וואָס קען ווערן
וואָר. פּרץ, זאָגט שעפּנער, האָט אַרי־
בערגעשפּאַנט אין זיינע נאָוועלן דעם
תהום פון דער מרא שחורה, וואָס
האָט באַהערשט די יידישע גאַס און
איז דערהויבן געוואָרן דורכן קול,
דורכן ניגון פון יידישן מענטש. דער
ניגון, וואָס הייבט זיך „העכער, הע־
כער״ אין יידישן לעבן...

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז בעת
שעפּנער קומט צום יידישן שרייבער,
לאָזט ער אים נישט זיין נאָר אַ שריי־
בער. ער וויל מער און געפינט עס.
איז דעריבער וויכטיק, וואָס ביים
כאַראַקטעריזירן דעם טונקעלן, זעט
ער נישט בלויז זיין פּנים, נאָר דער
עיקר — די יידן, וואָס פּילן אָן די
אָרעמע זאַלן אין די קליינע פּוילישע
שטעטלעך און ווערן דורכן טונקעלן
אָנגעפּילט מיט געלעכטער... אַ מיטל
אין קאַמף מיט די שונאים...

אין זיין פּאָרטרעט פון ב. יאושזאָן,
ווייזט שעפּנער קודם־כל די שריי־
בערישע אייגנשאַפט און שוואַכט־אָפּ
די קעמפערישקייט, כאָטש ער אַליין
איז קעגן אים און זיינע אידעען נישט
איינמאָל פריִער אַרויסגעטראָטן. ער
גיט אים אויפן פּאַן פון זיינע ספקות,
וואָס קומען אַרויס אין דער פאָרעם
פון פערזענלעכע באַגעגענישן און
דער עיקר דורך זיינע לעצטע בריוו.
און ער ברענגט יאושזאָנס בריוו,
נישט ווייל דאָס איז זיין פּערזענלעכע
באַצייונג, נאָר ווייל דאָס גיט דעם
שפּיגל פון אַ יידישער פּערזענלעכ־
קייט, וואָס האָט אין זיינע לעצטע
מינוטן געגלויבט „אַז מיר וועלן זוכה
זיין״, וואָס דאָס מיינט: ווייטער צו
קעמפן מיט אידעען און פאַר אידע־
ען... און ווען שעפּנער זאָגט: „ביין,
מיר וועלן נישט זוכה זיין״, פילט מען
דעם ציטער, דעם טרויער פון אַ
יידישן שרייבער, וואָס איז אין אַבי־
לות צוליבן אומקום, וואָס איז אויך
אַ טייל פון זיין אייגן לעבן...

דאָס זעלבע איז אויך חל אויף די
אַרבעטן וועגן די דיכטער ז. סעגאַ־
לאָוויטש און איציק מאַנגער. שעפּנער
געפינט די אינטימסטע שטעגלעך
צום וויכטיקסטן פּינטל פון דיכטע־

רישן מהות. מוז ער דעריבער ברענ־גען ביי סעגאַלאָוויטשן די ציטאַטן פון זיינע לעצטע ביכער וועגן חורבן, מיט וועלכע סעגאַלאָוויטש האָט זיך פּאַראייביקט ווי דער מקונן פון פּוי־לישן ייִדנטום און ביי מאַנגערן ברענגט ער אַרויס די מאָטיוון, וואָס זיינען פול מיט אהבת ישראל. שעפּ־נערס ציטאַט פון מאַנגערס ליד וועגן קריג פון ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעװ־ווער מיט גאָט, איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס אין דער אידעע גע־פינט ער די באַרעכטיקונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס דאַרף זיין דער אויסדרוק פון דעם פאָלקס פּיי־נען און פריידן.

אין זיין פּרעכטיקער עסיי וועגן שלמה מענדעלסאָן, גיט ער נישט ווי אַן עיקר די מאָמענטן פון זיין וויכ־טיקער אַרבעט אויף פאַרשידענע גע־ביטן און זיין גאַנג צום „בונד״, נאָר עס פלאַטערט אויף אונדז, ווי אויף מענדעלסאָנען, דער פלאַטער פון פּרעצעס פּעלערינע, וואָס אין אירע פליגל שוועבט מענדעלסאָן און גע־פינט אין „בונד״ זיין ניגון, וואָס הייבט אים אויף „אויב נישט נאָך העכער״...

אין דער אַרבעט וועגן צביונען זעט מען שעפּנערן דעם נאָענטן צו צביונען אין אַ געביט, אין וועלכן שעפּנער לעבט זיך אינגאַנצן אויס. די שטריכן וועגן צביונען דעם פּעליע־טאָניסט, קענען אויך זיין דער שליסל צו שעפּנערן אַליין, וואָס ציט זיין שרייבערישע יניקה פון דעם איירא־פּעישן פּעליטאָן, וואָס ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך פון זיינע ווינער יאָרן, ווען ער איז אַנטלאָפן פון דער לאָדזשער ישיבה צום „בונד״ און צו איראָפּע...

אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל זענען שעפּנערס „אָפּקלאַנגען פון דאָרטן״. מיר פילן אין זיי די טיפע ציטערן פון אַ מענטש אין אונדזער צייט. זיי־נע: „מאַמע, וואָס איז אַזוינס מלחמה״, „אַ צעבראָכן גלאָז״, „די פרוי מיטן הינטל״, „מיין געראַטעוועטע שוועס־טער״ און אַנדערע, וואָס ביי שעפּ־נערן זענען זיי אין בחינה פון פּעליע־טאָנען, וואַקסן אַרויף, בעת מיר באַ־טראַכטן זיי אין זייער פאַרנעם און שטילער טראַגיק, צו קליינע נאָוועלן פון לעבן. ער וויזט אונדז די גרויע ווירקלעכקייט אין זיין ליכט און דער מוסר־השכל איז: שפּאָן מענטש אַרי־בער! דעריבער קען ער נישט ענדיקן מיט די מינאָרע טענער, וואָס רופט אַרויס דער חורבן; נאָר ער ברענגט צום סוף פון בוך צוויי קורצע נאָוועלן „די מעקסיקאַנערין מיטן בעטלער־קינד״ און „מיין טאַטע״, וואָס דאַרפן באַווייזן, אַז דער מענטש דאַרף תמיד געדענקען אין העכערע צילן.

דער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנ־טום״ אין אַרגענטינע, וואָס שעפּנערס בוך „באָוואָליפּיע 7״ איז זיין 113 נו־מער, פאַרדינט אַ גרויסן לויב. דורך אַזעלכע ביכער ווערט געשטאַרקט דער גלויבן אין ייִדישן מענטש און אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

---

JACOB GLATSTEIN

# CUANDO IASH VIAJÓ

(VEN IASH IZ GUEFORN)



Editado por la
UNION CENTRAL ISRAELITA POLACA EN LA ARGENTINA
Buenos Aires, 1957

